יעקב מילך

# פון וואַנען שטאַמט רעליגיע
# און אַנדערע עסעים.

פערלאַג „אַמעריקאַ"
ניו יאָרק.

יעקב מילך

# פון וואַנען שטאַמט רעליגיע

## און אנדערע עסעיס

דריטער באַנד

ניו יאָרק, 1920.

## איז רעליגיאָן איינגעבוירען?

איז רעליגיאָן אן אנגעבוירענעם געפיהל? — דיזע פראגע מוז פארענטפערט ווערען איידער מיר קענען איבערגעהן צו אונזער הויפּטפּונקט. פון גייסטליכע און איבערהויפּט רעליגיעזע מענשען איז שוין גאָר אָפּגערעדט — זיי האָבען זיך גאָר ניט גע־קענט פאָרשטעלען, אז מענשען זאָלען קענען עקזיסטירען אָהן א געפיהל אָדער א באגריף וועגען עפּעס א העכערען וועזען, א גאָט. נאָר זאָגאר פרייע נאָכפאָרשער האָבען געוועהנליך אויסגעדריקט די איינגעוואָרצעלטע מיינונג, אז מענשען ווערען געבאָרען מיט א רעליגיעזען געפיהל. דיזע מיינונג האָט די לעצטע צייט באקו־מען א שטארקען קלאַפּ דורך די נייע פאקטען, וואָס געלעהרטע האָבען ארויסגעבראכט.

ווען עס זאָל אמת זיין, אז דער מענש ווערט געבוירען מיט א רעליגיעזען אינסטינקט, מיט איינגעבוירענע באגריפען וועגען גאָטהייט, וואָלט דאָך אויסגעקומען, אז ווען מיר זאָלען, למשל, נעמען א קינד פון עטליכע וואָכען און איינשפּארען אין א בא־זונדערען צימער אזוי, אז עס זאָל קיין מאָל ניט האָבען די גע־לעגענהייט צו הערען עטוואָס וועגען גאָט אָדער רעליגיאָן, וועט דיזעס קינד, פון דעסטוועגען, אויסוואקסענדיג, האָבען א בא־גריף פון א גאָט, וועט פיהלען, אז עס איז עפּעס דאָ ערגעץ־וואו אן אלמעכטיגער, וואָס האָט באשאפען די וועלט און אלעס אין איהר. עס וואָלט זיך אויך ניט באדארפט געפינען איין פאָלק אויף דער וועלט אָהן באגריפען וועגען א גאָט. עס זיינען אָבער פאראן פילע פאקטען, וועלכע באווייזען גראָד דעם געגענטייל אין ביידע פאלען:

דער טויבער דאָקטאָר קיטא אין זיין בוך „די פארלוירענע חושים", ברענגט די עדות פון אן אמעריקאנער טויב־שטומער ליידי, וועלכע האָט ערקלערט, דאָס „די אידעע, אז די וועלט האָט

געמוזט האָבען א באשעפער איז ניט איהר, ניט אנדערע אינ־טעליגענטע טויב־שטומע פון דעמזעלבען עלטער, ווען עס איז אויף דעם געדאנק ארויפגעקומען". רעווערענד סאמיועל סמיט, וועלכער האָט זיך גאנצע 28 יאָהר, כמעט יעדען טאָג, צוזא־מענגעטראָפען מיט טויב־שטומע, שרייבט וועגען איינעם פון זיי: „ער האָט קיין אידעע פון זיין אונשטערבליכקייט, און מען קען איבערהויפט ניט אָנצייגען איין ביישפיל, אז אפילו איין אינטעליגענטער טויב־שטומער האָט ווען עס איז געהאט וועל־כען עס איז באגריף פון דער עקזיסטענץ פון א העכערען וועזען אלס באשעפער און באהערשער פון דער וועלט".

ווי מען קען זעהן פון דיזע ביישפילען, וואָלט א קינד, וואָס האָט ניט געהאט די געלעגענהייט צו קומען אין בארירונג מיט עלטערע מענשען און ניט הערען עטוואָס וועגען א גאָט, פונקט ווי דיזע טויב־שטומע דורך זייערע געבוירענע פעהלערען — וואָלט עס ניט געקענט האָבען דעם מינדעסטען באגריף פון א גאָט. דאָס איז אָבער ניט אלעס. עס זיינען נאָך היינט דאָ וויל־דע פעלקער, וועלכע האָבען ניט קיין באגריף פון וועלכען עס איז גאָט, און אין זייער שפראך געפינט זיך אפילו ניט אזא וואָרט, וואָס זאָל אויסדריקען עטוואָס עהנליכעס צו דעם, וואָס מיר דריקען אויס מיט דעם וואָרט גאָט.

סער דזשאהן לאָבבאָק אין זיין בוך „דער אורשפרונג פון ציר־וויליזאציאָן", ברענגט א גרויסע צאָהל באווייזען פון פילע אזעלכע ווילדע פעלקער. דער פלאַץ דאָ ערלויבט ניט איבער־צוגעבען דיזע אלע פאקטען, מיר וועלען דאריבער ברענגען נאָר עטליכע: ווען מען האָט געפרעגט אַן אכאפירא, צי ער גלויבט אין דער אומשטערבליכקייט פון דער זעלע, האָט ער געענט־פערט: „קיין אכאפירא איז נאָך ניט צוריקגעקומען נאָכ'ן טויט, מיר ווייסען דעריבער גאָר ניט פון א צוקינפטיגען לעבען, און דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר הערען אזעלכעס". „ווען דער גלח דזשוניפעראָ סעררא", דערצעהלט באנקראָפט, „האָט געגרינדעט א מיסיאָן צווישען די אינדיאנער אין קאליפאָרניא אין 1776, זיינען די ברעגעס לעבען סאן־פראנציסקאָ געווען גע־דיכט באזעצט פון ווילדע שבטים. אין זייערע שפראכען גע־פינט זיך ניט א וואָרט פאר גאָט, מלאך אָדער טייוועל. גארפּאַ־

לאססא זאָגט, אַז די טשיריהונאס האָבען קיין נייגונג צו דינען אָדער צו פארהייליגען וועלכע עס איז זאך. באלבאָא ערינערט פילע שבטים, וועלכע ער האָט געטראָפען אָהן שום רעליגיאָן" א. א. וו.

די רעליגיעזע אידעען האָבען אלזאָ ניט דיזען איבערנאַ־טירליכען אורשפרונג, וועלכע מען האָט זיי צוגעשריבען. די אָפּשטאמונג מוז זיין א נאטירליכע — ווי־זשע זיינען זיי ענט שטאנען?

צו געבען אן אנטוואָרט אויף דיזער פראגע איז ניט אזוי לייכט, ווי מאנכע משכילים קענען מיינען. עס איז ניט אמת, וואָס אנדערע רעדען זיך איין, אַז די רעליגיאָן איז אויסגעקלערט געוואָרען פון שווינדלער פאר זייערע אייגענע צוועקען. אזעלכע זאכען ווי רעליגיאָנען קלערט מען ניט אויס. עס איז א נאטיר־ליכע און נויטוועגדיגע ערשיינונג אין מענשליכען לעבען; און מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען ווי עס האָט געקענט אנדערש זיין. אין א צייט, ווען מען האָט זיך קיין ערשיינונג ניט געקענט ערקלערען אויף'ן נאטירליכען וועג, איז די רעליגיאָן געוועזען די איינציגע לאָגישע און נאטירליכע ערקלערונג. אין דעם אָבער, ווי אזוי מענשען האָבען זיך גאָר אין אָנפאנג ערקלערט די נאַ־טירליכע ערשיינונגען און זיינען דאדורך געקומען צו א רעלי־גיאָן ווי מיר קענען זי היינט, זיינען דאָ חלוקי דעות. און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט. די סאָציאָלאָגיע, ד. ה. די וויסענ־שאפט, וועלכע האנדעלט איבער דעם צוזאמענלעבען פון מענ־שען, איבער זייערע לעבענס־באדינגונגען, געזעלשאפטליכע פאר־העלטניסע, זיין ענטוויקלונג, פארשידענע פילאָזאָפישע אנזיכ־טען, רעליגיאָן, קונסט און אזוי ווייטער — דאָס זיינען אלץ זעהר פארוויקעלטע פראגען. עס איז גאנץ נאטירליך, אַז אין דיזע פראגען זאָל זיין מעהר מיינונגס־פארשידענהייטען ווי אין ווייניגער פארוויקעלטע פראגען. מיר דארפען אָבער ניט פאר־צווייפלען: מיר האָבען שוין היינט אזוי פיל מאטעריאל — און גראָד דורך דיזע מיינונגס־פארשידענהייטען — וועלכעס גיט אונז די מעגליכקייט אויסצוגעפינען און אָנצונעמען די אנ־זיכטען, וועלכע זיינען אם נעענטסטען צו דער ווארהייט.

דער פלאץ אין דיזען זשורנאל ערלויבט ניט אריינצולאָזען

זיך אין איינצעלהייטען און נאָכצופאָרשען יעדע מיינונג. ווענען דעם דארף מען שרייבען גאנצע ביכער. פאר אונז וועט דאָ גע־נוג זיין איבערצוגעבען די לעהרע, וועלכע דער גרויסער פילאָזאָף הערבערט ספענסער האָט אנטוויקעלט אויף דעם גרונד פון פילע גרינדליכע נאָכפאָרשונגען.

## וואהרשיינליכע אידעען.

פאר אלעם דארף מען געדענקען איין זאך: מען דארף גע־דענקען, אז מיר האָבען ניט קיין באריכטען אין קיין היסטאָריע פון די ווירקליך אורשפּרינגליכע מענשען מיר זאָלען קענען ריכ־טיג באשטימען זייערע אידעען. אלע טעאָריען זיינען נאָר גע־בויט אויף פאקטען, וואָס מען נעמט פון די ווילדע שבטים, וועלכע לעבען נאָך היינט, און עס איז נאָך ניט פעסטגעזעצט, אז די אוראלטע מענשען זיינען געשטאנען גראָד אויף דערזעל־בער שטופע ווי די היינטיגע ווילדע שטעהען.

אויסער דיזען איז דאָ נאָך א שוועריגקייט: אום זיך צו קענען מאכען א ריכטיגען באגריף פון די אידעען, וועלכע די אָרומיגע וועלט האָט געקענט באשאפען אין דעם מח פון א פּריי־מיטיווען (אוראלטען) מענשען, מוזען מיר קענען באטראכטען די וועלט פון זיין שטאנדפּונקט; מען מוז זיך קענען ענטזאגען פון אלע באגריפען, וועלכע א היינטיגער מענש האָט, און זיך אין גאנצען פארזעצען אין דעם ווילדען מענשען׳ס צושטאנד. דיזעס איז אָבער א זאך, וואָס קיין מענש קען ניט עררייכען פאָלשטענדיג, און נאָר ווייניגע קאָנען עס טאָן טיילווייז. ווען מען באטראכט ווי עלטערען און לערער באגעהען זיך מיט קינ־דער; ווען מען זעהט, צום ביישפּיל, ווי מען צווינגט קליינע קינדער צו לערנען גראמאטיק נאָך איידער זיי פארשטעהען די שפּראך; ווען מען זעהט ווי מען שלאָגט קינדער, ווייל זיי קאָנען ניט באגרייפען די אבסטראקטע אידעען, וואָס די גרויסע פאר־שטעהען, קאָן מען זעהען ווי שווער עס איז פאר א מענשען זיך צו פארזעצען אין דעם קינד׳ס געדאנקען, אָדער בעסער, צוריק צו דענקען ווי ער אליין האָט אמאָל געדענקט; היינט ווי שווער איז שוין צוריק צו דענקען, ווי מענשען האָבען געדענקט מיט

צעהנדליגע טויזענדער יאָהרען צוריק. און דאָס איז טאקע די אורזאך, וואָס מיר קאָנען ניט פארשטעהן, ווי אזוי מענשען האָבען א מאָל געקאָנט גלויבען אין בוימער, העלצער, בהמות, חיות א. ז. וו.

טראָץ דיזע שוועריגקייטען אָבער, מוזען מיר זיך באמי־הען, אויף וויפיל מעגליך, זיך פאַרצושטעלען די וועלט, ווי דער ווילדער מענש האָט זי געזעהען.

מיר ווילען דיזעס קאָנען טאָן ביז א געוויסען גראַד, ווען מיר ווילען נאָר האלטען אין זינען, אז די געזעצע פון דענקען זיינען איבעראל די זעלבע. מיר ווילען דאן קאָנען זעהן, אז דער ווילדער מענש, אין זיין צושטאנד פון אנטוויקלונג, האָט גע־דענקט גאנץ לאָגיש און ריכטיג.

ווי אזוי דענקט א מענש?

יעדער מענש, ווי ווילד אָדער ווי ציוויליזירט ער זאָל ניט זיין, קען נאָר דענקען אין פארבינדונג מיט וואָסער־עס־איז גע־גענשטאנד. עס איז ניט מעגליך קיין געדאנק, וואו מען זאָל ניט דענקען וועגען וועלכער־עס־איז זאך, און דאן קאָנען מיר נאָר דענקען פון א זאך אָדער פון איהרע אייגענשאפטען אין פאר־גלייך מיט אנדערע זאכען, וועלכע מיר קאָנען שוין פון פריהער. דעם מענשען׳ס דענקען איז אלזאָ די טעטיגקייט פון קלאסיפי־צירען (איינטיילען, פארגלייכען) זאכען און שייכות׳ן פון זאכען. ווען מיר דענקען וועגען א „מענש ווי א בוים״, הייסט עס, אז מיר האָבע פארגליכען איין אייגענשאפט פון א מענשען צו דער אייגענשאפט פון א בוים, וועלכען מיר קאָנען שוין פון פריהער — אין הויכקייט און גלייכקייט. ווען מיר דענקען פון איינעם וואָס „רעדט זיס״ הייסט עס, אז מיר פארגלייכען אן אייגענ־שאפט פון דיזען מענשען — זיין רעדען, צו דער אייגענשאפט פון אן אנדער זאך, פון צוקער, למשל, וועלכע מיר קאָנען שוין פון פריהער; מיר דענקען, אז דיזען מענשען׳ס רעדען מאכט אויף אונז גראדע אזא ווירקונג, ווי זיסקייט מאכט אויף אונז. דאָ האָבען מיר קלאסיפיצירט צוויי פארשידענע אייגענשאפ־טען און פארגליכען איינער מיט דער צווייטער. ווען מיר דענקען פון א „מענש ווי א חיה״ הייסט עס, אז מיר האָבען פארגליכען

מאנכע איינענשאפטען פון א מענשען — זיין פיהלען, זיין יושר — צו דער אייגענשאפט פון א חיה, א. ז. וו.

זאכען, וועלכע זיינען איינפאך און שטעהען אין נאָהענטער שייכות איינע צו די אנדערע, קאָנען פארגליכען און קלאַסיפיצירט ווערען פון איינפאכע קעפּ. יענע זאכען אָבער, וועלכע זיינען מעהר פארוויקעלט אין זייער שייכות און ניט אזוי נאָהענט איינע צו די אנדערע, קאָנען נאָר פארגליכען ווערען פון מעהר אנטוויקעלטע קעפּ. ווען ווייניגער אנטוויקעלטע מענשען נעמען זיך צו פארגלייכען מעהר פארוויקעלטע זאכען, וועלען זיי מאכען גרויסע פעלערען, ווייל זיי פארגלייכען נאָר שטריכען, וואָס זענען אויבערפלעכליך אם מייסטען ענליך, און ניט אימער זענען די מייסט ענליכע שטריכען די, וועלכע מען קאָן פארגלייכען און פון וועלכע מען קאָן ציהען שליסע.

איניגע ביישפּילען וועלען קלאָר מאכען דעם גאנצען ענין. אין אלטע ביכער פון נאטור־וויסענשאפט ווערט דער וואלפיש גערעכענט אלס א פיש. לעבענדיג אין וואסער און אויסזעהענדיג ווי א פיש — וואָס קאָן ער זיין עטוואָס אנדערש ווי א פיש? אין דער אמת'ן אָבער איז דער וואל־פיש א זויג־טהיר. פון וואנען איז געקומען דיזער טעות? ווייל די דאמאָלסדיגע געלעהרטע האָבען ניט געהאט גענוג פאקטען און גענוג וויסען איבער אלע חיות, וואָס לעבען אין וואסער, און זיינען אלזאָ ניט געווען גענוג אנטוויקעלט אין דיזער פראגע, האָבען זיי דעם וואל־פיש פארגליכען מיט דער זאך, צו וועלכער ער איז אויבערפלעכליך אם מייסטען עהנליך. ווידער, ווער ווייס דאָס ניט די מעשה פון דעם פויער, וועלכער האָט צוהאקט א גאָלדענעם זייגערל אויף שטיקלעך אום צו דער'הרג'ענען דעם טייוועל, וואָס האָט אינעווייניג געקלאפּט? איז דיזער פויער געווען משוגע? געוויס ניט. ער האָט געדענקט גאנץ לאָגיש; ניט זייענדיג אָבער באקאָנט מיט דער מעכאניק און ניט וויסענדיג, פארוואָס דאָס זייגערל קלאפּט און שאָקעלט זיך אינעווייניג, איז דאָס געווען דער איינציגער שלום, צו וועלכען ער האָט געקאָנט קומען. ער האָט נאָר פארגליכען די אייגענשאפט פון א געוויסען געגענשטאנד צו דער מייסט עהנליכער אייגענשאפט פון אן אנדער געגענשטאנד, נעמליך, די באוועגונג פון א מענ־

שען צו דער באוועגונג פון דעם זייגערל, און איז געקומען צום שלום, אז אין דעם „שאכטעלע לעבט עטוואָס“. קיין מענש איז דיזעס ניט, דאָס האָט ער ווידער אויסגעפינען פון פאַר־גלייכונגען פון אנדערע אייגענשאפטען פון א מענשען און א זייגערל; פון טייוואָלים אָבער וויים ער שוין פון פריהער, אז זיי לעבען און באוועגען זיך, נאָר מען קאָן זיי ניט זעהן, האָט ער דאן פארגליכען די אייגענשאפט פון דעם זייגערל מיט יענע און איז געקומען צום שלום, אז דאָ איז ניט אנדערס ווי א טייוועל.

לאָמיר נעמען נאָך א ביישפיעל: ווען נאָך א לאנגען, שטארקען פראָסט, ווען די לופט, זייענדיג געדיכט אָנגעפילט מיט וואסער, קומט אין באריהרונג מיט א גלאטער און קאלטער זאך, צום ביישפיל, א וואנד, און נאָך דעם ווי דאָס וואסער האָט זיך דאָרט געגוג אָנגעזאמעלט און עס הויבט אָן אראָפּצו־טריפען, הערט מען די באמערקונג: „די וואנד שוויצט“, ווייל ניט זעהענדיג ווי דאָס וואסער איז ארויפגעקומען אויף דער וואנד, מאכט עס דעם איינדרוק ווי עס וואָלט ארויסגעקומען פון דער וואנד, אקוראט ווי שוויים קומט ארוים פון א מענשען. וואָס האָט מען דאָ געטאָן? מען האָט פארגליכען די אויבער־פלעכליכע, מייסט־עהנליכע שייכות פון איין זאך צו אן אנדע־רער, און עס איז ארויסגעקומען א גרויסער טעות.

ווען אזעלכע פעלערען טרעפען נאָך מיט היינטיגע מענ־שען, קאָנען מיר זיך שוין פאָרשטעלען וואָס׳ערע פעלערען די אוראלטע מענשען, וועלכע האָבען פיל, פיל ווייניגער גע־וואוסט, האָבען געמאכט מיט זייערע פארגלייכונגען, אָדער בע־סער, מיט זייער דענקען. אָט איז א ביישפיל: געוויסע אינדיאנער גלויבען נאָך היינט, אז טוי איז די שפייעכץ פון שטערען. באטראכט דעם אורשפּרונג פון דיזען גלויבען: טוי איז א קלאָרע פליסיגע זאך, וועלכע ליגענדיג אויף די בלעטער מאכט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט געקומען פון אויבען, אקוראט ווי שפייעכץ קומט פון מויל. אראָפּקומענדיג אָבער אין א קלאָרע ניט וואָלקענדיגע נאכט, האָט זי נאָר געמוזט קומען פון דער איינציגער זאך, וועלכע מען קאָן זעהען — פון די שטע־רען.

איצט האָבען מיר זיך געוויסערמאסען צוגעפערטיגט צו פארשטעהן די אורשפרינגליכע אידעען. מיר ווייסען שוין, אז דענקען איז א פּראָצעס פון פארגלייכען זאכען מיט אנדערע, וואָס מען קאָן שוין פון פריהער; מיר ווייסען אויך, אז ניט זייענדיג באקאַנט מיט גענוג פאקטען, קומט די פארגלייכונג ארויס א פאלשע. לאָמיר איצט טאָן א בליק אויף די אומ־שטענדען, אונטער וועלכע דער ווילדער מענש האט זיך געפונען און וואָס'ערע אידעען עס האָבען זיך ביי איהם געמוזט אנט־וויקלען.

## די נאַטירליכע ערשיינונגען און דער ווילדער מענש.

אויף דעם הימעל האָט א ווילדער מענש געזעהן א וואָל־קען, וועלכער וואקסט פון מינוט צו מינוט און האלט זיך אין איין באוועגען; אין אנדערס מאָל, ווען ער קוקט זיך צו צו דיזער באוועגליכער מאסע, זעהט ער ווי טיילען רייסען זיך אָפּ פון דעם וואָלקען, פליהען אוועק און פארשווינדען, און אָט איז די גאנצע מאסע אוועק. וואָס קאָן זיך דער ווילדער דענקען וועגען דיזען פאל? וואָס א וואָלקען איז, ווייס ער ניט. ער ווייס נאָר, אז ער האָט געזעהען א זאך, וועלכע ער האָט פריהער ניט גע־קאָנט זעהן, און וועלכע איז איצט ווידער פארשוואונדען.

אין דעם זעלבען רוים, איבער זיין קאָפּ, פאסירען נאָך אנדערע זאכען, וועלכע ער קאָן זיך ניט ערקלערען.

ווען דער טאָג הויבט אן אונטערצוגעהן און עס הויבט אן צו ווערען דונקעל, צייגען זיך אין דער הויך בלישטשענדע פינטעלעך, און וואָס פינסטערער עס ווערט, אלץ מעהר פינ־טעלעך באווייזען זיך און זיי שיינען אלץ העלער. אין דער פריה פארשווינדען זיי ביסלעכוויוז, איינס נאָך איינט, אקוראט ווי זיי זיינען געקומען, ביז די לעצטע. זייענדיג גאַנץ פארשידען פון די וואָלקענעס אין אלע הינזיכטען, זיינען זיי אָבער גלייך אין דעם, וואָס דאָ באווייזען זיי זיך און דאָ פארשווינדען זיי. אז א שוואכערע ליכטיגקייט ווערט פארדונקעלט פון א העלערע און אז די שטערען שיינען אויך ביי טאָג, כאָטש מען זעהט זיי ניט, דאָס זיינען זאכען, וועלכע דער אורשפרינגליכער מענש

קאָן זיך ניט פאָרשטעלען און אויך ניט באגרייפען. אלע וואָס ער זעהט און באגרייפט איז, אז דיזע אלע זאכען באווייזען זיך און פארשווינדען. דאָס זעלבע איז אויך מיט דער זון און מיט דער לבנה: אלע זיינען פארשידען איינע פון די אנדערע, אָבער אלע זיינען גלייך אין דעם, וואָס זיי ערשיינען און פאר־שווינדען אין באשטימטע צייטען.

אויסער די געוועהנליכע זאכען, וואָס ער זעהט כמעט יע־דען טאָג, קומען נאָך צו די אונגעוועהנליכע זאכען, וואָס פּאַ־סירען ניט אלע טאָג, ווי א קאָמעט, א מעטעאָר, א בליץ, א רעגען־בויגען א. ז. וו. אלע דיזע זאכען האָבען דיזעלבע איי־גענשאפט: זיי באווייזען זיך און באהאלטען זיך. זייענדיג פאָלשטענדיג אונוויסענד, אָבער האָבענדיג צו דער־זעלבער צייט א זכרון צו געדענקען די זאכען וואָס ער זעהט, מוז ביי איהם אויסקומען, אז „אויף דעם הימעל איז א יריד“, אז דער הימעל איז עפּעס א זאמעל פּלאַץ פאר פארשידענע זאכען, וועלכע האלטען אין איין קומען און אין איין געהן, אייניגע ביסלעכווייז, אנדערע מיט אמאָל, אָבער אלע גלייך אין דעם, וואָס מען ווייס ניט פון וואנען זיי קומען און וואוהין זיי געהען אוועק.

און ניט נאָר דער הימעל, אויך די ערד׳ס אויבערפלעכע גיט איהם געלעגענהייט צו באמערקען פילע אזעלכע ערשיי־נונגען. אָט האָט ער נאָר וואָס געזעהען א רעגען. מיט א מאָל האָט זיך אָנגעהויבען צו גיסען וואסער, ער ווייס ניט פון וואַ־נען. דאָס וואסער זאמעלט זיך אויף דער ערד, און אין פארלויף פון עטליכע שטונדען איז עס פארשוואונדען. עס איז אוועק און ער ווייס ניט וואו עס איז אהינגעקומען.

וואָס איז א ווינד? ווער קאָן דאָס דעם ווילדען ערקלע־רען? פלוצלונג אין דעם פּלאַץ, וואָס איז, דוכט זיך, ליידיג פון אלע זייטען, קומט עפּעס א זאך, וועלכע ער קאָן ניט זעהן, און טרייסעלט די בוימער, טרייבט די בלעטער, צורודערט דאָס וואַ־סער און מאנכעס מאָל טרייבט עס איהם אליין, אז ער קאָן זיך נאָר מיט שוועריגקייט צוריקהאלטען. די נאטור פון דיזער ער־שיינונג קאָן איהם קיינער ניט ערקלערען. אין איין זאך איז ער אָבער איבערצייגט: אז אלע זאכען ארום איהם באוועגען זיך

און ער אליין ווערט געשטופט פון אימיצען, וועלכען ער קאן ניט זעהן.

וואס'ערע אידעען קאן זיך דיזער ווילדער מענש מאכען פון דיזע אלע זאכען? ווי קאן ער זיך דאס אלעס ערקלערען? די אלע וויסענשאפטליכע ערקלערונגען וואס מיר האבען היינט, ווייס ער ניט, ווי־זשע באגרייפט ער דיזע אלע ערשיינונגען?

א תירוץ אויף דיזער פראגע קאן מען געפינען, ווען מיר וועלען באטראכטען געוויסע באמערקונגען פון קינדער. ווייזט א קינד א סטערעאפטישע בילד און איהר וועט זעהען, אז יעדעס מאל וואס א בילד פארשווינדעט, שרייט דאס קינד אז דאס בילד איז אוועקגעגאנגען. די אידעע וואס דאס קינד האט איז ניט, אז דיזע זאך וואס עס האט נאר וואס געזעהען, האט אויפגעהערט צו עקזיסטירען, נאר אז דאס איז אוועק אויף א צייט. דאס זעלבע פאסירט אויך מיט דעם ווילדען. ער ווייס אויך פון פארשידענע זאכען ארום איהם, וואס געהען אוועק און עקזיסטירען ווייטער, און ער גלויבט, אז די אנדערע זאכען עקזיסטירען אויך און געהען אוועק נאר אויף א צייט. ווען מען בארעכענט נאך, אז זיינע ערפאהרונגען פון ווינד זאגען איהם, אז עס זיינען פאראן זאכען, וועלכע מען קאן ניט זעהן און באזיצען פון דעסטוועגען קראפט, וועט מען איינזעהן, אז דיזער גלויבען ביים ווילדען איז גאנץ נאטירליך.

אן אנדער מין ערשיינונגען פיהרען דעם ווילדען צום גלויבען אין מעטאמארפאזען (פארוואנדלונגען), אז איין זאך קאן פארוואנדעלט ווערען אין א צווייטע, אז פון א מענש קאן ווערען א ציג, אן אקס אדער א שטיין, און אויך פארקערט.

דער פלאץ איז דא באשרענקט צו ברייגגען אלע פאקטען, וועלכע ספענסער האט צוזאמענגעקליבען. איך וועל דא נאר אויפמערקזאם מאכען אויף דער מעשה מיט לוט'ס ווייב. אידען גלויבען נאך ביז היינטיגען טאג, אז פון לוט'ס ווייב איז געווארען א שטיק זאלץ און וואשען נאך ביז היינטיגען טאג מים אחרונים מטעם מלח סדומית.

מיר האבען ערשיינונגען, וועלכע קאנען זאגאר נאך היינט א גאנץ אנטוויקעלטען מענשען מאכען גלויבען אין פארוואנד־לונגען. בארעכענט דעם גרויסען אונטערשיד פון די זריעה, וואס

מען לייגט אין דער ערד, און די פרוכטען וואס וואקסען ארוים. ווי פארשידען זיינען די אייער פון די הינדעלעך, וואס קומען פון זיי ארוים! בארעכענט נאר דיזעס, און איהר וועט איינזעהען, אז פאר א ווילדען איז זעהר לייכט צו גלויבען אין פארוואנדלונג. עס איז נאך גאר ניט לאנג צוריק ווי געבילדעטע מענשען האבען געגלויבט, און דער פראסטער עולם גלויבט נאך היינט, אז אין פארפוילטע פלייש קומען ארויין ווערים פון זיך זעלבסט, אדער אז די ווערימלעך אין קעז קומען פון קעז גופא, דאס הייסט, אז דאס פארפוילטע פלייש אדער קעז האט זיך פארוואנדעלט אין לעבעדיגע ווערים.

ווען דיזעס איז מעגליך, ווען פון פלייש אדער פון קעז קאן ווערען ווערים, ווען פון אן איי קאן ווערען א הון, ווארום קאן ניט א מענש ווערען א פערד, אן אייזעל, א שטיין? און ווארום קאן ניט א פערד ווערען א מענש? דער ווילדער האט דאס טאקע געגלויבט.

וואס איז א שאטען? וואס קאן זיך דער ווילדער דענקען וועגען דיזע ערשיינונג?

דער וואס האט נאך ניט פארגעסען זיינע קינדערשע געדאנקען, וועט זיך עראינערען מיט וואס'ער אינטערעס ער פלעגט באטראכטען א שאטען, ווי ער באוועגט די הענט און די פיס, ווי ער לויפט, געהט, שטעלט זיך אפ א. ז. וו. אט האט ער זיך אויסגעצויגען, אט האט ער זיך איינגעקארטשעט, דא לויפט ער אויף דער וואנד און דא אויף דער ערד א. ז. וו. קינדער באטראכטען א שאטען פאר אן עקזיסטירענדע זאך. היינט ווייסען מיר, אז דער שאטען שטאמט פון דעם וואס די ליכטיגקייט קומענדיג אין שטראהלען, לאזט איבער דיזע פלעצער, וואס זיינען פארשטעלט פון אן אונדורכדרינגליכע זאך, ניט באלויכטען. דער ווילדער ווייס דערפון גארניט. עס איז אויך ניטא קיינער וואס זאל איהם זאגען: „עט, דאס איז נאר א שאטען". ער זעהט דעם פאקט, און מוז קומען צום שלוס, אז א שאטען איז אן עקזיסטירענדע זאך. ער זעהט אבער אז דער שאטען איז נאר דא וואו ער איז דא, אז ער געהט ווען ער געהט, און שטעהט ווען ער שטעהט. ער קומט דארום צום שלוס, אז דער שאטען איז א טייל פון איהם.

ווי ווייט עס איז אמת, אז ווילדע מענשען באטראכטען דעם שאָטען אלס אן עקזיסטירענדע זאך, זיינען דאָ פילע באַ־ווייזע: די בעניך־נעגער באטראכטען דעם שאָטען אלס זייער נשמה; אנדערע האָבען מורא פאר זייער שאָטען; אנדערע גלוי־בען, אז זייער שאָטען שפירט נאָך אלץ וואָס זיי טוען און זאָגט נאכהער עדות געגען זיי. די גרינלענדער זאָגען, אז אַ מאן'ס שאָטען איז איינער פון זיינע נשמות — דיזע וועלכע געהט ארום פון זיין קערפער ביי נאכט. אידישע קינדער גלוי־בען, אז ווען זיי זעהען ניט דעם שאָטען, איז אַ סימן, אז זיי וועלען שטארבען. אויב איך האָב ניט קיין טעות, געפינט זיך דיזער אבערגלויבען אין ספר זכירה.

דער שאָטען איז אלזאָ אַ זאך, וואָס אַ מאָל באווייזט ער זיך און אַן אנדערש מאָל פארשווינדעט ער; קומען קומט ער פון דעם מענשען גופא. דאָס ווידער ברענגט ארויף אויף דעם רעיון, אז דער מענש איז אַ ט אָ פּ ע ל ט ע ר ; איינער וועלכען מען זעהט און אַ צווייטער, וועלכער באווייזט זיך נאָר צייטענווייז. אז דאָס איז אזוי, האָט דער ווילדער נאָך אנדערע באווייזע. יעדעס מאָל וואָס ער קוקט אין וואסער אריין, זעהט ער אַ מענ־שען גראָד ווי ער, אַ מענש וואָס טוט נאָך אלעס וואָס ער טוט. ער ווייס ניט וואָס הייסט „אָפּשפּיגלען“, ער ווייס ניט ווי אזוי דאָס אָפּשפּיגלען קומט, ער זעהט נאָר דעם פאקט. גאנץ טיף אין וואסער זעהט ער נאָך אנדערע זאכען; ער זעהט דאָרט וואָלקענס גראדע ווי איבער זיך. די וואָלקענס פון אויבען קומען און פארשווינדען. אונטען זיינען אויך דאָ וואָלקענס. האָבען ניט די וואָלקענס פון אויבען אַ שייכות מיט די וואָלקענס פון אונטען? ביי נאכט, זעהט ער אין וואסער שטערען, וואָס פינק־לען גראדע ווי די פון אויבען. זיינען פאראן צוויי פלעצער פאר שטערען? זיינען אפשר דיזע וואָס זיינען פארשוואונדען ביי טאָג ארונטערגעגאנגען צו יענע וואָס זיינען טיף אונטער דעם וואסער?

אָט איז אַ בוים, פון וועלכען ער ברעכט צווייגען צום פייער — איז דיזער בוים אויך אַ טאָפּעלטער? האָט דאָס, וואָס די צווייג פארשווינדעט אין דעם פייער, עפּעס אַ צוזא־מענהאנג מיט דעם זעהבארען און אונזעהבארען צושטאנד,

וואָס ער באמערקט אין אנדערע זאכען? עס זיינען טאקע דאָ פעלקער וואָס גלויבען אין דיזע אַלע זאכען. גאנץ דאָס זעלבע איז מיט א ווידער־קול. דיזעלבע ערשיינונג, דיזעלבע שליסע.

## די אידעע פון טויט און תחית המתים.

ביז איצט האָבען מיר געזעהען ווי די אויסערליכע אומ־שטענדען ברענגען דעם ווילדען מענשען צום געדאנק, אז יעדע זאך איז א טאָפעלטע. לאָמיר איצט איבערגעהן צו דעם מענשען גופא.

וואָס איז א חלום? וואָס'ערע געדאנקען ערוועקען אין איהם א חלום? הונגער און פולבלוטיגקייט — ביידע א גע־וועהנליכע זאך ביי דעם ווילדען — רופען ארויס זעהר לעבע־דיגע חלומות. נאָך אן אונגעלונגענע יאגד און א לאנגען הונ־גער, פאלט דער ווילדער אוועק מיד און מאט און שלאָפט איין; מיט א מאָל געפינט ער זיך אויף א זעהר גליקליכער יאגד, ער טויטעט, שינדט, קאָכט אָפּ זיין רויב און — כאפּט זיך אויף גראדע אין דער מינוט, ווען ער וויל ארייננעמען דעם ערשטען ביסען אין מויל. ער קאָן ניט זאָגען: „עט, דאָס איז נאָר א חלום", ווייל ער האָט קיין באגריף פון דעם, וואָס מען רופט „כח הדמיון". ער נעמט די פאקטען ווי זיי פאסירען. ער געדענקט גאנץ דייטליך אַלעס וואָס ער האָט געזעהען, ווי ער האָט זיך פארמאָסטען, ווי ער האָט געשינדען די הויט א. ז. וו. אמת, ער געפינט זיך מיט אמאָל גאנץ רוהיג ליגענדיג אויף דעם זעלבען אָרט, וואו ער האָט זיך אוועקגעלעגט, ער פאר־שטעהט ניט פון וואנען דיזע ענדערונג קומט, אָבער וואָס מאכט דאָס אויס? קנאָפּ זאכען זעהט ער, וועלכע ער קאָן ניט באגרייפען און וועלכע ער פארשטעהט ניט? אין דער ארומיגער וועלט זעהט ער פילע זאכען וואָס באווייזען זיך און פאר־שווינדען. ווארום זאָל דאָס אויך ניט זיין איינס פון דיזע זאכען? עס זיינען פאראן פילע פאקטען, וועלכע באווייזען, אז דער ווילדער באטראכט טאקע דעם חלום אלס א ווירקליכע פאסירונג.

צו וואָס פאר א שלום קאָן דער ווילדער קומען? ווען ער

כאפט זיך אויף, דערצעהלט ער די פאסירונג אין זיין אונפאָל־קאָמענער שפּראך צו אנדערע. ער גערענקט יעדע איינצעלהייט; ער איז איבערצייגט, אז ער איז געווען אוועק. זיינע חברים ווידער זאָגען, אז ער איז די גאנצע צייט געלעגען אויף איין אָרט, און ער זעהט טאקע זיך ליגען אויף דעם פּלאץ. ער איז אלזאָ איבערצייגט איןביידע זאכען: אז ער איז דאָ געלעגען און אז ער איז צודערזעלבער צייט געווען אנדערסוואו. דאָס לייכטעסטע, דאָס איינפאכסטע פאר איהם איז צו גלויבען, אז ער איז א טאָפּעלטער, אז ער איז אין אמת'ן צוויי, איינער וועלכער געהט אוועק אויף א צייט ווען דער צווייטער בלייבט איבער.

פילע ווילדע פעלקער גלויבען נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג אין דעם. מיר דארפען אָבער גאָר ניט געהן צו די ווילדע, מיר געפינען עס אויך נאָך היינטיגען טאָג ביי אונז אידען. יעדער פרומער איד, איידער ער געהט שלאָפען, זאָגט מיט גרויס כונה: „בידך אפקיד רוחי“ — אין דיין האנט גיב איך איבער מיין נשמה; און נאָך דעם שלאָף: „מודה אני לפניך מלך חי וקים שהחזרת בי נשמתי בחמלה, רבה אמונתך“ — איך דאנק דיר לעבעדיגער און שטארקער קעניג וואָס דו האָסט מיר צוריק אָבגעגעבען מיין נשמה, ביזט א גרויסער עהרליכער מאן.

ווען דיזע אלע זאכען, וואָס דער ווילדער טוט אין חלום זיינען ווירקליכע זאכען, זיינען דאָך די מענשען, חיות אָדער זאכען, וואָס ער זעהט אין חלום, אויך ווירקליכע זאכען. דער ווילדער גלויבט דאָס טאקי, און פון דעם קומען ארויס גאנץ אנדערע גלויבענס. ספּענסער ברענגט זעהר פילע פאקטען פון די ווילדע און וואָס עס קומט ארויס פון דעם גלויבען אין חלומות. מיר דארפען אָבער זיך ניט אוועקלאָזען צו די ווילדע, מיר געפינען דאָס אלעס ביי זיך אין דער היים: די גאנצע אידישע נבואה איז געקומען בחלום לילה; שלמה המלך האָט זיך אויסגעקליבען חכמה אין חלום; יעדער איד ווייס פון הטבת חלום, און יעדע אידענע ווייס, אז א חלום מוז מען אויסלעגען צו גוטען. דער תלמוד ווייס אונז אויך צו דערצעהלען א סך גוטע זאכען פון חלומות, אפילו יעדער היינטיגער איד ווייס געוויס עפּעס א מעשה וואָס האָט זיך געטראָפען מיט א חלום.

מען קאָן פון דיזען פארשטעהן, וויפיעל דער גאנץ אורשפּרונג־ליכער מענש האט געקאָנט גלויבען אין חלומות און ציהען דעם שלום, אז ער איז א טאָפּעלטער.

דיזער גלויבען אין א צווייטען „איך“ שטימט פאָלשטענדיג מיט אלע אנדערע זאכען וואָס ער קאָן. אלע זאכען זיינען דאָך טאָפּעלטע. אלע זאכען באווייזען זיך, ווערען פארשוואונדען און באווייזען זיך ווידער; איז ער ניט עהנליך צו דיזע אלע זאכען? האָבען דיזע זאכען ניט זייער שאָטען? האָט ער ניט קיין שאָ־טען? ווערט ניט זיין שאָטען פארשוואונדען ביי נאכט? זעהט מען ניט באשיינפּערליך, אז דיזער שאָטען איז זיין צווייטער „איך“, וועלכער וואנדערט אוועק ביי נאכט? די גרינגלענדער וואָס גלויבען דאָס, זיינען פון זייער ווילדען שטאנדפּונקט גאנץ לאָגיש.

לאָמיר יעצט איבערגעהן צו אנדערע פאקטען.

ווען א מענש שלאָפט איז ער גאנץ אונבאוועגליך. דיזע אונבאוועגליכקייט געהט איבער אין טעטיגקייט, ווען דער שלאָף ווערט געשטערט. אמת, די שטערונג איז ניט אימער גלייך. א מאָל איז גענוג נאָר צו רעדען א וואָרט, אן אנדערס מאָל מוז מען שרייען הויך, אנאנדערס מאָל ווידער דארף מען שטופען אָדער גאָר רייסען דעם שלאָפענדען, דאָך וויים דער ווילדער פון ערפאהרונג, דאָס ווען ער ליגט און קען זיך ניט ריהרען, הויבט ער זיך אָן צו ריהרען און הויבט אָן צו ווערען טעטיג, ווען מען רופט זיין נאָמען, אָדער ווען מען גיט איהם א שטופּ. אמאָל טרעפט זיך אָבער, אז דער ווילדער ווערט פארוואונדעט און פאלט אין חלשות; מען שרייט, מען רופט זיין נאָמען, מען רייסט און מען קנייפּט, אָבער עס העלפט ניט. ענדליך, נאָך א שטי־קעל צייט, איז ער אויפגעוואכט. אפּאָפּלעקסיע איז אין זעהר פילע הינזיכטען עהנליך צו חלשות, דער מאן איז אנידער־געפאלען, מען שרייט, מען רייסט, אָבער עס העלפט נישט.

פון דיזען קומט ארויס דער גלויבען, אז דער צווייטער „איך“ געהט אוועק א ו י ף פ א ר ש י ד ע נ ע צ י י ט ע ן. אמאָל קומט ער צוריק ווען מען גיט נאָר א פּיפּס, אנאנדערס מאָל מוז מען העכער שרייען, אמאָל דויערט עס א ביסעל לענגער, און טיילמאָל קומט ער גאָרניט צוריק.

דיזען אורשפּרונגליכען גלויבען קאָן מען באמערקען נאָך היינט פון אונזער שפּראַך: מיר זאָגען נאָך היינט אויף איינעם וואָס האָט גע׳חלש׳ט: „ער איז געקומען צו זיך".

וואָס פאַר א פאָרשטעלונג קאָן דער ווילדער זיך מאכען פון טויט? ער זעהט פאַרשיידענע פאָרמען פון אונבאוועגליכקייט, ווי שלאָף, חלשות, אַפּאָפּלעקסיע א. ז. וו. נאָך דיזע אלע פּאַסירונגען ווערט דער מענש צוריק באוועגליך; קאָן ניט געמאָלט זיין, מען זאָל אויך ווערען לעבעדיג נאָך׳ן טויט? די גאנצע זאך איז דאָך נאָר וואָס דער צווייטער „איך" איז אוועק; נו, דיזער „איך" קומט דאָך אָפט צוריק נאָך א געוויסער צייט, פאַר וואָס זאָל ער ניט קאָנען צוריקקומען נאָך א לענגערע צייט?

אז שטארבען איז ניט מעהר ווי דאָס, וואָס דער צווייטער „איך" איז אוועק, דאַרף מען אידען ניט באווייזען. יעדער איד וויים, אז די נשמה געהט ארוים, ווען א מענש שטארבט. אידען גלויבען זאָגאר, אז אפילו דאן איז דער קערפּער ניט טויט; מיר געפינען: „קשה רימה למת כמחט בבשר החי" (ווערים שטעכען דעם טויטען גראדע ווי שפּילקעס שטאכען א לעבעדיגען); אידען גלויבען דאָס דעם טויטען׳ס קולות הערען זיך פון איין עק וועלט ביז צום צווייטען, און ווען מען זאָל אויפרייסען די שוועל פון טיר וואו דער מת ליגט, וואָלט מען געקאָנט הערען די קולות.

ווען שטארבען איז ניט מעהר ווי דאָס וואָס דער צווייטער „איך" געהט אוועק, איז דאָך אויך מעגליך, מען זאָל זיך ביי דעם צווייטען „איך" איינבעטען, ער זאָל נאָך בלייבען. ער קומט דאָך אמאָל צוריק, ווען מען רופט איהם. דאָס ערשטע וואָס די ווילדע טוען איז — אָ ב צ ו ר ו פ ע ן  ד ע ם  ט ו י ט ע ן. איהר וועט זיך שוין אליין ערינערען, אז אידען רופען אויך אָפּ טויטע. אלע ווייסען ווי א אידענע באקלאָגט איהר נאָר וואָס פאַרשטאָרבענעם מאן, ווי זי שרייט: „פאַר וואָס געהסטו אוועק? וואו לאָזטטו מיך מיט די קינדער אליין? א. ז. וו." אזוי ווי דאָס רופען העלפט אָבער „ווי א טויטען באנקעס", דעם טויטען ארט דאָך ניט ווי ער לאָזט איבער דאָס ווייב מיט די קינדער, בעט מען איהם נאכהער מחילה, ער זאָל כאָטש זיין א מליץ יושר און זיך מיהען

אז אידען גלויבען אז מען קאָן מחיה מתים זיין, ווייסען מיר אויך פון דער מעשה מיט אלישה און דאָס קינד וואָס ער האָט לעבעדיג געמאכט, אויף דער בקשה פון קינד׳ס מוטער שונמית.

דיזע אלע זאכען געפינען מיר ביי די ווילדע. נאָכדעם ווי זיי האָבען גערופען דעם צווייטען „איך", און ער קומט ניט, נעמען זיי מאנכעס מאָל און שלאָגען דעם ערשטען „איך" מכת רצח. די האָטענטאָטען זידלען, שימפפען און שלאָגען די שטערבענדע, אָדער די וואָס זיינען נאָר וואָס געשטאָרבען, דער־פאר וואָס זיי געהען אוועק. די פידזשענס דענקען, אז רופען דעם טויטען ביים נאָמען איז א סגולה בדוקה ער זאָל ניט אוועקגעהן; די פאנטיעס רעדען צו זייערע טויטע, מאנכעס מאָל אין א טאָן פול מיט פאָרווירפע ווייל זיי געהען אוועק; אנדערע בעטען זיך ביי די נשמה, זי זאָל זיי אָבהיטען און באשיצען; די קארבים בעטען „די טויטע זאָלען זיי ערקלערען, ווארום זיי געהען אוועק פון דער וועלט". אויף די סאמאָא אינזלען זיינען דעם טויטענס פריינדע געגאנגען צום גייסטליכען מיט א מתנה און איהם גע־בעטען, ער זאָל פועל׳ן ביים טויטען זיך מתודה צו זיין אויף די זינד דורך וועלכע ער איז געשטאָרבען, א. ז. וו.

דיזע זאכען טוען זיי ניט נאָר וועגען די וואָס זיינען נאָר וואָס געשטאָרבען, נאָר אויך וועגען דיזע וואָס זיינען שוין פון לאנג טויט. מיר דארפען דאָ אויך ניט געהן צו די ווילדע: אידען געהען נאָך היינט אויף קבר אבות. ווען א יתום אָדער א יתומה האָט חתונה, געהט ער אָדער זי בעטען די פארשטאָרבענע על־טערען אויף דער חתונה. ווען יעמאנד איז שטארק קראנק, אָדער ווען עס ברעכט אויס אן עפּידעמישע קראנקהייט, לויפט מען בעטען ביי די טויטע, זיי זאָלען זיך מיהען. אידען גלויבען איבערהויפּט, אז די טויטע ווייסען אלעס וואָס קומט פאָר און וואָס וועט פאָרקומען אויף דער וועלט.

די גמרא דערצעהלט אזא מעשה: א געוויסער חסיד האָט אמאָל אויסגעגעבען זיין גאנצע געלט אויף צדקה. די ווייב איז געוועזן אן ארורה האָט ער מורא געהאט צו געהן שלאָפען א היים. הושענא רבה ביי־נאכט איז עס געוועזן, איז ער געגאנגען שלאָפען אויפ׳ן בית עולם.

דאָרט האָט ער געהערט, ווי צוויי מתים זיינען זיך צוזאמענגע־קומען און גענומען שמועסען וועגען אונזער זינדיגער וועלט. פון זיי האָט ער אויסגעפונען, אז אלע די וואָס וועלען פארזייהען אין די ערשטע צייט, וועלען האָבען א געראָטענעם יאָהר, ווע־רענד די וואָס וועלען פארזייהען אין די אנדערע צייט וועלען האָבען א ניט געראָטענעם יאָהר. ער איז געקומען אין שטאָדט אריין און האָט דערצעהלט די מעשה צו אייניגע, און די וואָס האָבען איהם געפאָלגט, זיינען גליקליך געוואָרען. איבער א יאָהר אין דער זעלבער צייט איז ער ווידער געגאנגען אויף דעם זעלבען פלאץ. די צוויי טויטע זיינען זיך ווידער צוזאמענגעקומען האָבען ווידער גענומען שמועסען פּאָליטיק און ער האָט אויסגעפונען, אז היי־יאָהר, ווער עס וויל האָבען א געראָטענעם יאָהר מוז פארזייהען אין די צווייטע צייט און — כך הוה.

פון דעם גלויבען, אז דער טויט איז נאָר דאָס וואָס דער צווייטער „איך" איז אוועק פאר א לענגערע צייט, קומט ארויס נאָך א זאך: דער מנהג וואָס מען גיט מיט די טויטע עסענ־וואַרג. אנדערע ווילדע גיבען זאָגאר מיט ווייבער און שקלאַפען; אייניגע, ווי די איראָקעזען (א געוועזענער אינדיאנער שטאם), לאָזען ברענגען פייער אויף דעם קבר, צו געבען די נשמה א מעג־ליכקייט אָבצוקאָכען די שפּייז. די פאנטיעס שטעלען אוועק פלייש און וויין לעבען דעם טויטען קערפּער; די ניי־זילענדער, וועלכע גרייטען אויך אָן עסענוואַרג פאר געשטאָרבענע, בא־הויפּטען אז ביי־נאכט קומען די נשמות און עסען. ביי אידען, אין מאנכע מקומות, לעגט מען אוועק א שטיקעל ברויט מיט זאלץ אויף דעם טויטען גוף, און איבעראל שטעלט מען אוועק א גלאָז מיט וואסער מיט א טיכעל, „ווייל די נשמה קומט זיך טובל זיין".

דאָס מיטגעבען שפּייז די טויטע איז אזוי אלגעמיין, אז מען קאָן עס געפינען אין אלע טיילען פון דער וועלט און ביי אלע פעלקער.

אום דער טויטער זאָל ווערען צוריק לעבעדיג, ער זאָל אויפשטעהן תחית המתים, ווי מען זאָגט אויף אידיש, מוז מען זעהען אז דער קערפּער זאָל בלייבען ניט ג ע ר י ה ר ט. די קבורה איז דורך דעם געוואָרען ביי פיעלע ווילדע פעלקער א

הייליגע און וויכטיגע זאך. די גרעסטע שטראף פאר די עגיפטער איז געווען דאס פארניכטען פון דעם קערפער, ווייל זיי האבען פעסט געגלויבט, אז אהן דעם קערפער איז ניט מעגליך קיין תחית המתים. דאס איז אהן צווייפעל די אור־זאכע, ווארום דאס באלזאמירען האט זיך ענטוויקעלט אין מצרים צו אזא הויכע שטופע.

געוויסע נעגערקעס, פארקערט ווידער, ווארפען אין וואסער די קערפערס פון זייערע פארשטארבענע מענער, גלויבענדיג דערמיט צו דערטרינקען די נשמות, וועלכע וועלען זיי שוין מעהר ניט קאנען אנמאכען קיין צרות. די אביסיניער באגראבען ניט זייערע פארברעכער אלס שטראף.

דאס איז אין פעלע, ווען מען וויל ניט די טויטע זאלען האבען א תקומה. פאר אזעלכע טויטע, וואס מען וויל זיי זאלען אויפשטעהן תחית המתים, גיבען זיך די ווילדע די גרעסטע מיה, אז דער גוף זאל ניט צו שאנדען ווערען; זיי געהען אזוי ווייט, אז די קברים ווערען אויך אבגעהיט. און דאס ווערט געטאן אויף פארשיידענע אופנים. נאטירליך, וואס טייערער דער טויטער איז ביים לעבען אלץ מעהר מיה גיט מען זיך צו פארהיטען זיין קערפער און זיין קבר נאך'ן טויט.

אייניגע פעלקער שיטען אן גרויסע בערג מיט ערד, און זיי האלטען עס פאר אן עהרע ארויפצושיטען א ביסעל ערד, אנדערע לייגען אן שטיינער, א. ז. וו. פון דעם זיינען אודאי נעקומען די גרויסע פיראמידען אין מצרים.

זיי געהען נאך ווייטער, די ווילדע, אום צו פארהיטען דער קערפער זאל ניט פארניכטעט ווערען. די פארצייטיגע מעקסיקאנער, למשל, פלעגען זייערע טויטע ארייגלעגען אין א קארב און אויפהענגען אויף א צווייג פון א בוים, „כדי זיי זאלען זיי ניט דארפען זוכען אין צייט פון תחית המתים". די פערואנער פלעגען באהאלטען די נענעל און די האר „כדי זיי זאלען עס ניט דארפען זוכען אין געטומעל פון תחית המתים".

און ווידער ווילט זיך דא עראינערען אונזערע אחינו בני ישראל. איהר ווייסט אלע, וואס עס מיינט ביי אידען „קומען צו קבר ישראל"; איהר ווייסט אז אן אפיקורוס פלעגט מען

„באגראָבעןביים פארקען" — קבורת חמור; אויף א צדיק'ס קבר שטעלט מען אן אוהל; אין קבר אריין גיט מען מיט ארץ ישראל ערד, כדי דער גוף זאָל ניט אין גאנצען פארפוילט ווע־רען און ריטלעך גיט מען אין די הענט אריין מטעם גלגל מחילות, אזוי ווי מען שיקט פון אמעריקא א שיפסקארטע, — דער גוף זאָל האָבען מיט וואָס צו עמיגרירען קיין ארץ ישראל.

פון דעם וואָס די ווילדע האָבען געגלויבט אין תחית המתים זיינען ארויסגעקומען נאָך אנדערע מנהגים: דאָס קאַ־ליעטשען זיך און דאָס אָבשניידען די האָר צו עהרע פון דעם טויטען. ביי פיעלע ווילדע עקזיסטירט אזא מנהג נאָך ביז היינטיגען טאָג. אז דאָס האָט ביי אידען אויך עקזיסטירט, קען מען זעהען פון דעם פארבאָט אין דער תורה: „לא יקרחו קרחה בראשיכם ולא ישרטו שרטת", (איהר זאָלט זיך ניט אָפּגאָלען די קעפּ, און איהר זאָלט ניט צוקראצען אייערע לייבער). דאָס קריעה רייסען איז אָהן צווייפעל אן איבערבלייבעכץ פון דיזען מנהג.

די אלע אויבענדערמאָנטע מנהגים און גלויבענס פיהרען צו דעם שלוס, אז דער ווילדער האָט געגלויבט, דאָס שטארבען איז ניט מעהר ווי דאָס, וואָס דער צווייטער „איך" איז אוועק אויף א צייט. דיזער גלויבען איז ביז היינטיגען טאָג נאָך איינ־געפלאנצט אפילו ביי ציוויליזירטע פעלקער. די אידען געהען אזו ווייט, אז זיי גלויבען זאָגאר דאָס אייניגע מענשען זיינען איבערהויפּט ניט געשטאָרבען. אזוי געפינען מיר: חנוך איז ארויף אין הימעל לעבעדיגערהייט און איז געוואָרען דער מלאך מטטרון; אליהו הנביא איז ניט געשטאָרבען; „יעקב אבינו לא מת"; „דוד מלך ישראל חי וקים". די גאנצע קריסטליכע רע־ליגיאָן איז געבויט אויף תחית המתים. נאָך דעם מאָהאמעדאַ־נער גלויבען, „שטארבען נביאים, מארטירער און הייליגע אי־בערהויפּט ניט, און זייער אייגענטום בלייבט אימער זייער", און גאָר ניט לאנג צוריק, אין דעם לעצטען יאָהר־הונדערט, האָט מען געגלויבט, אז נאפּאָלעאָן דער ערשטער וועט צוריק־קומען נאָך דעם טויט.

## די אידעען פון נשמות, רוחות און מזיקים.

איך וויל דאָ נאָך אמאָל ערינערען דעם לעזער, אז די אלע פאקטען ווערען דאָ נאָר געבראכט אום צו באווייזען, אז דער ווילדער מענש האָט אנדערש ניט געקאָנט דענקען, נאָר אויף דעם אופן ווי עס איז אויבען אָנגעצייגט געוואָרען. ער האָט נאָך דאן פון קיין גאָט ניט געוואוסט; די אלע גלויבענס האָט ער זיך געמוזט באשאפען, ווי ווייט זיין פארשטאנד האָט זיך ביסלעכווייז אנטוויקעלט. ער האָט געזעהן ערשיינונגען און האָט זיי ניט געקאָנט ערקלערען, און ער איז זיך ביסלעכ־ווייז אזוי געגאנגען אויף דעם פאלשען וועג, ביז ער האָט בא־שאפען פריהער א וועלט מיט געטער און נאכהער ווייטער, ווייטער, ביז עס איז ניט מעהר געבליבען ווי איין הויפט־גאָט.

דאָס מיינט אָבער ניט, אז עס האָט זיך שטענדיג גראדע אנטוויקעלט אויף אזא אופן. ווי שוין באמערקט, קאָן מען די זאכען באשטימט ניט וויסען. אָבער ווען מיר באטראכטען די אלע פאקטען ניט פון אונזער שטאנדפונקט, נאָר פון דעם ווילדענ׳ס, ווען מיר געהען צוריק גאָר צו דעם אָנפאנג און שטעלען זיך פאָר, ווי אזוי דער ווילדער האָט געקאָנט דענקען, און ווען מיר אונטערזוכען דאן די פאקטען, די פארשידענע גלויבענס און מנהגים, ווי זיי זיינען אויבען אָנגעגעבען געוואָ־רען, מוזען מיר קומען צום שלוס, אז אזוי האָט עס געמוזט פאסירען.

אלזאָ, יעדע זאך אין דער וועלט איז א טאָפּעלטע, האָט א צווייטען „איך", וועלכער געהט אוועק און קומט צוריק. וואָס׳ער פנים האָט דיזער „איך"? ווי זעהט ער אויס און וואָס טוט ער, ווען געהט ער אוועק, פון וואָס מאכט ער א לעבען, אזוי צו זאָגען?

דיזע פראגע וועט יעצט זיין גאנץ לאָגיש פון דעם וויל־דענ׳ס שטאנדפונקט. און ער האָט די פראגע געשטעלט און פארענטפערט.

עס זיינען פאראן פילע באווייזע, דאָס דער ווילדער מענש באטראכט דעם צווייטען „איך" ניט אנדערש ווי דעם ערשטען; זיי גלויבען, אז דער צווייטער „איך" קאָן געהן,

שטעהן, עסען א. ז. וו. ספענסער ברענגט א באווייז פון סער דזשאָרדזש גרעי, וועמען אן אויסטראַלישע פרוי האָט דער־קאָנט און געלאָסצעט אלס איהר פארשטאָרבענעם זוהן, וואָס איז צוריקגעקומען פון קבר. א געוויסע מיסעס טהאָמפּסאָן האָ־בען די אויסטראַליער באטראַכט אלס איינע פון זייערע מיט־גלידער וואָס איז ניט לאנג צוריק געשטאָרבען, און זיי פלע־גען איהר שטארק באדויערען און זאָגען: „אָרימע נעבעך! זי איז גאָר ניט — נאָר א שאָטען".

אידען ווייסען אויך, אז מאנכע געהן ארום אויף דעם עולם התהו, און אז מען זאָל ביי אזא איינעם אויפדעקען די פּאָלע, ווערט ער פארשוואונדען.

מאנכע פערואנער פלעגען אויסשיטען קוקורוזע צו זעהן נאָך די טריט צו דער טויטער איז צוריקגעקומען. די גמרא זאָגט, ווער עס וויל זעהען די מזיקים, זאָל נעמען ריינע אש און אויסשיטען פאר דער טיר, וועט ער זעהען טריט פון הינערשע פיסלעך. אידען גלויבען, דאָס ווען א טויטער קומט צו חלום, טאָר מען איהם קיין זאך ניט מיטגעבען, ווייל דאן וועט זיכער געשעהן אן אומגליק.

די עגיפּטער פלעגען גלויבען, אז א מענש באשטעהט פון עטליכע חלקים — די נשמה, דער גייסט, א. ז. וו. די גמרא זאָגט: דריי שותפים האָט א מענש איבער זיך: דעם רבש"ע, דעם פאָטער און די מוטער. די פאָטער און מוטער באשאַפען דעם גוף און גאָט די נשמה; ווען עס קומט די צייט פון שטאַר־בען, נעמט זיך גאָט אָפּ זיין חלק און לאָזט איבער די עלטערען זייער חלק.

דער גלויבען אז די נשמה קאָן לעבען אָהן א גוף איז איי־גענטליך ביי אידען נאָך שטאַרקער ווי ביי די ווילדע. איינס פון די צעהן זאכען וואָס זיינען באשאַפען געוואָרען ערב שבת בין השמשות, זאָגט דער פרק, איז געווען די מזיקים. וואָס איז מזיקים? מאכט דער פירוש: דאָס זיינען געווען די נשמות, צו וועלכע מען האָט ניט אוספּייעט צוצומאכען קערפּערס; און דיזע נשמות אהן קערפּערס פילען אָן די גאנצע וועלט; מיליאָ־נען און מיליאַרדען זיינען זיי דאָ; אין בית המדרש, זאָגט די גמרא איז ענג געווען פון „יענע לייט", די קליידער פון די

תנאים זיינען צופוילט געוואָרען פון „יענע לייט“, און ווען דאָס אויג וואָלט זיי אַלע געקאָנט זעהן, וואָלט מען א מינוט ניט געקאָנט ביישטעהן. די אידען וואָס פיהרען זיך על פי כתבי האר״י, לאָזען פרייטאָג צונאַכט די ברעקלעך אויף דעם טיש צוגעדעקטערהייט; מים אחרונים טאָר מען ניט אויסגיסען אין מיטען שטוב, אַלץ צוליב „יענע לייט“.

פון א דיבוק וויסען אַלע אידען, און אז א בעל מופת קאָן ארויסטרייבען א דיבוק, איז אויך ניט קיין נייעס. וואָס איז א דיבוק? איינעם׳ס א נשמה, וועלכע קאָן זיך ניט געפונען קיין מקום מנוחה, געהט אריין אין א צווייטען מענשען. א דיבוק געהט ארויס ענטוועדער דורך דעם קוימען אָדער דורך דעם פענסטער, דאן צוברעכט ער אָבער די שויב. דער גלויבען איז אַלזאָ, אז די נשמה פארנעהמט א געוויסען פּלאַץ, אז זי קאָן ניט ארויס פון שטוב ביז זי ברעכט ניט אויס קיין שויב. די איראָקעזען לאָזען טאַקי איבער א קליינע עפנונג אין קבר, כדי די נשמה זאָל קאָנען צוריק אריינגעהן.

דער ערשטער צייכען פון טויט איז וואָס דאָס האַרץ הערט אויף צו קלאַפּען און מען הערט אויף צו אָטעמען. איז ניט אמאָל דאָס האַרץ די נשמה און אפשר גאָר דער אָטעם? די ווילדע גלויבען ביידע זאכען. ביי אידען געפינט מען עט־וואָס ענהליכעס. אין דער תורה שטעהט: לא תאכלו את הדם כי הדם הוא הנפש (איהר זאָלט ניט עסען קיין בלוט, ווייל דאָס בלוט איז די נשמה).

ווען דער ווילדער איז געקומען אזוי ווייט, האָט ער שוין געמוזט געהן א טריט ווייטער.

פיער פיסיגע חיות און פויגעל אָטעמען אויך. היינט ווען א מענשען׳ס אָטעם איז דאָס דער צווייטער „איך“, וואָס געהט אוועק ווען ער שטאַרבט, מוז דאָך די חיה׳ס אָטעם, וואָס געהט אויך אוועק ווען זי שטאַרבט, זיין איהר צווייטער איך, האָבען דאָך חיות אויך נשמות. אזוי גלויבען זיי טאַקע. דיזע ווילדע, וואָס גלויבען אז דער שאָטען איז די נשמה, גלויבען זאָגאַר, אז פּלאַנצען, בוימער, שטיינער און אַלע אַנדערע זאכען האָבען נשמות. דיזע אַלע זאכען ווארפען דאָך אויך א שאָטען.

פון דיזע אַלע פארשיידענע גלויבענס איז מיט דער צייט

ארויסגעקומען א גאנצע „סיסטעמע": פריהער די נשמות פון פארשטארבענע עלטערען און קרובים, די וואס זיינען שוין פון לאנג געשטארבען, און די וואס זיינען ערשט ניט לאנג גע־שטארבען, דאן קומען די נשמות וואס זיינען אוועק אויף א צייט בעת דער מענש שלאפט. דיזע אלע נשמות זיינען אבער ניט אלע גוטע נשמות; עס זיינען פאראן נשמות פון פריינד און נשמות פון שונאים, נשמות פון גוטע מענשען און נשמות פון שלעכטע, פון אייגענע און פון פרעמדע, פון חיות און פון פלאנצען. די נשמות פארמערען זיך, וואס אמאל קומט מער צו. די פראגע איז איצט גאנץ נאטירליך: ווי האלטען זיך דיזע אלע נשמות אויף? געהען די גוטע נשמות ארום צוזאמען מיט די שלעכטע? וואהנען זיי, זא צו זאגען, אין די זעלבע טענע־מענט הייזער, אדער האבען זיי פארשיידענע וואוינונגען.

מאכט איין שפרייז פון דיזער פראגע, און איהר קומט אריין אין א „צווייטער וועלט".

## די אידעע וועגען עולם הבא.

דער גלויבען אין תחית המתים שליסט אין זיך איין דעם גלויבען אין א לעבען נאכ'ן טויט. דער אורשפרינגליכער מענש, אומפעהיג ווי ער איז זיך צו פארטיפען אין געדאנקען, אהן א פאסענדער שפראך אויסצודריקען טיפע געדאנקען, פאר־פלאנטערט זיך נאטירליך אין זיינע באגריפע און פון דעם קומט ארויס א כאאס פון געדאנקען וועגען דעם צוקינפטיגען לעבען, און פון דעם קומען אויך ארויס פיעלע ווידערשפריכע. צווישען די ווילדע שבטים וואס גלויבען, אז מיט דעם טויט ווערט דער מענש אין גאנצען פארניכטעט, געפינען מיר פון דעסטוועגען אזעלכע, ווי די וואס דער רייזענדער שווייכפורטה האט באגע־גענט אין אפריקא, וואס האבען אויסגעמידען געוויסע היילען אוים מורא פאר די בייזע גייסטער פון די וואס זיינען דארט געשטארבען.

אונבאשטימט ווי דיזער גלויבען אין א צוקינפטיגען לעבען איז אין אנפאנגס, קען מען פון דעסטוועגען באמערקען די הויפט־ציגע און די שטאפלען, ווי אזוי ער האט זיך אנטוויקעלט צו א

באשטימטהייט. אין דעם לעצטען קאפּיטעל האָבען מיר געזעהן, דאָס מאנכע גלויבען, אז דער קערפּער קען נאָכ'ן טויט נאָך א מאָל פארניכטעט ווערען, אז דאָס צווייטע לעבען ווענדט זיך דאדורך אָן דעם, ווי אזוי דער טויטער קערפּער ווערט אָפּגע־היט און באוואָרענט. עס זענען פאראן אזעלכע, וואָס גלויבען, אז נור געוויסע מענשען לעבען נאָכ'ן טויט. אין טאָנגאָ גלויבט מען, דאָס נור די עלטעסטע האָבען נשמות, אנדערע ווידער גלויבען, אז דאָס צווייטע לעבען ווענדט זיך אָן מצוות און מעשים טובים — די וואָס קענען אם בעסטען גנב'ענען פערד, אָדער הרג'ענען א שונא, א. אז. וו.

ווען מען רעדט היינט פון עולם הבא, פארשטעהט מען אן אונאויפהערליכעס, אייביגעס לעבען אויף „יענער וועלט". ניט אזוי איז געוועזען דער אָנפאנג פון דיזען גלויבען. ווי פיעלע פאקטען באווייזען, האט דער אורשפּרינגליכער מענש געגלויבט אז דאָס צווייטע לעבען איז באשרענקט, אז עס קומט א סוף צו דעם צווייטען לעבען; נאָך מעהר, די זעלבע איינדריקע וואָס האָבען דעם ווילדען געבראכט צו דעם גלויבען אין א לעבען אויף יענער וועלט, האָבען איהם צו דער זעלבער צייט געמאכט דענקען, אז דאָס לעבען אויף יענער וועלט קומט צו אן ענדע.

ווי מיר ווייסען, שפּילען חלומות א גרויסע ראָלע אין דעם ווילדען מענשענס לעבען. דער גלויבען, אז דער מענש לעבט נאָך דעם טויט, קומט מייסטענס פון דעם, וואָס דער ווילדער האט געזעהען זיינע געשטאָרבענע קרובים אין חלום; עס איז זעלבסט פארשטענדליך, דאָס די לאנג פארשטאָרבענע, פון וועלכע מען הערט אויף צו חלום'ן, הערט מען אויף צו באטראכטען אלס עקזיסטירענדע.

פון די פארשידענע מנהגים ביי דער קבורה, פון דעם מיטנעבען עסענוואַרג, קליידער, ווייבער און באדינטע, — וואָס די פארשידענע ווילדע שבטים היטען אָפּ, זעהט מען אז דער ווילדער האט זיך פאָרגעשטעלט דאָס צווייטע לעבען גראדע ווי דאָס ערשטע, און ניט נאָר דענקט דער אורשפּרינג־ליכער מענש, אז די מאטעריעלע באדירפנישע זיינען די זעלבע, נאָר אפילו די מאָראלע און גייסטיגע באדירפנישע זיינען אויך

גלייך ווי די, וואָס עקזיסטירען אויף דער וועלט. מיר געפינען דאדורך אין די גלויבענס וועגען הימעל גאנץ די זעלבע אָרגאַניזאציאָן ווי אויף דער ערד; דיזעלבע הערשער און באהערשטע, די זעלבע משפטים, די זעלבע אונגלייכהייט — „מלכותא דרקיע כמלכותא דארע" (די הערשאפט אין הימעל איז ווי די הערשאפט אויף דער ערד), ווי די גמרא דריקט זיך אויס קורץ און שארף.

דיזע גלויבענס האָבען זיך אייגענטליך ניט געענדערט ביז דעם היינטיגען טאָג, זיי האָבען נאָר אָנגענומען א ן אַ נ ד ע ר ע פ אָ ר מ ע, און טראָץ דעם וואָס פיעלע גלויבענס אין יענער וועלט עראינערען זעהר פיעל אָן דעם, וואָס מיר זעהען אויף די וועלט, איז פאָרט דער גלויבען א ביסעל אנדערש, ווי אין די אמאָליגע צייטען. מענשען גיבען היינט ניט מיט קיין ווייבער און באדינטע, מען גיט אויך ניט קיין געלט „צו האנדלען ווי ער האָט דאָ געהאנדעלט", מען גלויבט אויך ניט אז די טויטע געהען ארום אונז, און נאָך פיעלע אנדערע זאכען; דאָס איז אָבער נ אָ ר ד י א נ ט װ י ק ע ל ט ע פ אָ ר מ ע פון דעם אורשפרינגליכען גלויבען.

דאָס וואָרט „עולם הבא" האָט א טאָפּעלטע באדייטונג: ערשטענס, מיינט „עולם הבא" א צווייטע אָדער א צוקינפטיגע וועלט, און ווידער האָט עס די באדייטונג פון א ווייטען לעבען, פון א לעבען אויף יענער וועלט. די צוויי באגריפען און די רייהען פון אידעען וואָס קומען ארויס דערפון זיינען אזוי ענג פארבונדען, אז עס איז אונמעגליך צו רעדען וועגען איינע אָהן די צווייטע, ווייל גראדע אזוי ווי דער גלויבען אין א לעבען נאָך'ן טויט אנטוויקעלט זיך ביסלעכווייז פון די באגריפע פון דעם איצטיגען לעבען, אזוי אנטוויקעלט זיך די אידעע פון א צווייטע וועלט, דער פלאַץ וואו די טויטע האלטען זיך אויף, פון די װ ו א ו י נ ו נ ג ע ן פאר די לעבעדיגע אויף די וועלט.

אורשפרינגליך, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, איז דער גלויבען, אז די טויטע זיינען ביי דער האנט. דאָס וואָס דער ווילדער טראָגט יעדעם מאָל פרישע שפייז אויף דעם קבר, באווייזט, אז ער גלויבט דאָס דער טויטער איז ניט ווייט

אוועק. מאנכע ווילדע, ווי די קאמשאדעלס, געהען אפט איבער אין אן אנדער פלאץ און לאזען דעם טויטען קערפער אין דעם געצעלט וואו ער איז געשטארבען. די לעפטשאס פארלאזען דאס הויז וואו יעמאנד איז געשטארבען. דאס זעלבע זעהט מען ביי פיעלע אנדערע שבטים אין אפריקא.

אין דיזע פעלע איז די איבעראיינשטימונג פאלשטענדיג. פון די אנדערע אורשפרינגליכע אידעען, וועלכע מיר האבען פריהער באטראכט, קומט לאגיש ארויס דער גלויבען, אז דאס צווייטע לעבען ווערט דורכגעמאכט **אויף דעם זעלבען פלאץ ווי דאס ערשטע.**

אנדערשוואו קאן מען שוין באמערקען קליינע ענדערונגען. די געגענד, וואו די טויטע האלטען זיך אויף, ווערט א ביסעל דערווייטערט. אבוואהל זיי קומען אפט צוריק א היים, האלטען זיי זיך אבער געוועהנליך פון דער ווייטענס. אין נייקאלעדאניא גלויבען די איינגעבוירענע, אז די נשמות פון די טויטע האלטען זיך אויף אין די וועלדלעך און בוימער. פון אנדערע מנהגים קאן מען זעהן, דאס מאנכע האבען געגלויבט דאס די נשמות וואוינען אין די דערבייאיגע בערג, א. א. וו.

אין די ערטער וואו מען פלעגט באגראבען אין היילען, ווערען היילען דער פלאץ, וואו טויטע וואוינען און פון דיזען אנטוויקעלט זיך דער באגריף פון אן **אונטעראירדישע צווייטע וועלט.** דאס באגרעבענים אין די היילען ווי עס שיינט, האט זעהר פיעל פארשפרייט די אידעע פון א וועלט **אונטער דערערד.** מען דארף ניט פארגעסען, אז די אורשפרינגליכע מענשען האבען מייסטענס געלעבט אין היילען. דאס לעבען אין היילען און דאס באגראבען אין היילען, האט זעהר לייכט געקאנט ברענגען צו דער אידעע „עפר אתה ואל עפר תשוב" — דו קומסט פון דער ערד און געהסט צוריק צו דער ערד. אזוי צום בייששפיעל, גלויבען די פאטאגאניער, דאס מאנכע פון זיי וועלען נאך'ן טויט זיך צוריקקערען צו די „הייליגע היילען" פון וועלכע זיי זיינען באשאפען געווארען. ווען מען וויל נאך בארעכענען, אז אברהם אבינו, למשל, האט באגראבען זיין ווייב שרה אין דער מערת המכפלה, אין א הייל, און אז דאס ווארט „שאול", דאס

גהינם, מיינט ווערטערליך א גרוב, א הייל, וועט מען אויך זעהען א באווייז פון דער תורה וועגען דעם שייכות פון באגרעבעניסען אין היילען און דעם גלויבען אין אן אונטעראירדישע וועלט.

נאך א זאך האט בייגעטראגען צו דעם, וואס דער אורשפרינגליכער מענש האט אנגעהויבען צו גלויבען, אז „יענע וועלט“ איז ווייט א וועק, און דאס איז — די וואנדערונג.

דער ווילדער מענש האט ניט געקאנט זיצען אויף איין ארט. ניט וויסענדיג פון קיין ערד ארבייט, איז איהם אויסגעקומען זיך צו ערנערען פון יאגד. דיזעס האט איהם שטענדיג געצוואונגען צו זוכען נייע געגענדען. אין די שפעטערע צייטען אפילו, ווען מענשען האבען שוין געוואוסט פון פיהצוכט, האבען זיי אויך געמוזט האלטען אין איין וואנדערען, צוליב שפייז, אדער וואסער, אדער ווילדע חיות, א. א. וו.

די יעגערס און פיהפיטערערס, וועלכע האבען אויף אזא אופן אוועקגעוואנדערט, האבען נאטירליכערווייזע זעהר אפט געחלום'ט פון די מענשען און פלעצער, וואס זיי האבען איבערגעלאזען. וואס א חלום איז ביי דעם ווילדען, ווייסט איהר שוין: דער צווייטער „איך“ איז אוועק. חלומ'ען פון דער אלטער היימאט, הייסט אלזא אז דער צווייטער איך האט געמאכט א רייזע פון וואנען ער איז געקומען. וואס איז נאך'ן טויט? גאנץ דאס זעלבע. דער צווייטער איך איז אוועק ווייט, גאנץ ווייט, און ער קומט ניט מעהר צוריק. ער האט אימער געוואלט אוועקגעהן ווייט, פון וואנען ער איז געקומען, און ער האט ענדליך אזוי געטאן.

די אידעע פון שטארבען האט זיך דאדורך אנטוויקעלט אלס א לעבען צוזאמען מיט איינעם'ס עלטערען, ווייט אוועק פון דעם פלאץ, וואו ער האט פריהער געלעבט. דיזע אידעע געפינען מיר ביי פארשידענע פעלקער: צווישען די פערואנער, ווען אן אינקא (קעניג) פלעגט שטארבען, פלעגט מען זאגען: „מען האט איהם א היים גערופען צו די וואהנונג פון זיין פאטער, די זון“. ווען די מאנדאנס שטארבען, ערווארטען זיי צוריקצוקערען צו דעם פלאץ פון זייערע אורעלטערען. ווען א סאנדאל שטארבט ווייט פון דעם טייך, נעמט זיין נאהענט

סטער קרוב אן איבערבלייבעכץ פון דעם טויטען און טראָגט עס אוועק אין טייך, כדי דער שטראָם זאָל עס ברענגען צו דעם ווייטען מזרח־לאנד, פון וואנען זיינע עלטערען זיינען געקומען. פילע פעלקער רופען שטארבען: „געהן א היים“, „זיך צוריק־קערען צו די עלטערען“. גאנץ דאָס זעלבע געפינען מיר אויך אין דער תורה: ווען עס איז געקומען די צייט פון יעקב אבינו צו שטארבען, האָט ער צוגערופען זיין זוהן יוסף צום בעט און איהם באפוילען, אז ער זאָל איהם ניט באגראָבען אין מצרים. רש"י זאָגט, אז דאָס איז געווען צוליב „גלגול מחילות“, ער זאָל זיך ניט דארפען קייקלען נאָך'ן טויט קיין ארץ ישראל. נאָך דיזען באפעל האָט ער ווייטער געזאָגט: „ושכבתי עם אבותי“ און איך וועל ליגען מיט מיינע על־טערען. (*) ווען יעקב איז געשטאָרבען, שטעהט אין פסוק: „ויגוע ויאסף אל עמיו“, און ער איז אויסגעגאנגען און איז געוואָרען איינגעזאמעלט צו זיינע לייטע, צו זיינע קרובים, צו זיינע אורעלטערען. (דאָס איז דער ריכטיגער טייטש פון דעם וואָרט: עמיו).

די אורשפרינגליכע מענשען האָבען געוואנדערט אין פאר־שידענע ריכטונגען, די באגריפען וועגען דעם, וואו „יענע וועלט“ געפינט זיך, האָבען אלזאָ געמוזט זיין פארשידען. מיר געפינען טאקע, אז עס איז אזוי. פארשידענע ווילדע שבטים האָבען פאַרשידענע פאָרשטעלונגען וועגען זייער „יע־נער וועלט“, און אין די מייסטע פעלע שטימען דיזע באגריפע

---

*) אינטערעסאנט איז וואָס רש"י זאָגט אויסדריקליך, אז די פראזע: „איך וועל ליגען מיט מיינע עלטערען“, באציהט זיך ניט אויף די קבורה, נאָר אויף דעם שטארבען גופא, ווייל עס שטעהט דאָך ווייטער אין פסוק: ונשאתני ממצרים וקברתני בקברתם“, און איהר זאָלט מיך טראָגען פון מצרים און איהר זאָלט מיך באגראָ־בען אין זייער באגרעבעניס. אזוי שטעהט אין אן אנדער פסוק, זאָגט רש"י, „וישכב דוד עם אבותיו, ויקבר בעיר דוד“, און דוד איז געלעגען מיט זיינע עלטערען, ד. ה. ער איז געשטאָרבען, און מען האָט איהם באגראָבען אין דער שטאָדט דוד. „ליגען מיט די עלטערען, געהן צו די עלטערען“, מיינט אלזאָ שטארבען.

מיט זייערע טראדיציעס וועגען זייער אָפּשטאמונג. די טשאָנאָס אין זיד־אמעריקא, רעכענען זייער אָפּשטאמונג פון די מעריב־פעלקער פון "יענער זייט ים"; און זיי ערוואַרטען אהין צו געהן נאָך דעם טויט. זייערע שכנים די אראוקאנער גלויבען, דאָס נאָך'ן טויט געהען זיי אריבער דעם ים צו מעריב זייט. די פּערואנער ווידער, וועלכע גלויבען אז זיי שטאמען פון מזרח־זייט, דענקען אז זיי געהען נאָכ'ן טויט צו מזרח, און באגראָבען זייערע טויטע מיט דעם פּנים צו מזרח. דאָס גן עדן פון די אַטטאָמאקס איז אין מזרח, און די צענטראַל אמערי־קאנער אינדיאנער האָבען זייער גן עדן, „וואו די זון געהט אויף", א. ז. וו.

צוזאמען מיט די פארשידענע באגריפען וואו יענע וועלט געפינט זיך, זענען ענג פארבונדען פארשידענע אידעען וועגען דער רייזע נאָך'ן טויט. נאטירליך, איז די צוגרייטונג צו דיזער רייזע איבעראַל אנדערש. אזוי האָבען מיר א רייזע אונטער דער ערד; א רייזע איבער'ן לאנד, א רייזע אונטערען טייך; א רייזע איבער'ן ים, א. ז. וו.

די צוגרייטונג איז איבעראל לויט דעם, וואָס'ערע רייזע דער טויטער ערוואַרטעט צו מאכען. דעריבער געבען די פּי־דזשאָנס דעם טויטען א שטעקען אין דער האנד צו פּארטיידי־גונג; דעריבער בינדען די ניי־קאַלאַדאָניער צו א מין פּיקע צו דעם פינגער פון דעם טויטען; דאריבער זיינען אנדערע מקריב א פערד אָדער א קעמעל אויף די לאנגע רייזע פון דעם פאר־שטאָרבענעם; דעריבער לייגען די עסקימאָסען אויף דעם קבר פון א קינד דעם קאָפּ פון א הונד, אלס א פיהרער צו דעם לאנד פון די נשמות; דעריבער די שוץ־געלט (*) און די פרע־זענטער אונטערצוקויפען די מחבלים, וועלכע מען טרעפט אָן אויף דעם וועג; דעריבער גיבען אידען גאָפּעלעך אין דער האנד אריין, א. ז. וו.

ווי איהר זעהט, האָט דאָס וואנדערן אזוי ווייט געפיהרט די מענשען, דאָס זיי זיינען אזש נאָכ'ן טויט אוועקגעוואנדערט אין א צווייטע וועלט. מענשען האָבען אָבער גרויסע אויגען, זיי

(*) צדקה תציל ממות ביי אידען שטאמט אויך דערפון.

פארגינען ניט. און וואס איז ביי זיי בלויז נאר נאך איין וועלט? די אידען האבען זיך באשאפען דריי הונדערט מיט צען וועל־טען, און אלע אנדערע האבען אם ווייניגסטענס צוויי וועלטען, אויסער דיזע וועלכע זיי לעבען.

אין דער צייט פון וואנדערן האבען די ווילדע זעהר אפט באדארפט מלחמה האלטען מיט אנדערע שבטים, וועלכע זיינען שוין געוועזן פון פריהער באזעצט אין די פלעצער. אין אזא פאל זענען געוועזן זיגער און באזיגטע. ס'איז זעלבסטפארשטענד־ליך, אז די באזיגטע זענען נאכ'ן טויט ניט געגאנגען אין די זעלבע פלעצער וואו די זיגער, שוין צוליב דעם אליין, וואס זיי זענען דאך געקומען פון פארשידענע געגענדען. די „היים פון זייערע עלטערען" איז אלזא ניט געוועזן דיזעלבע. די באזיגטע זיינען נאטירליך געוועזן קערפערליך און אפשר אויך גייסטיג די שוואכערע, זיי זענען דאדורך געוועזן פאראכטעטע שקלאפען, און עס איז געוועזן אונמעגליך צו גלויבען, אז דיזע לייטע זאלען נאך'ן טויט געהן אויף דעם זעלבען פלאץ ווי די פעהיגע און שטארקע הערשער. פאר זיי איז אלזא מן הסתם דא אנאנדער וועלט. און אזוי ווי אין יענע צייטען זיינען שטארקייט און מוטה געוועזן די איינציגע מעלות פון א מענשען, זיינען שוואכקייט און אונטערטעניגקייט געוועזן די איינציגע חסרונות. די בא־זיעגטע, די אונטערדריקטע זיינען דאדורך צו די זעלבע צייט די שלעכטע, די רשעים. דער פלאץ וואוהין זיי געהן נאך'ן טויט, מוז אלזא זיין א פלאץ פאר שלעכטע מענשען, ווערענד דער ארט פון די באזיגער, פון די הערשער איז אן ארט פאר פיינע לייטע. מיר האבען דא דעם שליסעל צו די צוויי וועלטען: — דעם גיהנום מיט דעם גן עדן.

איצט פעלט אונז נאך איין זאך: אז דער הימעל זאל ווערען יענע וועלט. און פון דעם ארט וואו מיר זיינען יעצט אנגעקומען איז שוין גאנץ נאהענט צו־צוקומען צום הימעל.

פילע פעלקער באגראבען זייערע עלטסטע אויף די שפיצען פון הויכע בערג. ביי דיזעלבע פעלקער געפינען מיר דעם גלויבען, דאס די נשמות פון די טויטע וואוינען אויף די שפיץ בערג. ווען מען האט אין זינען, אז דער הימעל איז געוועזן באטראכט אלס א גרויסער דאך איבער דער ערד, וועלכער האלט זיך אויף

די שפּיצען פון די בערג, וועט מען זעהן, דאָס דער שלום, אז דיזע נשמות קענען לייכט צוקומען צום הימעל איז א גאַנץ לאַגישער. די הויכע בערג שפּיעלען איבערהויפּט א גרויסע ראָלע אין אַלע רעליגיאָנען. די מיטהאָלאָגישע געטער פון די אַלטע גריכען האָבען געוואוינט אויף דעם שפּיץ בארג אָלימפּוס. וואָס די בערג זיינען אין די אידישע רעליגיאָן, דאַרף מען דאָ ניט דערצעהלען, גאָט האָט אימער גערעדט צו משה'ן פון בערג; די תורה האָט מען געבראכט פון א בארג א. ז. וו.

די אַלע אָנגעגעבענע פאקטען פיהרען אונז צום שלום, דאָס די אידעע פון עולם הבא איז דורכגעגאנגען פארשידענע שטופען פון אנטוויקלונג. די וואוינונגען פון די טויטע, וועלכע זענען ארשפּרינגליך געווען ניט ווייט פון די לעבעדיגע, האָבען זיך ביסלעכווייז אלץ דערווייטערט און דערווייטערט ביז אין הימעל אריין.

דער גלויבען, אז די טויטע פאראייניגען זיך מיט זייערע עלטערן האָט געפירט צו נאָך ווייטערע אנטוויקלונג, וועלכע איז פארשידען נאָך די פארשידענע טראדיציעס. ביי די וואָס האָבען געלעבט אין היילען, האָט זיך אנטוויקעלט דער גלויבען, אז די טויטע געהן אוועק אין אנאנדער וועלט אונטער דער ערד, פון וואנען זיי שטאמען; ווערענד די „יענע וועלט" פון וואנדע־רענדע פעלקער זענען די וואוינונגען פון זייערע עלטערן, צו וועלכע זיי ריידען נאָכ'ן טויט: איבער'ן לאנד, אונטער א טייך אָדער גאָר דורך דעם ים, — די זעלבע רייזע וואָס זיי מאכען לעבעדיגערהייט ביים וואנדערען. די פעלקער וואָס באשטעהען פון באזיגער און באזיגטע, וועלכע האָבען, נאטירליך, פארשי־דענע טראדיציעס וועגען זייער אָפּשטאמונג, האָבען אויך פאר־שידענע יענע וועלטען, וועלכע צעטיילען זיך ווידער אין העכערע און נידעריגערע פּלעצער אין איינקלאנג מיט די שטע־לונג פון פארשידענע שבטים; און ענדליך, וואו די פּלעצער פאר די נשמות אָדער פאר די עלטסטע פון זיי זיינען די שפּיצען פון די בערג, זעהען מיר אן איבערגאנג צו דעם הימעל, וועלכע איז אין אָנפאנגס נאָנט און באשטימט, נאָר געהט איבער שפּעטער אין דעם ווייטען און אומבאשטימטען. אזוי ווערט די פאָרשטעלונג וועגען די וואוינונגען פון די טויטע אלץ מער

דערוויטערט אין געדאנק: די ווייטקיים און די ריכטונג ווערען אלץ מער אומבאשטימט, ביז דער פּלאץ פארשווינדט אין גאנ־צען פון דער וועלט.

אלע דיזע באגריפען, וועלכע שטאמען פון די אורשפּרינגליכע אידעען וועגען טויט, געהן גלייכצייטיג דורך די זעלבע ענדערונגען. דאָס צוריק־לעבעדיג־ווערען, וואָס פלעגט ערווארטעט ווערען יעדען טאָג, ווערט ביסלעכוויז אָפּגעלעגט אויף אן אומבאַ־שטימטער צייט; די גייסטער, וואָס זענען אמאָל געווען באַ־טראַכט אלס ווירקליכע, לעבעדיגע זאכען, פארשווינדען און ווערען רוחניה־זאכען; דאָס צווייטע לעבען, וועלכעס איז אָנ־פאנגס געווען א ווידערהאָלונג פון דעם ערשטען לעבען, ווערט אלץ מער און מער פארשידען פון דיזען לעבען; און דער פּלאץ, וואו דאָס צווייטע לעבען עקזיסטירט, אָנפאנגס א גאנץ באוואו־סטער, באשטימטער, דערבייאיגער פּלאץ, ווערט אלץ ווייטער, אן אומבאשטימטער, אומבאוואוסטער און אומדערנקבארער ערגעץ־וואו, ווייט אין הימעל.

אין די לאנגע רייזע וואָס מיר האָבען געמאכט, זיינען מיר ענדליך אָנגעקומען אויף יענער וועלט; אויך דאָרט קען מען נאָך אלץ גאָט ניט געפינען. אום צו געפינען גאָט, וועלען מיר מוזען ווייטער רייזען; מיר וועלען פריהער מוזען נעהענטער באקאנט ווערען מיט די „גרויסע נשמות“, וואָס קומען גלייך אין גן עדן אריין, מיט דעם וואָס זיי קענען אויפטהאָן, א. ז. וו. דיזע רייזע וועלען מיר מאכען אין די ווייטערע קאפּיטלעך.

## איבערנאַטירליכע קרעפטען.

מיט דער הויך־אנטוויקעלטער שפּראך וואָס מיר באזיצען היינט איז שווער אויסצודריקען די געדאנקען פון די ווילדע מענשען. זעהר אָפט ווערען זייערע געדאנקען מיסרעפּרעזענטירט. ווען מען זאָגט היינט, צום ביישפּיעל, „איבערנאַטירליכע קרעפּ־טען“ פארשטעהט מען, אז עס זענען אויך דאָ נאַטירליכע קרעפּ־טען. נאָך מער: איידער מען באגרייפט וואָס הייסט נאַטירליך איז גאָר ניט מעגליך קיין אידעע פון „איבערנאַטירליך“. איך מוז אָבער געברויכען דאָס וואָרט, ווייל עס איז ניטאָ קיין

בעסערס. דער לעזער דאַרף זיך אָבער היטען צוצושרייבען דעם ווילדען דיזע באגריפען, וואָס מיר פארשטעהען היינט אונטער דעם וואָרט „איבערנאטירליך“.

נאָך דיזער הקדמה לאָמיר זיך אָבמאָלען, אויף ווי פיעל עס איז מעגליך, די איינגעבילדעטע אומגעבונג, וואָס דער וויל־דער באשאפט פאר זיך פון די אידעען, וואָס זענען געווען באַ־שריבען אין די פריהערדיגע קאפיטלעך.

מיט יעדען טויט, וואָס טרעפט פון צייט צו צייט ביי א ווילדען שבט, קומט צו א גייסט ווי די פילע גייסטער, וואָס זיינען פריהער געשטאָרבען. ווי מיר האָבען געזעהן, איז אָנפאנגס געווען דער גלויבען, אז דיזע גייסטער זיינען ניט ווייט אוועק, אז זיי באזוכען אָפט די אלטע היימאט, דרעהען זיך ארום דעם קבר און וואנדערן אין די דאבייאיגע וועלדלאך. דיזע גייסטער, פארמערענדיג זיך כסדר, בילדען מיט דער צייט א גאנצע באפעלקערונג.

אין א פריהעריגען קאפיטעל איז שוין באוויזען געוואָרען, אז פיעלע פעלקער, די אידען אריינגעבראכט, האָבען געגלויבט, און מאנכע גלויבען נאָך היינט, אז די וועלט איז פול מיט רוחות און מזיקים. נאָך איינעגע פאקטען וועלען פון דעסטוועגען דאָ זיין אם פלאַץ.

„ביי די ניקאָבאַרס איז א מנהג, דאָס איין מאָל אין יאָהר, אָדער אין צייט פון עפידעמישע קראנקהייט, בויען זיי א גרויסע שיף, און זייער מינלאָווען (דער פריסטער), לאָזט ארומשלעפען די שיף פון הויז צו הויז, מיט זיין געשריי צווינגט ער אלע שלעכטע גייסטער ארויסצוקומען פון די הייזער און אריין אין שיף; מענער, ווייבער און קינדער העלפען ביי דיזער ארבייט. נאָכהער פארמאכט מען פעסט די טירען, די לייטערס ווערען אוועקגענומען, און די שיף ווערט אוועקגעשלעפט צו די ברעג־געס פון ים, וואו זי ווערט באלד פארשלונגען פון די כוואליעס מיט די גאנצע מחנה טייוואָלים“.

אן עהנליכען מנהג געפינען מיר אין די מאָלדיווע אינזלען. מאנכע אינדיאנער אין קאליפאָרניא פארטרייבען יעדעס יאָהר די טייוואָלים וואָס האָבען זיך אָנגעקליבען דורך דעם יאָהר. די אידען, וואָס ווייסען אז פון יעדע עבירה ווערט געבוירען א מזיק,

וועלען זעהן אין די אידישע תשליך עפּעס א שייכות מיט דעם מנהג פון די ניקאָבאָרס. ביי קיין פאָלק, שיינט מיר, איז ניטאָ אַזוי פיעל טייוואָלים ווי ביי אידען. וואָס שטעהט אין פסוק: „יפול מצדך אלף ורבבה ממינך" — פון דיין זייט זאָל אָפּפאַלען טויזענד, און פון דיין רעכטער צעהנער טויזענד — זאָגט די גמרא, מיינט מען דאָס „יענע לייט". אין רוסישע קליינע שטעדט־לעך זעהט מען נאָך היינט ארומגעהן דעם גלח אין א געווייסען טאָג „שווענטשען".

די קערפּערלאָזע נשמות האָבען נאַטירליך ניט אימער דעם זעלבען געשטאַלט. זיי בייטען אָפּט די פאָרמע. מיט דער צייט פארגעסט מען דעם סדר הדורות, זיי זאמלען זיך אָן אזוי פיל אז מען קען מעהר קיין רעכנונג ניט האַלטען, אַלעס וואָס מען ווייס איז, אז עס איז פאראן אן אונגעהייערע מאַסע נשמות; דאַן קומען שוין אויך אויף נייע ערקלערונגען וועגען זייער ענטשטעהונג. עס איז אָבער קלאָר, אז אורשפּרינגליך קומען זיי ארויס פון דעם גלויבען אין די נשמות פון די טויטע.

און דיזע אומגעהייערע צאָל פון קערפּערלאָזע נשמות זענען דעם ווילדען שטארק צוניץ געקומען, ער האָט זיי באדארפט, אַזוי צו זאָגען, אין זיין געשעפט, איצט האָט זיך פאר איהם געעפענט א נייע וועלט. פיעלע ערשיינונגען אויף דעם הימעל אויף דער ערד, די אַלע ענדערונגען, וואָס ער האָט זיך פריהער בשום אופן ניט געקענט ערקלערן, ווערען ביי איהם יעצט לייכט פארענטפערט. די וואָלקענס וואָס זאמלען זיך אָן און ווערען פארשוואונדען, די שים־שטערן, וועלכע צייגען זיך און פארגעהן, א שטורם, אן ערד ציטערנים, אן אויסברוך פון א וואולקאן — אַלע דיזע זאכען זענען אים איצט פארשטענדליך. דיזע ברואים, וועלכע האָבען דעם כח זיך צו צייגען און זיך צו מאַכען אונזיכט־באר, דיזע חברה־לייט זענען דאָס אומעטום און זיי באַזאָרגען דאָס דיזע אַלע זאכען. און דיזעס ווידער פארשטארקט דעם גלויבען אין די עקזיסטענץ פון די נשמות. אַזוי ווי קיין ריכטיגע ערקלערונג וועגען די ענדערונג אין די נאַטור קען דער ווילדער זיך ניט פאָרשטעלען, קומט ער צום שלוס, אז דאָס אַלעס ווערט געטאָן פון די נשמות פון די טויטע. היינט ווען זיי קענען דאָס אַלץ אויפטאָן, איז דאָך א סימן, אז די נשמות עקזיסטירען

נאָך דעם טויט. אויף דיזען סאָרט דענקען דארף מען זיך ניט וואונדערן, מען געפינט דאָס ביי אַנדערע מענשען אויסער די ווילדע. די גאַנצע זאַגענאַנטע רעליגיאָנס „פילאָזאָפיע“ געהט צו אויף אַזא אופן. דער גריכישער פילאָזאָף סאָקראַטעס האָט גראָד אויף אַזא אופן „באַוויזען“ די אומשטערבליכקייט פון דער נשמה.

דיזע ערקלערונג פון די נאַטור ערשיינונגען איז אייגענט־ליך די בעסטע וואָס מען האָט געקענט געבען, איידער מענשען האָבען געוואוסט די וויסענשאַפטליכע ערקלערונגען. דער רייזענדער ליווינגסטאָן דערציילט פון געוויסע פעלזענשטיינער וועלכע, ווערענדיג שטאַרק אָנגעהייצט פון דער זון, און דאַן מיט אַמאָל אָפּגעקילט, צוקנאַקען מיט א גרויסען גערויש. דיזע קנאַקעריי זאָגען די איינגעבוירענע ווילדע, קומען פון די שדים, וואָס צוברעכען די שטיינער. ווי קענען זיי דאָס אַנדערש ער־קלערען אומציוויליזירטע מענשען קענען ניט באַגרייפען ווי אַזוי א שטיין קען קנאַקען פון אונגלייכמעסיגע צוזאַמענציהונג; און ניט האָבענדיג דיזען באַגריף, וואָסער אַנדער ערקלערונג פאַר דעם קנאַקען פון דעם שטיין קען זיין, ווי נור, אַז דאָס איז די ארבייט פון יענע בייזוויליגע חברה, וועלכע זענען פול אומעטום?

האררים, אין זיין באַשרייבונג פון די דאַנקילס, דערציילט: יעדעס מאָל ווען עס טרעפט א שטורם־ווינד, קען מען זעהן א דוצענד ווילדע נאָכלויפען מיט זייערע וואָפען אין די הענד, און שטעכען עס אריין גראדע אין די מיט, וואו דער שטויב הויבט זיך אויף, צו פאַרטרייבען די מזיקים, וואָס רייטען אויף דעם ווינד.

טהאָמסאָן זאָגט: די אראקוניאַנער גלויבען, דאָס א שטורם־ווינט ווערט פאַראורזאַכט פון די מלחמות, וואָס די נשמות פון זייערע לאַנדס־לייט פיהרען מיט זייערע שונאים. די גמרא אין ברכות זאָגט: דאָס וואָס דער ווינד הייבט זיך א מאָל אָן צו דרעהען און דרעהען, קומט פון די שדים וואָס טאַנצען דאָן, און ווען מען זאָל דאַן אריינוואַרפען א מעסער מיט דעם שפּיץ אַראָפּ, וועט מען זעהן בלוט. נאַטירליך, דארף מען דאָס ניט טאָן,

ווייל ס'איז אַ סכנה, מען קען דאַן אַליין ניזוק ווערען. אידען גלויבען דאָס ביז דעם היינטיגען טאָג.

דער אונטערשיד פון די גאַנץ אורשפּרינגליכע מענשען ביז די מער אַנטוויקעלטע, ווי אין די צייטען פון דער גמרא, אָדער דיזע ווילדע וואָס גלויבען עס נאָך היינט, באַשטעהט נאָר אין דעם, וואָס די ערשטע שרייבען דאָס אַלעס צו דירעקט צו די נמשות פון זייערע פאַרשטאָרבענע עלטערען, ווערענד ביי די מער אַנטוויקעלטע מענשען, נעמען דיזע נשמות אָן אַ זעלבסטשטענדיגע, אומבאַשטימטע געשטאַלט און עקזיסטענץ.

אין דעם טייך איז אַ מאָל איינער פון די ווילדע דער־טרונקען געוואָרען און האָט זיך מעהר ניט געצייגט. דאָס האָט אודאי געטראָפען גאַנץ אָפט אין דעם זעלביגען טייך. ניט ווייט פון דעם אָרט, זעהט מען אַמאָל די כוואַליעס שלאָגען, די שטיקלעך האָלץ וואָס שווימען דאָרט ארום נעמען זיך דרע־העז מיט אַ גרויסער שנעליגקייט, ביז זיי ווערען איינגעשלונגען און פאַרשוואונדען. וואָס קען נאָך זיין זעלבסטשטענדיגער ווי, אַז דער „צווייטער איך" פון דעם דערטרונקענעם — להכעים'ני־קעם ווי די צווייטע „איך'ס" זיינען — וואָהנט אין די געגענד און שלעפּט אריין אין וואַסער דיזע אַלע זאַכען. נאָך מעהר: ער שלעפּט אויך אַ מאָל אריין מענשען וואָס וואַגען זיך צוצו־קומען צו נאָהענט. שטרענגט זיך אַ ביסעל אָן און איהר וועט זיך עראינערען, דאָס ניט לאַנג צוריק האָט איהר דאָס אַליין געגלויבט; איהר גלויבט עס נאָך אפשר היינט אויך. ווען די וואָס האָבען געקענט דעם דערטרונקענעם זיינען צושטאָרבען, ווען די איינצעלהייטען פון דער פּאַסירונג זענען, אין פאַרלויף פון די יאָרען, פאַרגעסען; און ספּעציעל, ווען דיזער שטאַם ווערט באַזיגט פון אַ צווייטען, וועלכער ווייס גאָר ניט פון זיין פאַרגאַנגענע היסטאָריע — דאַן בלייבט נאָר די מעשה פון אַ וואַסער־טייוועל, וואָס באַזוכט דעם פּלאַץ און מאַכט אָן אַלערליי צרות. און אַזוי געהט עס כסדר. אין פאַרלויף פון דער צייט פאַרלירט מען דעם רעכנונג און דעם סדר היחוס פון די אַלע נשמות; אַלץ וואָס בלייבט, איז די טראַדיציע; די מעשיות ווערען אימער אַנדערש דערצעהלט; די ענדערונגען אין דער נאַטור הערען ניט אויף, קיינע וויסענשאַפטליכע ערקלערונגען

ווייס מען ניט, און אזוי ענטשטעהט א וועלט פון שדים רוחות און מזיקים, מיט פארשידענע איינבילדונגען וועגען זייער אנט־שטעהונג און וואס זיי קענען אויפטאָן.

אז די גייסטער פון די טויטע, ווערענדיג, אמת, וואס מעהר אומבאשטימט, באהאלטען אָבער א פערזענליכען געשטאלט, זיינען דאס די לייטע וואס מאכען אלע ענדערונגען אין די אויסערליכע נאטור, קענען זיי נאטירליך אויך מאכען ענדערונגען אין די מענשליכע אנגעלעגענהייט. זייענדיג צו יעדער צייט ביי דער האנד, און האנדלענדיג לויט פערזענליכע פיינדשאפט אָדער פריינדשאפט, איז גאנץ אונגלויבליך זיי זאָלען זיך ניט מישען אין די מענשליכע האנדלונגען. די נשמה פון א שונא שפירט אלע מאָל נאָך אָנצומאכען צרות, ווערענד די נשמה פון א פריינד אָדער א קרוב איז אלע מאָל פערטיג אויסצוהיטען פון אן אונגליק, אָבער אויך אָנצומאכען א שאָדען, ווען מען דערצערענט איהר. ביי אלע פעלקער געפינען מיר טאקי אויף דיזען אופן ערקלערט די אורזאכע פון ערפאָלג אָדער מיסערפאָלג. דעם ערפאָלג ברייננגען די גוטע נשמות און דעם מיסערפאָלג — די שלעכטע; און דער אונטערשיד אין די גלויבענס ביי די פארשידענע פעלקער איז נאָר אין זייער גראד פון אנטוויקלונג. ביי אידען, למשל, גלויבט מען ניט אזוי פיל אין דירעקטע נשמות. הגם די נשמות האָבען ביי אידען א גרויסען כח, אָבער אין גוטע מלאכים און אין מלאכי הבלה. יעדע זאך וואס געשעהט א אידען קומט פון א גוטען אָדער א שלעכטען מלאך. פון יעדע עבירה וואס א איד טהוט ווערט געבוירען א מזיק, און פון יעדע מצוה — א מליץ; די איינע ווילען איהם טהאָן שלעכטס און די אנדערע גוטעס, און צווישען דיזע צוויי מחנות איז כסדר א מחלוקה. זיי טרעטען איהם ניט אָפּ אפילו נאָכ׳ן טויט. דארום טאָר מען ניט געהן פון פאָרענט ביי א לויה. פרייטאג צו נאכט, ווען א איד קומט א היים פון שול, באגעגענען איהם נאָר גוטע מלאכים, דארום זאָגט ער: „שלום עליכם"; אין מצוה סוכה זיצען מיט איהם אלס געסט די גוטע מלאכים; איבערהויפט, ווען א איד טוט א מצוה, קאָן איהם קיין שלעכטס ניט געשעהן. דאָס האָט שוין די גמרא באוואָרענט. זי זאָגט: שלוחי מצוה אינן

ניזוקין, (צו די וואָס געהן טאָן א מצוה געשעהט קיין שלעכטס) פארקערט, שלעכט קומט נאָר פון די „ניט גוטע".

אין דער אידישער שפּראך געפינט מען אָנדייטונג אויף דיזען גלויבען. א געלט שאָדען הייסט א „היזיק" ווען איינעם געשעעט אן אומגליק צו זיין גוף, זאָגט מען, ער איז „ניזוק" געוואָרען, וועלכעס האָט א גרויסעס שייכות מיט דעם וואָרט „מזיק". דאָס זעלבע זעהט מען ביי אנדערע פעלקער.

איצט, אז מיר האָבען שוין געזעהן, ווי אזוי דער ווילדער איז געקומען צום געדאנק, אז יעדע טעטיגקייט אין זיין אומגעבונג ווערט קאָנטראָלירט פון די גייסטער פון די טויטע; ווי אזוי דיזע גייסטער ענטוויקלען זיך, מיט דער צייט, צו גייסטער, מער אָדער ווייניגער פארשידען פון די אורשפּרינגליכע נשמות; לאָמיר איצט באטראַכטען, ווי אזוי דער ווילדער הויבט אָן אויף דעם זעלבען אופן צו דענקען, אז דיזע גייסטער קאָנטראָלירען אויך די טעטיגקייט אין זיין גוף און אין די גופים פון אנדערע מענשען.

* * *

מיר מוזען איצט אָנהויבען פון דאָס ניי. די ערשיינונגען, וועלכע באווייזען די אנטוויקלונג פון דער מענשהייט, קומען ניט פּאָר איינע נאָך די אנדערע אין אָרדנונג, אז מען זאָל זיי קענען ארויסשטעלען אין א רייהע; די אנטוויקלונג געהט ווי א זיג־זאג, א מאָל געהט עס פּאָראויס און א מאָל ריקווערטס. די אונטערזוכונג מוז דאדורך צוגעהן אויף דעם זעלבען אופן. מיר האָבען אָנגעהויבען מיט די אורשפּרינגליכע אידעען פן די מענשען, ווי זיי האָבען באטראכט דעם שלאָף, די באוואוסטלאָזיגקייט און דעם טויט; פון דיזע אידעען, האָט זיך ביי זיי אנטוויקעלט געדאנקען פון השארת הנפש (אומשטערבליכקייט פון דער זעלע) און פון עולם הבא; מיר האָבען אויך געזעהן, אז פון די זעלבע אורשפּרינגליכע אידעען האָט זיך אנטוויקעלט דער גלויבען אין שדים, רוחות און מזיקים וועלכע זיינען פול אין דער גאנצער וועלט און וואָסער איבערנאטירליכע קראפט זיי באזיצען. מיר וועלען איצט באטראכטען ווי אזוי עס האָט זיך גלייכצייטיג אנטוויקעלט אן אנדער רייהע פון אידעען פון דיזעלבע אורשפּרינגליכע מיינונגען וועגען טויט.

אין צייט פון שלאף, חלשות אדער אפאפלעקסיע, איז דער קערפער כמעט גאנץ רוהיג; ביים טויט איז די רוהיגקייט פאל־שטענדיג. עס קומט אלזא אויס, דאס ווען דער צווייטער „איך" געהט אוועק, ליגט דער קערפער שטיל און טוט גאר ניט. עס טרעפט אבער א מאל דאס דער קערפער ליגענדיג אויף ד׳רערד מיט פארמאכטע אויגען, נעמט זיך ווארפען און דרייען און שרייען; און נאכדעם, ווען דער מענש איז אויפגעוואכט, ווייס ער פון גאר ניט צו זאגען; ער לייקענט נאך אב, אז ער האט זיך געווארפען אדער געשריען, ווערענד די אנדערע האבען עס אליין געזעהן מיט זייערע אויגען. ווי קען מען דיזעס ערקלע־רען? אז דער צווייטער „איך" איז אוועק איז זיכער. ווי קומט אבער וואס דער קערפער האט געמאכט אזעלכע משוגענע הויות?

דער ענטפער וואס דער ווילדער האט געגעבען אויף דיזע פראגע, איז די פארנינפטיגע וואס מען קען זיך דענקען פון זיין שטאנדפונקט.

אונטער די פארשידענע פארמען פון אומבאוועגליכקייט אין צייט פון שלאף, חלשות, א. ז. וו. געהט די נשמה אוועק שפאצירען, און ווען זי קומט צוריק, ווערט דער מענש ווידער באוועגליך — די נשמה קען אלזא ניט נאר ארויסגעהן פונ׳ם גוף, זי קען צוריק אריין אין גוף ווען איר פארווילט זיך. איז אפשר מעגליך, א פרעמדע נשמה זאל פארבלאנדזשען אין דעם גוף אריין? דער ווילדער דענקט, עס איז מעגליך.

פון דעם קומט די ערקלערונג וועגען עפילעפסיע (די פאל־ליגע). די קאנגאס זאגען, עפילעפסיע קומט פון א דיבוק. צווי־שען די אסט־אפריקאנער איז „חולה נופל" א גאנץ געוועהנליכע זאך, און דיזעס האט פאראורזאכט דער גלויבען אין א דיבוק; די קאלמיקען באטראכטען עפילעפטיקער פאר מענשען, אין וועמען בייזע גייסטער האבען זיך באזעצט. אז די אידען גלויבען דאס זעלבע, דארף מען דא ניט דערצעהלען; די אראבער גע־ברויכען דאס זעלבע ווארט פאר דיבוק און עפילעפסיע. מען דארף אבער גאר ניט געהן אזוי ווייט. ביז ניט לאנג צוריק האט דיזער גלויבען געהערשט און הערשט נאך יעצט ביז א געוויסען גראד ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער.

עס איז אָבער גאָר ניט נויטווענדיג די ערשטע נשמה זאָל אוועקגעהן; א צווייטע נשמה קען אריין אין גוף זאָגאר ווען די ערשטע נשמה פארבלייבט. מיט דיזען ערקלערט דער ווילדער ספּאַזמעס אָדער קרעמפּפען. דער מענש געהט ארום, דאכט זיך ווי אַלע מענשען; מיט אמאָל נעמט ער זיך ווארפען, לאכען, מאכען מיט די הענט, אָדער פארקרימען דאָס מויל. מיט זיין ווילען טוט ער דאָס ניט, דאָס איז אלזאָ א סימן, אז אן אנדער נשמה איז אין איהם אריין. און ווען דער ווילדער איז געקומען אזוי ווייט, האָט ער שוין געמוזט געהן ווייטער. ווען געוויסע באוועגונגען פונ'ם קערפּער קומען פון די גייסטער וואָס באהעפּ־טען זיך צום מענשען, קענען דאָך אנדערע אזעלכע באוועגונגען, וועלכע דער מענש קען ניט קאָנטראָלירען, אויך קומען פון דיזע גייסטער. פון דיזען האָט זיך אויסגעארבייט א גאנצע טעאָריע וועגען גענעצען און ניסען. מאנכע ווילדע גלויבען, אז גענעצען אָדער ניסען אין א סימן פון „רוח נבואה“. ביי אַלע פעלקער איז געבליבען עטוואָס פון דיזער „טעאָריע“. די גמרא זאָגט, אז אין יעקב אבינו'ס צייטען איז א מענש ניט קראנק געווען, נור ווען עס איז געקומען זיין צייט פון שטארבען, האָט ער גענאָסען און געשטאָרבען, דאדורך ווען איינער ניסט דארף מען זאָגען „אסאסי“ „צור געזונדהייט“, ווי דער דייטש זאָגט נאָך היינט. „ער האָט גענאָסען אויף דעם אמת“, וואָס עס מיינט, עס באשטעטיגט בנבואה. מאנכע אידען אָדער ריכטיגער, אידע־נעס, שפּייען אוים עטליכע מאָל ווען א קינד גענעצט, אין מאנכע פעלע שפּרעכט מען זאָגאר אָב אן „עין הרע“, דאָס הייסט, מען וויל פארטרייבען די „ניט־גוטע“ מיט „פּאררײידען די ציינער“.

וועגען דעם גלויבען, אז גייסטער קענען אריין אין מענשען, אפילו דאַן, ווען די נשמה איז ניט ארוים, ברייננגט ספּענסער נאָך א באוויז, וועלכען ער רופט: זאָנדערבאר. ביי די קירגיזען, זאָגט ער, גלויבט מען, אז ווען א פרוי ליגט אין קינד־בעט, געהט אין איהר אריין א טייוועל; און זיי האָבען זאָגאר א מנהג צו שלאָגען די קינפּעטאָרין, און ארויסצוטרייבען פון איהר דעם שד. ווען ספּענסער וואָלט געוואוסט פון די „שיר המעלות'ן“ מיט די מכשפה ארומגעדרייט אין אלע זייטען, וואָס מען הענגט אויף ביי א אידישער קינפּעטאָרין לעבען די טירען, פענסטער

און קוימען; ווען ער וואָלט געוואוסט פון דעם ספר „רזיאל המלאך" מיט דעם מוהל מעסער, מיט די אלע שמירות און קמיעות, וואָס מען ניט ביי אונז צו אַ קינפעטאָרין אין בעט אריין; מיט דעם לייענען קריעת שמע און די אַלע אַנדערע זאַכען, וואָלט ער זיך ניט געוואונדערט וועגען די ווילדע קירגיזען.

וואָס איז משוגעת? וואָס האָט פּאַסירט מיט דיזען מענשען וואָס האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד, וויל ניט עסען, דערקענט ניט קיין מענשען, רעדט מאַכענדיג מיט די הענט צו יעמאַנד, וועמען קיינער קען ניט זעהן, הויפּט מיט אַמאָל אָן צו ציטערן פאַר שרעק, רעדט נארישקייט און צו־לאַכט זיך פון דער העלער הויט? און ווי קומט עס, וואָס נאָכ־דעם ווי ער האָט זיך בארוהיגט, ווייס ער פון גאָר ניט צו זאָגען, אָבער דערצעהלט זאַכען וואָס קיינער האָט ניט געזעהן? געוויס איז דאָס איינער פון די אונצעהליגע גייסטער, וואָס שלעפען זיך כסדר ארום, אריין אין זיין קערפּער ביינאַכט, ווען זיין נשמה איז געווען אוועק.

אַ משוגע׳נער ציינט געוועהנליך ארויס זעהר פיעל כח, ער קען מאַנכעס מאָל בייקומען עטליכע מענשען. פון וואנען האָט זיך מיט אַ מאָל צו איהם גענומען אַזאַ גבורה? איז דאָס ניט נאָך אַ באַווייז „אַז אין דעם יונג זיצט אַ שד"? און דיזעס פארשטאַרקערט טאַקע דעם גלויבען, אַז משוגעת קומט פון דעם, וואָס אַ בייזער גייסט איז אריין אין דעם מענש. דיזער גלויבען האָט עקזיסטירט ביז גאָר ניט לאַנג צוריק, די ענגלישע קירכע האָט זאָגאַר אַ געזעץ, וועלכעס פארבּיט ארויסצוטרייבען אַ שד, אָדער אַ דיבוק אָהן אַ ספּעציעלע ערלויבנים. ערשט זיי די ווי־סענשאַפט האָט ערקלערט, אַז דער גייסטיגער צושטאַנד איז אַ רעזולטאַט פון די נערווען־טעטיגקייט, וועלכע ווערט באַאיינ־פלוסט פון פּיזישע (קערפּערליכע) אורזאַכען, ערשט דאַן איז מעגליך געוואָרען צו באַגרייפען די זאָנדערבאַרע אידעען פון אַ משוגע׳נעם אויפ׳ן נאַטירליכען וועג.

קוים זיינען דיזע אידעען איינמאָל אָנגענומען געוואָרען, האָבען זיי זיך שוין אליין פארשפּרייט אויף אַנדערע זאַכען. פון די ניט־נאָרמאַלע ערשיינונגען, וועלכע זיינען אויבען אויס־גערעכענט געוואָרען, געהען דיזע ערקלערונגען איבער אויף

געוועהנליכע זאכען. באלד זיינען אלע סארטען קראנקהייט ערקלערט געווארען אויף דיזען אופן. אין פיבער רעדט מען פון היץ; דיזעס איז א ביסעל ענליך צו משוגעת, אין דער צייט פון פיבער איז אבער דער קערפער אויך ניט אין ארדנונג, דער שכל איז אלזא מחויב, אז ביידע, די גייסטיגע, ווי די קערפערליכע שוואכקייט, ווערען פאראורזאכט פון דעם זעלבען חברה מאן. אזן אויב א בייזער גייסט קען פאראורזאכען איין סארט קראנקהייט, קען ער אויך פארשאפען אנדערע קראנק־הייטען, און דיזען גלויבען געפינט מען ביי אלע ווילדע שבטים, אויך ביי די האלב ציוויליזירטע נאך ביז היינטיגען טאג.

דערפון איז שוין לייכט איינצוזעהן, ווי אזוי עס איז ארויסגעקומען דער גלויבען, אז דער טויט קומט פון איבערנא־טירליכע קרעפטען. פון די אינדיאנער, וועלכע גלויבען ניט, אז דער טויט קען קומען אויפ׳ן נאטירליכען וועג; פון די אנדערע ווילדע שבטים, וואס שרייבען צו דעם טויט צו פארשי־דענע זאכען, ווי כישוף, בייזע גייסטער א. אז. וו. ביז די אידען און קריסטען, וועלכע גלויבען אין א ספעציעלען „מלאך המות“ — איבעראל איז דער גלויבען, אז דער טויט קומט פון איבער־נאטירליכע קרעפטע, און איבעראל קען מען זאגען, שטאמט דיזער גלויבען פון די אורשפרינגליכע אידעען וועגען טויט.

אויב נשמות קענען ארויסגעהן פון זייערע קערפער און צוריק אריינקומען, ווארום קענען אייניגע נשמות ניט אריין אין פרעמדע קערפערס, ווען די אייגענע נשמות זיינען אוועק? ווען דער קערפער קען טאן זאכען און נאכהער גאר ניט וויסען, אז ער אט עס געטאן, ווי עס טרעפט ביי עפילעפטיקער, איז דאס דער בעסטער סימן, אז אזעלכע זאכען טרעפען. ווייטער, ווען דער קערפער קען זיך אליין ניט קאנטראלירען און מוז טאן זאכען, וועלכע ער וויל ניט, ווי ביי ספאזמעס, ניסען אדער גענעצען, מוז דער שלום זיין, אז עס זיינען דא אזעלכע קרעפטען, וואס באשטימען דעם מענשענ׳ס האנדלונג, צי ער וויל צי ניט.

דיזעס ערקלערט אויך די האנדלונג פון א משוגע׳נעם. דער פאקט, אז א משוגע׳נער צובייסט און צורייסט א מאל זיין אייגענעם קערפער, באשטעטיגט דיזען גלויבען נאך מער.

די אמת'ע נשמה וואָלט ניט געשעדיגט איהר אייגענעם קער־פער. היינט, אז די אלע זאכען געשעהן אויף אזא אופן, איז דאָך שוין זעלבסט פארשטענדליך, אז זיי פאראורזאכען אויך קראנקהייט, און אזוי ווי דער טויט איז זעהר אָפט דער רעזול־טאט פון קראנקהייט, וואָס קען נאָך זיין לאָגישער און פאר־נינפטיגער ווי, אז דער טויט קומט פון „יענע לייט".

מיר האָבען אלזאָ א נייע רייהע פון אידעען, וועלכע שטאַ־מען פון דיזעלבע אורשפרינגליכע אידעע פון דעם צווייטען „איך".

לאָמיר איצט געהן ווייטער.

ווען אין א מענשענ'ס גוף קען אריין א בייזע נשמה פון א פארשטאָרבענעם שונא, קען אפשר אין איהם אויך אריין א גוטע און פריינדליכע נשמה? ווען דאָס ווארפען זיך פון אן עפילעפטיקער, דאָס ריטשען פון א וואנזיניגען, דאָס בייסען פון א משוגע'נעם ווערען פאראורזאכט פון דעם דיבוק, פון דעם טייוועל, וואָס זיצט אין מענשען, קען אפשר די פאָרטרעפ־ליכע קראפט, די וואונדערבארע געשיקטקייט, וואָס מאנכער צייגט ארויס, ווערען פאראורזאכט פון א גוטע נשמה, וואָס זיצט אין איהם? ווען אין מענשען קען אריין א נשמה, זאָגאר ווען ער איז וואך, און איהם מאכען ניסען און גענעצען געגען זיין אייגענעם ווילען, קען אפשר אין איהם אריין א גוטער גייסט און איהם העלפען, און געבען איהם עקסטרא קראפט, אָדער וויסען, אָדער פארשטאנד? דער ווילדער ענטפערט גאנץ לאָגיש אויף דיזע פראגען מיט יאָ. און פון דעם קומען ווידער ארויס נייע אידעען.

דער פאקט דאָס משוגעים זיינען פיעל שטארקער אין צייט פון אן אָנפאל, ווי נאָרמאלע מענשען, פאראורזאכט, ווי מיר האָבען געזעהן, דעם גלויבען, דאָס דיזע איבערנאטירליכע אגענטען באזיצען איבערמענשליכע קרעפטען. דיזע קרעפטען מוזען אָבער ניט אימער זיין בייזע גייסטער, עס גיבט אויך א קראפט וואָס קען אויסגענוצט ווערען צום גוטען. מיר געפינען דיזען גלויבען ביי פיעלע אַלטע פעלקער. די מיטהאָלאָגישע

געטער פון די גריכען זיינען אלע זעהר ענליך צו מענשען נור זיי באזיצען אן איבערמענשליכע קראפט.

גראד אויף דעם זעלבען אופן קענען דיזע איבערנאטירליכע קרעפטען ארייגגעבען איבערמענשליכען פארשטאנד אָדער ליידענשאפט.

עס איז איבעריג דאָ צו ברייגנען פאקטען וועגען דיזען גלויבען. יעדער איד איז גוט באקאנט מיט דיזע זאכען. וועלכער איד ווייס ניט פון „רוח הקודש", פון נבואה, פון נשמה יתירה א. אז. וו. איך וויל אָבער ברייגנען איין ביישפיל.

די אמאזולים גלויבען, דאָס אין א מענש קען אריין א „רוח נבואה" נור דורך פאסטען. זיי זאָגען, „אן אָנגעשטאָפּטע קישקע קען ניט זעהן קיין סודות". נאָך מעהר: דער וואָס וויל ווערען א נביא, דארף ניט שלאָפען, ער דארף זיך פייניגען. גאנץ דאָס זעלבע ווי ביי אידען. אויב איהר ווילט וויסען ווי אזוי צו קומען צו די מדריגה פון נביאות, אויב איהר ווילט אליהו זאָל זיך צו אייך מתגלה זיין, זייט מוחל און לעזט דעם „שבט מוסר", דעם „ספר חסידים", און איבערהויפּט די „שבחי האר"י", און איהר וועט אויסגעפינען ווי אזוי אין אייך קען אריין א רוח־נבואה. די אידישע קללה: „א רוח זאָל אין איהם אריין", איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר דיזען גלויבען. דאָס וואָרט „רוח" אליין ווערט אין לשון הקודש געברויכט פאר רוחות (טייוואָלים), און אויך פאר גוטע גייסטער, ווי רוח הקודש, רוח נבואה, רוח חיים א. אז. וו. דאָס זעלבע איז אין דייטש: גייסטער, גייסט, באגייסטערט א. אז. וו.

ווייטערע ענטוויקלונג פון דיזע אידעען זיינען שוין אונפארמיידליך. דער איינפאכער פארשטאנד צווינגט זיי ארויף. ווען א שונא'ס נשמה קען אריין אין א מענשען און צוריק ארויסקומען, קען מען אפשר מיט גוואלט ארויסטרייבען דיזען בייזען גייסט? און אויב מען קען דאָס ניט טאָן אויף'ן געווענליכען וועג, קען מען אפשר נעמען צו הילף אנדערע איבערנאטירליכע קרעפטען? מיר ווייסען דאָך שוין, אז עס זיינען דאָ מענשען וועלכע זיינען באזעצט פון גוטע גייסטער, וועלכע האָבען גראָד אזא כוח, און אפשר נאָך מעהר, ווי די ניט־גוטע; קען

מען זיי אפשר באנוצען צו פארטרייבען די בייזע גייסטער, ווען זיי ווילען זיך ניט אָפּטראָגען מיט גוטען? אזא אידעע לאָזט זיך זעהר גוט ריידען. דאָ האָבען מיר דעם אורשפּרונג פון באשווערען אָדער אָפּשפּרעכען.

דער מעדיצינער ביי די ווילדע איז אורשפּרינגליך געווען אַן אָפּשפּרעכער. דאָס וואָס ראָוואלט דערצעהלט, אַז ביי די מישמים, ווען איינער איז קראנק, שיקט מען נאָך דעם פּריס־טער ארויסצוטרייבען דעם בייזען גייסט, געפינט מען כמעט איבעראַל. די אידעע איז אָנפאנגס געווען צו מאַכען דעם קראַנקען'ס קערפּער אַן אונבאַקוועמע וואָהנונג פאר דעם שד. מערקווירדיגע מיטלען האָבען אייניגע דערצו. די סומאַטראַנס באַמיהען זיך ארויסצוטרייבען דעם שד פון א משוגענעם מיט דעם וואָס זיי זעצען דעם משוגענעם אריין אין א הייזקע, און מען צינדט דאָס אונטער, איבערלאָזענדיג דעם משוגענעם זיך צו ראטעווען ווי ער קען. אנדערע גיבען דעם קראַנקען צו שלינ־גען שרעקליכע זאכען און מאַכען אַן א גרויסען געשטאַנק, כדי עס זאָל דעם שד מיאוס ווערען. אויב אייער מאמע, ליעבע לע־זער, האָט אייך ווען אָפּגעשפּראָכען אַן „עין הרע" אָדער „פאר־מיאוס'ט" אָדער „גע'פסל'ט" א קראנקהייט, וועט איהר וויסען וואָס דאָס מיינט. דיזער סאָרט אָפּשפּרעכען ענטוויקעלט זיך, גראָד ווי אלע אנדערע זאכען; ביי די היינטיגע ציוויליזירטע מענשען נעמט עס אויך אָן אַן אנדער פאָרמע: א „גוטער איד" טרייבט היינט ארויס א דיבוק דורך דעם קליינעם פינגער, ער היילט קראנקע מיט קמיעות אָדער תפילות, און דאָס טוט ניט נאָר א „גוטער איד", נאָר אויך „א גוטער גוי". וואָסער פאָרמע דיזער גלויבען זאָל אָבער ניט אָננעמען, מען קען אלץ זעהן דעם אורשפּרינגליכען גלויבען אין רוחות און נשמות.

מיר זיינען אָבער נאָך ניט פארטיג מיט די רוחות. פון „די לייט" איז זיך ניט לייכט אָפּצוטשעפּען...

דער מעדיצינער, וועלכער באזיצט דעם כוח ארויסצוטריי־בען בייזע גייסטער, מיט די הילף פון די גוטע גייסטער, וועט זיך נאַטירליך שטעלען די פראגע, צי קאָן ער ניט באנוצען די־זעלבע גייסטער אויך צו אַנדערע צוועקען; צי קען ער זיך ניט

אפרעכענען מיט א שונא אדער העלפען א פריינד? דער גלויבען אז ער קאן, איז דער אנפאנג פון כישוף. אז די הויפט חכמה פון כישוף באשטעהט פון באשווערען די טויטע, זיי זאלען ארויסקומען, ווייס יעדער איד פון די מעשה מיט שמואל'ן, וועלכען שאול האט געלאזט ארויסברענגען. דיזער גלויבען איז נאך היינט זעהר שטארק פארשפרייט אפילו דא אין אמעריקא, וואו ס'איז פאראן א גאנצע סעקטע וואס רופען זיך ספּיריטועא־ליסטען.

פון אפּשפּרעכען און כישוף איז שוין ניט ווייט צו ניסים. דער אונטערשיד באשטעהט נור אין די אגענטען. כישוף ווערט געטאן דורך די בייזע גייסטער, מיט דעם כח פון די טומאה, ווי א חסידישער רבי וואלט געזאגט; און ניסים קומען פון די גוטע גייסטער, פון די קדושה. דאס קאן מען אם בעסטען זעהן פון די וועטע צווישען אהרן הכהן און די חרטומים (די מאגיקער) פון מצרים. די חרטומים האבען באוויזען די זעלבע וואונדער וואס אהרן מיט זיין שטעקען. פרעה האט געגלויבט, אז זיינע מכשפים האבען געארבייט מיט דעם כח פון זיין גאט, ווערענד אהרן האט באוויזען די שטוקעס דורך א בייזען גייסט, און די אידען האבען געגלויבט פונקט פארקערט. אזעלכע ניסים זעהט מען נאך היינט יעדען טאג ביי די ווילדע אין סאוטה אפריקא מיט רעגען. די בוקאנאנס באטראכטען די מיסיאנערען אלס „רעגען מאכערס". אין די טרוקענע לענדער וואו עס פאלט ווייניג רעגען, זעהט מען אויך שטרייטען צווישען די „קדושה" מיט די „טומאה", ווי די מעשה מיט אליהו הנביא און כהני הבעל (די פּריסטער פון דעם אפּגאט בעל) באווייזען. אינטערעסאנט איז וואס די ווילדע האבען באטראכט פאר נביאים נור דיזע, וועמענס נבואה איז מקוים געווארען, ווערענד דער נביא וועמעס נבואה איז ניט מקוים געווארען האבען זיי פארפאלגט און באשטראפט. די אידען האט אויך ניט געפעלט קיין „רעגען־דאקטוירים", ווי די ווילדע רופען דאס. אזוי דערצעהלט די גמרא, דאס „חוני המעגל" האט געקענט אראפּברייננגען רעגען מיט זיינע תפילות. מען האט איהם גערופען „המעגל" ווייל ווען ער האט געוואלט אראפּברייננגען רעגען, האט ער געמאכט אן עיגול און איז פון דארט ניט אפּגעטראטען ביז ער האט

נעפועלט. גאָט, דערצעהלט די גמרא, איז וויפיל מאָל געווען בייז און האָט געזאָגט, ער וואָלט עס פאר קיין אנדער מענש ניט געטאָן, נאָר ווייל עס איז חוני, א שיינער איד, קען ער איהם ניט אָפּזאָגען.*)

לאָמיר דאָ אין קורצען איבער׳חזר׳ן דאָס געזאָגטע:

דער אורשפּרינגליכער גלויבען איז, אז די נשמות פון די טויטע געהן אריין אין די קערפּערס פון די לעבעדיגע, פאר־אורזאכען קאָנוואולסיע, משוגעת, קראנקהייט און טויט. דיזער גלויבען ענטוויקעלט זיך מיט דער צייט און געהט איבער אין א גלויבען אין איבערנאַטירליכע קרעפטען. צוזאמען מיט דעם גלויבען, אז אין א מענש געהן אריין בייזע גייסטער, קומט אויך דער גלויבען אין גוטע גייסטער, וועלכע גיבען איבערנאַטירליכע קרעפטען, אָדער חכמה, אָדער נבואה. ווייטער, פון די אידעע, אז בייזע גייסטער קענען אריין אין גוף און ארויס פון גוף, קומט דער גלויבען אין אָפּשפּרעכען. און דאן קומט די אידעע, אז מען קען דיזע גייסטער באנוצען צו אנדערע זאכען — אז מען קען דורך זיי יעמאנד העלפען אָדער שאדען; און פון דעם שטאמט כישוף און ניסים.

און פון דיזע קומט אן אנדער אידעע.

ווען דיזע גייסטער קענען טאָן שלעכטס, ווען זיי זיינען בייז אויף איינעם, און גוטס, ווען זיי זיינען באפריינדעט, איז אפשר דאָ א מעגליכקייט זיך אויסצוהיטען פון די שלעכטע? אפשר קען מען זיי מפייס זיין, איבערבעטען מיט עטוואָס? אפשר קען מען זיי אָפּרופען, אָדער אָפּנארען, אָדער זיך נאָר פיהרען אזוי, אז זיי זאָלען גאָר ניט ווערען בייז?

דיזע אידעע ברייננט דירעקט צו רעליגיעזע צערעמאָניעס. דערפון הויבען זיך אָן תפילות, מצות, מעשים טובים, קרבנות א. אז. וו. דיזע אידעען וועלען מיר אונטערזוכען, און מיר ווע־

---

*) איך וויל זיך דאָ באנוצען מיט די געלעגענהייט אויפמערקזאם צו מאכען, אז די מעשה פון ריפּ־וואַן־ווינקעל, וועלכער איז אזוי פּאָפּולער אין אמעריקאַ, ווערט צום ערשטען מאָל דערציילט אין דער גמרא וועגען דעם זעלבען „חוני המעגל“.

לען זעהן, אז זיי האָבען דעם זעלבען אורשפּרונג ווי די אַלע אנדערע אידעען, וועלכע מיר האָבען ביז איצט באַטראַכט.

---

## הייליגע ערטער, מזבחות, קרבנות, תענתים, תפילות א. אַ. וו.

אן אָרט וואו מען באַגראָבט די טויטע ווערט אָנגערופען: „דאָס הייליגע אָרט“. דאָס באַווייזט, אז מענשען באַטראַכטען דיזען פּלאַץ פאַר הייליג. און ניט נור ווערט דאָס בית הקברות, אָדער „בית החיים“, ווי מען רופט עס אויך, באַטראַכט פאַר הייליג, נור יעדע זאַך וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם טויטען, רעכענט מען פאַר הייליג. אין דעם צימער וואו דער טויטער ליגט געהט מען אריין שטיל, מען רעדט שטיל, און יעדע באַוועגונג איז אַזעלכע, וועלכע באַווייזט אַ געוויסע עהרפורכט, אַ יראת הכבוד. אויף דעם ציוויליזירטען אופן רופט מען דאָס: „אָפּגעבען די לעצטע עהרע“. אין אמת'ן אָבער איז דאָס ניט מעהר, ווי אַן ענטוויקעלטע פאָרמע פון דעם ווילדען'ס פּחד פאַר דעם טויטען. מען דאַרף זיך נאָר עראינערען, מיט וואָסער מורא מען לויפט ביי אונז מחילה בעטען אַ טויטען, מען זאָל איינזעהן די ריכטיגקייט פון דיזער באהויפּטונג. אָבער וואָס אונז אינטערעסירט יעצט אם מייסטען, איז דער פאַקט, וואָס דיזע עהרפורכט צו טויטע, ענטוויקעלט זיך צו דעם זעלבען געפיהל וואָס ווערט ארויסגערופען דורך די זאכען, וואָס ווערען געברויכט צו רעליגיעזע צוועקען. דיזעס צייגט זיך גלייך ארויס, ווען מען נעמט אונטערזוכען דעם אָנפאַנג פון טעמפּלען און מזבחות.

אויף דעם ערשטען אויגענבליק וועט דיזער פאַרגלייך אויסקוקען ווילד, דער אמת איז אָבער, אז דיזע זאכען האָבען אַ גרויסע שייכות איינס מיט ס'אנדערע.

אין אַ פריהעריג קאַפּיטעל האָבען מיר געזעהן, דאָס אייניגע ווילדע שבטים האָבען געלעבט אין היילען און האָבען באַגראָבען זייערע טויטע אין היילען; מיר וויסען אויך, אז די ווילדע פלעגען ברייננגען אלס מתנות צו זייערע טויטע פאַר־

שידענע עסענוואַרג. ווען מיר וועלען נאָך צולייגען דעם פאַקט, אַז די עגיפּטער פלעגען האָבען הייליגע היילען אָדער הייליגע טעמפּעלס, וועלען מיר זעהן די שייכות צווישען דעם „הייליגען אָרט" און דעם טעמפּעל. איבעראַל, ביי אַלע ווילדע פעלקער, איז דער ערשטער טעמפּעל, דאָס ערשטע בית התפילה, אַן אָרט, וואו זיי באַגראָבען זייערע טויטע. די וואָס פלעגען באַגראָבען די טויטע אין היילען, פלעגען האָבען זייערע טעמפּעלס אין היילען, און די וואָס פלעגען באַגראָבען זייערע טויטע אויף הויכע ערטער, האָבען אויך געהאַט זייערע טעמפּלען אויף הויכע ערטער. וואָס אַ איד מאַכט אַ מנין ביי זיך אין דער היים אין „שבעה" האָט אפשר אַ שייכות מיט דיזען. די וואָס ווילען דאָס אָפּשפּאַרען, וועלען ניט קענען אָפּלייקענען, אַז אידען געהען מתפלל זיין אויף די קברים פון די טויטע, אז אַן „אוהל" פון אַ גוטען אידען איז אין אַלע הינזיכטען גלייך צו אַ טעמפּעל. דאָס זעלבע זעהען מיר ביי די פּערואַנער. אַקאָרסט דערצעהלט, דאָס יעדער פון זייערע אינקאַס (קעניגע) פלעגט איבערלאָזען זיין גאַנץ פאַרמעגען אויפצוהאַלטען דעם טעמפּעל, וואו זיין קבר האָט געזאָלט זיין, און פיעלע פּריסטער מיט זייערע פאַמיליעס זיינען פון דיזען אויפגעהאַלטען געוואָרען, און זיי האָבען שטענדיג מתפלל געווען, גראָד ווי מען פלעגט ביי זיי דינגען בטלנים צו זאָגען תהילים אָדער לערנען משניות.

ווען מיר געהען אַביסעל ווייטער, געפינען מיר, אַז דער מזבח שטאַמט פון דעם פּלאַץ וואָס די ווילדע האָבען געהאַט אין דעם „אוהל", אויף וועלכען זיי האָבען אַנגעלייגט די עסענוואַרג, אָדער פון די בערגלעך, וואָס מען האָט געמאַכט אויף קברים פון ערד אָדער שטיין. אפילו דער אויסזעהן פון מזבח האָט געמוזט זיין עהנליך דערצו. דער אידישער מזבח האָט געמוזט געמאַכט ווערען פון פּראָסטע, ניט געהאַקטע שטיינער אָהן שום פאַרפּוצונג. אום ניט אריינצוגעהן אין טיפע חקירות וועגען דיזע אַלע זאַכען, וועל איך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז דאָס וואָרט „מצבה", ווערט געברויכט אין דער תורה פאַר אַ מאָנומענט, פאַר אַן אָפּגאָט און אויך פאַר אַ מזבח. דאָס זעלבע איז מיט דעם וואָרט „אבן", אַ שטיין. ווען דער נס האָט געטראָפען צו יעקב אבינו, למשל, מיט דעם לייטער אויף וועלכען

די מלאכים זיינען געקראָכען ארויף און אראָפּ, און ער האָט אנטדעקט אמעריקא: „אכן יש אלהים במקום הזה" — אז גאָט איז גאָר דאָ אויף דיזען אָרט — האָט ער זיך דער־שראָקען און האָט געבויט א „מצבה", איהר באגאָסען מיט בוימעל, און האָט געטאָן א נדר: אויב גאָט וועט זיין מיט מיר און וועט מיך פיהרען אויף דעם וועג וואָס איך געה און וועט מיר געבען ברויט צום עסען און קליידער צום טראָגען, און אויב איך וועל צוריק קומען בשלום צו מיין פאָטער׳ס הויז, דאן וועט גאָט זיין מיין גאָט, (אָז ניט, ניט) און דיזער שטיין וואָס איך האָב געמאַכט פאר א „מצבה", זאָל זיין גאָט׳ס הויז, און פון אלץ וואָס דו וועסט מיר געבען, וועל איך דיר צוריקגעבען א צענטעל... (ניט קיין שלעכטער מסחר, אגב אורחא.)

פון מזבחות קומען מיר נאטירליך צו קרבנות, און קרבנות שטאמען אויך פון די עסענוואַרג, וואָס די ווילדע פלעגען מיט־געבען זייערע טויטע. ביי מאנכע ווילדע אין קאליפאָרניע פאר־לאנגט דער פּריסטער עסענוואַרג פאר די נשמות אלס „צדה לדרך", עסענוואַרג אויף די רייזע. די דאמאראס ברייננגען שפּייז אויף דעם קבר, און פארלאַנגען פון טויטען, „ער זאָל עסען און זיך לאָזען וואוילגעהן", און פאר באצאָהלט בעטען זיי, ער זאָל זיי בענשען און העלפען. אַנדערע ווילדע ברייננגען דאָס עסען ניט נור ביים שטאַרבען, נור פאר א לאנגע צייט נאָך דעם. ביי די מאָסקוויטאָ אינדיאַנער דארף די אלמנה צושטעלען עסענוואַרג אויף דעם קבר פון איהר מאן פאר א גאנץ יאָהר. ווען צו דיזען ווע̇לען מיר צולעגען אזעלכע פאקטען ווי פון די קארען, וועלכע דענקען, אז זיי זיינען ארומגערינגעלט מיט די נשמות פון די פארשטאָרבענע, וועלכע מען דארף אימער אי־בערבעטען מיט אָפּטע און פארשידענע מתנות, וועלען מיר זעהן דעם איבערגאנג פון דיזע מנהגים צו קרבנות.

דיזע שייכות קומט ארוים נאָך דייטליכער, ווען מיר זעהען אין ביידע פעלע, אויסער די געוועהנליכע קרבנות, אויך יום־טוב׳דיגע אָפּפער. דיזעלבע קארענס וואָס מיר האָבען נאָר וואָס ערמאָנערט, האָבען אויך יעהרילכע פעסטע פאר די טויטע, ווען זיי בעטען די גייסטער צו עסען און טרינקען. אזעלכע קרבנות צו די טויטע זעהט מען ביי פארשידענע אַנדערע ווילדע

שבטים; זאָגאר ביי די כינעזער עקזיסטירט עס נאָך ביז היינטיגען טאָג. דעם איבערגאנג פון באגרעבנים-צערעמאָניעס צו קרבנות פאר די טויטע, קען מען אם בעסטען זעהן אין דעם מנהג פון פיעלע ווילדע שבטים איבערצולאָזען אביסעל פון יעדען מאָלצייט פאר די טויטע. זעהר אָפט, ווען די איינ־וואוינער פון די פידזשי אינזלען עסען אָדער טרינקען, ווארפען זיי אוועק א טייל דערפון פאר זייערע פארשטאָרבענע עלטערען. די ביהלס, ווען מען גיט זיי בראָנפען, גיסען זיי אָפּ אביסעל פאר די פארשטאָרבענע; און אזוי ווי ביי דיזען שבט זיינען די פארשטאָרבענע זייערע געטער, זעהט זיך דער מיין דערפון ארויס גאנץ קלאָר. די אראקואנער גיסען אלע מאָל אָפּ אביסעל וואסער איידער זיי טרינקען עס. אז אידען טוען דאָס זעלבע, ווייסט איר אפשר אליין. א איד טאָר ניט בענשען אָהן א כזית, שיריים איז א וויכטיגע זאך ביי א אידען, און אן אמת פרומער איד וועט ניט טרינקען ביז ער גיסט ניט אָפּ אביסעל. חלה נעמען איז אויך גאָר ניט ווייט פון דיזען.

נאָך מעהר די מאָטיווען פאר די קרבנות, און די זאכען וואָס מען האָט געברויכט צו קרבנות, זיינען דיזעלבע פאר די טויטע און פאר די געטער. איןביידע פעלע איז מען מקריב אָדער פאר א חטא אָדער ווען מען וויל זיך עפּעס אויסבעטען; אין ביידע פעלע געברויכט מען אָקסען, ציגען א. אז. וו.; אין ביידע פעלע געברויכט מען ברויט און קוכען; איבעראל גע־ברויכט מען דעם בעסטען טרינק וואָס ווערט גענוצט. אין די לענדער וואו עס איז דאָ וויין, איז עס וויין און אין אנדערע לענדער, אנדערע משקאות; אין ביידע פעלע געברויכט מען וויירויך. מיט איין וואָרט: די קרבנות פאר די געטער זיינען אין אלע הינזיכטען גלייך. ז

מערקווירדיג ווי דאָס איז, געפינען מיר באווייזע, אז פאס־טען שטאמט אויך ארויס פון די באגרעבנים-צערעמאָניעס. דאָס איז אודאי ענטשטאנען אויף פארשידענע אופנים: מיר האָבען שוין אָנגעצייגט, אז דעם ווילדען איז זעהר אָפט אויס־געקומען צו הונגערען ניט ווילענדיג. דיזעס האָט פאראורזאכט פארשידענע חלומות, און עס לאָזט זיך גאנץ גוט ריידען, דער ווילדער זאָל קומען אויף דעם געדאנק, ווען מען וויל זיך זעהן

מיט די נשמות זאָל מען א טאָג ניט עסען. ביי פילע ווילדע פעלקער איז דאָס א באוואוסטער מיטעל ארויסצורופען די גייסטער. אז אידען גלויבען דאָס נאָך היינט אויך, דארף מען דאָ ניט דערצעהלען. אָבער דאָס פאסטען איז נאָך אויך ארויס־געקומען פון דעם, וואָס די ווילדע האָבען אזוי פיעל מיטגע־געבען דעם טויטען, אז עס איז איינפאך ניט געבליבען וואָס צו עסען. עס זיינען דאָ באווייזע, וואָס אין מאנכע פעלע האָט א טויטענפאָל איינפאך רואינירט א גאנצע פאמיליע. דאָס זעהט מען נאָך אייגענטליך היינט ביי גאנץ ציוויליזירטע מענשען. מען ברעננגט זיך אויס צו מאכען א בכבוד'ע לויה. מיט דער צייט איז עס געוואָרען א מנהג צו פאסטען נאָך א טויטען, ביז עס איז געוואָרען א רעליגיעזע צערעמאָניע. פאסטען געהט אימער צוזאמען מיט אבילות, מיט טרויערען. ווען אידען האָבען געפאסט, האָבען זיי זיך אלע מאָל אָנגעטאָן מיט א „שק ואפר". ווען די אידען האָבען באגראָבען שאול המלך אין יבש גלעד האָט דאָס גאנצע פאָלק געפאסט; ווען דוד המלך האָט געהערט אז שאול און יהונתן זיינען געפאלען, האָט ער און אלע וואָס זיינען געווען מיט איהם צוריסען די קליידער, „און זיי האָבען געטרויערט און געוויינט און געפאסט ביז'ן אָווענד. פיעלע אידען פאסטען נאָך היינט אין יאָהר צייט."

אז אידען פאסטען צו גאָט אויך איז איבעריג דאָ צו דער־ציילען. אינטערעסאנט איז אָבער וואָס די אידען האָבען א ספּע־ציעלע תפלה וואו מען בעט זיך ביי גאָט, ער זאָל באטראַכטען דאָס פאסטען אלס א קרבן, גלייך ווי מען וואָלט מקריב געווען א טייל פון זיך.

נור לאָמיר צוריקגעהן צו אונזער פּונקט: ווי אזוי די אָפּפערונג פאר די טויטע האָט זיך ענטוויקעלט צו קרבנות פאר גאָט.

מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, אז די ווילדע מאכען צוווייערליי אָפּפער צו זייערע טויטע. ערשטענס, גיט מען זיי מיט עסענוואַרג, און ווידער באגראָבט מען מיט זיי די דינער און אויך די ווייבער. די קאניבאַלען, די מענשען־פרעסער, ווילען נאטירליך מיטגעבען עטליכע גוטע פּאָרציעס מענשען־פלייש, און ווען דער פארשטאָרבענער איז אן עלטסטער, א קע־

ניג, וועט מען עס האלטען פאר א גרויסע עהרע צו אָפּפערען אביסעל פון די אייגענע בלוט. און דאָס איז ניט נור א סברה, דאָס געפינט מען טאקע ביי די ווילדע. די טאסמאניער צוריי־סען זייער ליב מיט שארפע שטיינער ביי א באגרעבניש. די אסטראליער צושניידען אויך זייער ליב, אזוי טוען אויך די טאהיטאנער, די טאָנגער און די ניי־זילענדער. די אלמנות פון די קאָמאנטשעם מאכען שניטען אויף זייערע אָרעמס, פיס און קערפער ביז זיי פאלען פאר׳חלש׳טע פון די בלוט, וואָס זיי פארלירען. אין טאָנגא, ווען עס שטארבט אן אויבער פריס־טער, א כהן גדול, שניידען זיך די איינוואוינער אָפּ דעם אוי־בערשטען טייל פון דעם קליינעם פינגער, און ווען א קעניג זיי־ערער פלעגט שטארבען, פלעגען זיי אָדער אויסשטעכען א ציי־בען אויפ׳ן צונג, אָדער אָפּשניידען די אויערען, אָדער אויס־שלאָגען די פראָנט־ציינער. אנדערע ווידער פלעגען זיך אָפּשניי־דען די האָר, און זיי וואַרפען אויף דעם קבר. אז אידען האָבען געטאָן דאָס זעלבע, קען מען זעהן, ווי איך האָב שוין עראינערט, פון דעם פארבאָט אין דער תורה: „לא ישרטו שרטת, ולא יקרחו קרחה בעיניכם" — איהר זאָלט זיך ניט שניידען און ניט אויסרייסען אייערע האָר איבער א טויטען.

אזעלכע ביישפילע פון קאלעטשען זיך ביי א באגרעבניס קען מען געבען טויזענטער. דיזעלבע קאלעטשעריי געפינט מען אויך ביי אלע פעלקער פאר גאָט׳ס וועגען. אייניגע מעקסי־קאנער האָבען א סאָרט מל זיין, וואָס איז נאָך אייגענטליך שמערצליכער ווי דאָס אידישע מל זיין. ביי די גואנקאווילקאס איז געווען א גרויסע מצוה אויסצורייסען די דריי פאָדערשטע ציינער פון יעדע יאסלע; איינער מיט ניט־אויסגעהאקטע פאָדערשטע ציינער איז געווען באטראכט פאר א משומד, א ימח שמוניק. און אויב איהר זייט באקאַנט מיט די אידישע מנהגים, ווייסט איהר אודאי אז ביי אידען קאליעטשעט מען אויך פאר גאָט׳ס וועגען. איך מיין דעם אלטען מנהג פון מל זיין. עס איז אמת, מיר האָבען „גרויסע" פילאָזאָפען, וואָס באווייזען אז די־זעס איז זעהר א געזונטע זאך, אָבער איך בין זיכער ווען די גיאנקאווילאקס וואָלטען געהאַט אזעלכע „פילאָזאָפען" ווי מיר זאָבען, וואָלטען זיי באווייזען, אז אויסהאקען די פאָדערשטע

דריי ציינער פון יעדע יאַסלע איז די געזינדסטע זאַך אין דער וועלט.

אָבער דאָס רייסען שטיקער פלייש פון זיך, דאָס אויסהאַ־קען די ציינער און דאָס מל זיין איז שוין געווען אַ שטיקעל פאָרטשריט. פריהער האָט מען מקריב געווען דעם גאַנצען מענשען. דיזעס איז אזא אלט־באוואוסטע טאַטזאַך, דאָס איך גלויב קוים אויב ס'איז נויטווענדיג וועלכע ס'איז באווייזע. איך וועל יעדענפאַלס עראינערען אָן די לעגענדע פון די עקידה, נאָך וועלכע אברהם אבינו וואָלט מקריב געווען יצחק'ן, ווען דער מלאך וואָלט ניט געהאַט מעהר שכל פון איהם. צי יפתח הגלעדי איז קיין מלאך ניט געקומען, און ער האָט טאַקי מקריב געווען זיין איינציגע טאָכטער. יעדער בכור באַלאַנגט צו גאָט, אויף דעם אויסדריקליכען וואונש פון יהוה. דאָס גאַנצע גליק ביי דעם עסק איז נור, וואָס אידען קענען זיך אַן עצה טאָן, וואָס זיי וויסען, אַז מיט אַ מטבע קומט מען איבעראל דורך, און זיי קויפען זיך איינפאַך אויס.

עס איז שוין עראינערט געווען, אַז אין מאַנכע פעלע שניידט מען זיך אָפּ די האָר, אַלס אָפּפערונג פאַר די טויטע. מיר געפינען אויך האָר־שניידען אַלס אַ קרבן פאַר גאָט. אין 1803, ווען אין די סאַנדוויטש־אינזלען האָט פאַסירט אַ וואול־קאַנישער אויסברוך, און נאָכדעם ווי מען האָט אומזיסט מקריב געווען פילע קרבנות, האָט דער קעניג טאַמעהאַמעהאַ זיך ענדליך באַשלאָסען צו ברייגגען דעם גרעסטען קרבן, וואָס נור מעגליך: ער האָט געמליך אָפּגעשאָרען אַ טייל פון זיינע האָר, וועלכע זיינען באַטראַכט געוואָרען פאַר הייליג, און האָט זיי אריינגע־וואָרפען אין דעם שטראָם. די פּערואַנער פלעגען אויך מקריב זיין האָר. אַז אויך אידען האַלטען פון דעם, באווייזט די לע־גענדע פון שמשון און דלילה. אין צענטראל אַמעריקאַ איז אַ קרבן פון האָר געווען אַ טייל פון די חתונה צערעמאָניע. אפילו די גריכען האָבען אויך אָפּגעהיט עטוואָס ענליכעס: ביי אַ חתונה פלעגט די כלה מקריב זיין איינע פון איהרע לאָקען. און ווער וויים? אפשר האָבען די אידען דאָס איבערגענומען פון גריכענלאַנד, ווען זיי שניידען אָפּ די האָר פון זייערע כלות?

פון דעם קומט אפשר, וואָס מען טאָר ניט געהן מיט די אייגענע האָר?

מיר זעהען אלזאָ, אז אלע צערעמאָניעס, דאָס מקריב זיין מענשען, דאָס קאליעטשען זיך, דאָס אָפּשניידען די האָר א. ז. וו. זיינען די זעלבע ביי די טויטען־באגרעבענים, ווי פאר גאָט׳ס וועגען.

איז אפשר מעגליך, מען זאָל די גייסטער אויך איבערבעטען אויף אנאנדער אופן? מיר געפינען ווילדע וואָס גלויבען, אז מען דארף זיך ניט פארזינדיגען געגען דעם שאָטען, ווייל ער קאָן טאָן שלעכטס און גוטס. היינט ווארום זאָל זיך דער ווילדער ניט פרעגען דיזע פראגע און ענטפערען מיט יאָ? ווען די לייטע האָבען געלעבט, האָבען זיי ליעב געהאט מען זאָל זיי לויבען; איצט, הגם מען זעהט זיי ניט, זיינען זיי דאָך פון דעסטוועגען ניט ווייט אוועק, און זיי וועלען געווים צופרידען זיין צו הערען א שבח. פון דעם נעמט זיך, וואָס א טויטען דארף מען נור נאָכזאָגען א שבח. פון די שבחים נאָך א טוי־טען, קומט עס צו תפילות צו די טויטע, ביז מיר קומען צו תפילות איבערהויפּט.

מען קען נאָך ברייגגען פיעלע אזעלכע פאקטען, פון וועל־כע מען קאָן זעהען, אז אלע מנהגים, אלע תפילות שטאַמען פון די באגרעבנים־צערעמאָניעס. אזוי, צום ביישפּיעל, זיינען דאָ באווייזע, אז תשובה טאָן פאר חטאים קומט אורשפּרינגליך פון דעם גלויבען, אז די טויטע ווייסען גאנץ גענוי, וואָס עס געהט פאָר אויף דער וועלט. א ביישפּיעל פון די גמרא האָב איך שוין געבראכט אין א פריהערדיגען ארטיקעל. אזוי קען מען באווייזען, און דאָס ווערט נאָך היינט אייגענטליך גע־טאָן, אז פייער איז געווען א וויכטיגער טייל פון באגרעבנים־צערעמאָניעס וועלכעס איז דער אורשפּרונג פון דעם „נר תמיד“. ביי אנדערע פעלקער איז דערמאָנען א טויטען׳ס נאָמען א גרוי־סער פארברעכען. צו דערזעלבער צייט געפינען מיר ביי פאר־שידענע פעלקער שטרענג פארבאָטען צו דערמאָנען דעם נאָמען פון זייער גאָט. אז מען טאָר ניט דערמאָנען דעם „שם הויה“, ווייסט איהר אודאי.

ביי די קאפרען אין זיד־אפריקא איז דער קבר פון זייער

עלטסטען באטראכט פאר אן „עיר מקלט“. אין די טאָנגאָ אינז־לען, ווען שונאים טרעפען זיך אויף דעם „הייליגען אָרט“, מוזען זיי ווערען פריינט. דאָ קאָן מען זעהן דעם אָנהויב פון די הייליגקייט פון דעם מזבח. ביי אידען האָט מען א פארברעכער ניט געטאָרט אוועקנעמען פון מזבח. אין סומאטרא איז דער פלאץ פאר די פייערליכסטע שבועה, דער בית עולם; אין מיטעל־אלטער פלעגט מען אין גאנץ אייראָפּא זעהר אָפט געבען א שבועה אויף דעם „הייליגען אָרט“. ביי אידען האָבען ניט לאנג צוריק נאָך פאסירט דין תורה'ס מיט טויטע. אין צייט פון א מגפה פלעגט מען שטעלען א חופה אויף דעם בית עולם.

דאָס געהן אוועקטראָגען עסענוואַרג צום קבר, דאָס נאָכזאָגען שבחים דעם טויטען איז זעהר אָפט געווען פארבונדען מיט א שטיקעל רייזע. אָט דיזער געהן אויף „קבר אבות“ איז דער אָנפאנג פון פילגרימען, פון עולה רגל זיין, א. אז. וו.

און אזוי זעהען מיר פון אלע זייטען באווייזע, וועלכע רעכטפארטיגען דעם שלוס פון לעצטען קאפיטעל, וואו עס איז באהויפּטעט געוואָרען, אז אלע רעליגיעזע צערעמאָניעס, קומען פון דעם גלויבען, אז די נשמות פון די טויטע קענען טאָן שלעכטס און גוטס און אז מען קען זיי מפיס זיין.

דאָס ערשטע „הייליגע אָרט“ איז דאָס אָרט וואו די טויטע ליגען באגראָבען; דיזער פלאץ ווערט מיט דער צייט צום טעמפעל; דאָס אָרט אין דעם טעמפעל וואו מען פלעגט ארויפלייגען די עסענוואַרג ווערט מיט דער צייט דער מזבח. עסענוואַרג און טרינק־זאכען וואָס מען ברייגגט צו די טויטע ענטוויקעלט זיך צו קרבנות; קרבנות פון לעבעדיגע מענשען, צוקאַליעטשען זיך, אָפּשניידען די האָר, וועלכע מען זעהט אורשפּרינגליך טאָן פאר טויטע, זעהט מען אויך מקריב זיין פאר גאָט. פאסטען אלס באגרעבנים צערעמאָניע געהט איבער אין פאסטען פאר גאָט. זינגען שבחים צו די טויטע ענטוויקעלט זיך צו שבחים און תפילות פאר גאָט. דאָס אויפהאלטען פון פייער ביי די טויטע און אויף דעם מזבח; דאָס הייליגע אָרט און דער טעמפעל דינען ביידע גלייך אלס רעטונגס־אָרט, א. אז. וו., א. אז. וו.

איז מעגליך, אז דיזע אלע זאכען זאָלען ענטשטעהען פון

זיך זעלבסט, אָהן אַ שייכות איינס מיט ס'אַנדערע? אי מעגליך, אַז מענשען האָבען אַן איינגעבאָרענעם באַגריף פון גאָט? שטעלט זיך פאָר, אַז מענשען האָבען געגלויבט, אַז עס איז דאָ אַ באַשעפער אויף דער וועלט, וועלכער רעגיערט איבער אַלעם און אַלעמען. ווי אַזוי איז מעגיך, זיי זאָלען מאַכען דיזעלבע צערעמאָניעס פאַר דיזען גרויסען אַלמעכטיגען באַשעפער, ווי זיי מאַכען פאַר די געוועהנליכע טויטע, פאַר זייערע אייגענע חברים? און ווי איז עס מעגליך, אַז איבעראַל, אין פאַרשידענע טיילען פון דער וועלט, צווישען שבטים וואָס האָבען קיינמאָל ניט געוואוסט איינער פון דעם צווייטען זאָלען עקזיסטירען די־זעלבע צערעמאָניעס צו גאָט און זייערע פאַרשטאָרבענע, ווען דיזע צוויי זאָלען ניט האָבען קיין שייכות?

דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. ווען די רעליגיעזע צערע־מאָניעס זאָל ניט אָפּשטאַמען פון באַגרעבענים־צערעמאָניעס, וואָלט געווען אונמעגליך זיך צו ערקלערען פאַרשידענע מנהגים, וועלכע זיינען אויגענשיינליך אבסורד. ווי אַזוי וואָלטען מענ־שען געקענט קומען צום געדאַנק, ווי די מעקסיקאַנער, למשל, אַז אַ שטיינערנע כלי פול מיט מענשליכע בלוט וועט צופרי־דענשטעלען די זון? אָדער אַז די זון איז צופרידען פון ברענען ווייהרויך, ווי די עגיפּטער האָבען געדענקט? אויף וועלכען מעגליכען אופן, וואָלטען די פּערואַנער געקענט קומען צום גע־דאַנק, אַז די זון וועט זיין צופרידענגעשטעלט, ווען מען וועט בלאָזען צו איהר האָר אויסגעריסען פון די ברעמען? אָדער וואָרום זאָלען די אידען דענקען, אַז יהוה וועט זיין צופרידען, ווען זיי וועלען ארויפלייגען אויפ'ן מזבח פלייש, ברויט, ווייַן און ווייהרויך, די זעלבע זאַכען וואָס די עגיפּטער האָבען גע־ברויכט אויף זייערע אַלטאַרס צו זייערע מיסיעס? ווען מען נעמט אָבער אָן, אַז דיזע אַלע מנהגים קומען פון די אָפּפער צו די טויטע, דאַן באַקומען די אַלע שיינבאַרע משוגעת'ן אַ זין.

פון פאַרשידענע זייטען זעהן מיר די באַווייזע, אַז דער אור־שפּרונג פון רעליגיעזע צערעמאָניעס, אָדער בעסער, דער אור־שפּרונג פון רעליגיאָן, שטאַמט פון דער אורשפּרינגליכער אידעע וועגען טויט און פון די באַגרעבנים־צערעמאָניעס וואָס קומט פון דיזען ארויס.

ווי אזוי פון דעם אלעם האָט זיך אנטוויקעלט די אידעע פון אן איינצעלנעם גאָט, איז א גאנץ באזונדער פראגע, אין וועלכער איך קען דאָ ניט אריינגעהן.

## די מאַטעריעלע קולטור.

אונטער דעם וואָרט „קולטור" ווערט געוועהנ־ליך פארשטאַנען בילדונג אָדער ציוויליזאַציע. מען זאָגט א קולטור־מענש, און מען מיינט אַן אויסגעבילדעטען, באַלעהרטען און ציוויליזירטען מענשען; מען זאָגט אויף איינעם, ער פאַר־שפּרייט קולטור, און מען מיינט, ער ארבייט אויף דעם ליטע־ראַרישען געביט, אָדער ער פאַרשפּרייט וויסענשאַפט א. ז. וו. מיט איין וואָרט: מיר זיינען געוואוינט צו פאַרבינדען דאָס וואָרט „קולטור" מיט עטוואָס אידעאַלעס, גייסטיגעס, אָבער ניט מיט מאַטעריע, ניט מיט גשמיות.

אויב דאָס איז אמת, וואָס'ער זין האָט דאַן צו זאָגען: „מאַטעריעלע קולטור"? וואָס'ער שייכות האָט קולטור, וועלכעס איז נאָר רוחניה, מיט מאַטעריע, וועלכעס איז גשמיה? דער תירוץ איז, אז דער ערשטער טייטש פון דעם וואָרט, דער טייטש וואָס באַציהט זיך אויף בילדונג, איז נאָר איין העלפט, און ניט די וויכטיגסטע העלפט פון דער באַדייטונג פון דעם וואָרט „קולטור". אָט הערען מיר דאָס וואָרט „קולטור" גע־ברויכט אין א צוזאַמענהאַנג, וואָס דער גרויסער עולם איז געוואוינט צו באַטראַכטען אין פּונקט א פאַרקערטען זין ווי עטוואָס ערהאַבענעס, ווי דאָס וואָרט „אגריקולטור", וואָס מיינט ניט מעהר ווי ערד ארבייט.

דיזער איינער ביישפּיעל צייגט אויפ'ן שטעל, אז דאָס וואָרט „קולטור" ווערט געברויכט אויף פאַרשידענע — און ווי מאַנכע קאָנען מיינען — גאַנץ געגענגעזעצטע זאַכען. דאָס וואָרט „קולטור" פאַר זיך גענומען, מיינט ניט מעהר ווי באַארבייטען, אנטוויקלען, אויסבעסערען, אויס־פיינערען. מען קאָן דאַדורך קולטיווירען די ערד, ווי מען קאָן קולטיווירען קונסט, אָדער ליטעראַטור, אָדער א

געשמאק, אָדער פריינדשאפט. מיט אנדערע ווערטער: די טעטיגקייט פון באארבייטען, אויסבעסערען, אָדער אנטוויקלען הייסט קולטור. דער רעזולטאט פון קולטור איז ציוויליזאציע. די טעטיגקייט פון דעם מענשען אין די לאנגע אונצעליגע דורות פון זיין עקזיסטענץ צו באשאפען, צו בעארבייטען, צו פארענדערען און צו אנטוויקלען אלע די זאכען, וואָס ער האָט נויטיג, אָדער נויטיג געהאט פאר זיין עקזיסטענץ, פאר זיין שוץ און פאר זיין פארגעניגען — אלע דיזע טעטיגקייט איז קולטורעלע טעטיגקייט. דער סך הכול, אָדער ריכטיגער, דער שם הכולל פאר דיזע טעטיגקייט, איז די „מאטעריעלע קולטור", און איהר רעזולטאט — די ציוויליזאציע.

דיזע דעפיניציע פון „קולטור" און „מאטעריעלע קולטור", וועט, איך האָב מורא, ניט נושא חן זיין ביי אלעמען. אייניגע וועלען אפשר מאכען די איינוועענדונג, אז איך האָב ניט געלאָזען קיין פּלאַץ פאר די גייסטיגע קולטור, פאר די עסטעטישע קולטור, אין וועלכע עס געהען אריין די וויסענשאפט, די פילאָזאָפיע, די קונסט, ווי מאלעריי, מוזיק און פּאָעזיע, וועלכעס איז נאָך די באהויפּטונג פון פיעלע, א חלק אלה ממעל. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אויך דער פּראָגראם פון דיזע לעקטשורס איז דאָ די „גייסטיגע קולטור", און די „עסטעטישע קולטור", אלס ספּעציעלע טעמאס, און וואָס די אנדערע פּאָרטרעגער וועלען אפשר אויפמאָלען א גאנץ אנדער בילד; ניט קוקענדיג אויף דעם, האָב איך זיך ניט אָפּגעשטעלט צו מאכען מיין דעפיניציע אזוי ברייט, אז זי זאָל אין זיך אריינגעמען אלע קולטורען.

.1

דער דארווויניזם האָט פעסטגעשטעלט דעם פאקט, אז די פארשידענע מינים האָבען זיך דערהאלטען און אנטוויקעלט, און האָבען אנטוויקעלט זייערע באזונדערע אייגענשאפטען דורך נאטירליכע אָבקלייבונג אָדער צופּאסונג אין דעם „קאמף אום'ס דאזיין". די „מלחמת החיים" איז געווען און איז דער גרויסער

פאקטאָר, וואָס העלפט די מינים זיך צו דערהאַלטען און צו אנטוויקלען.

איבער דיזער טעאָריע פון דארווין איז זעהר פיל געשטריי־טען געוואָרען, און דער קאמף האט נאָך היינט ניט אויפגע־הערט. איין זאך איז אָבער אבסאָלוט פעסטגעשטעלט, און דאָס איז, דאָס געזעץ פון אנטוויקלונג. מען שטרייט איבער די ווע־גען, אויף וועלכע דיזע אנטוויקלונג וואנדערט, קיין קלאָרער מענש וועט אָבער היינט צו טאָג זיך ניט אונטערנעמען אָפּ־צולייקענען דאָס געזעץ פון אנטוויקלונג גופא. וועגען דעם צווייטען פונקט איז דאָ חלוקי דעות, אָבער אויך דאָ, גיבען אלע צו, אז דער הויפּט פאקטאָר אין די ענטוויקלונג פון די מינים, איז די נאטירליכע אָבקלייבונג דורך דעם „קאמף אומ'ס דאזיין". דאָס זעלבע איז אמת וועגען די מענשען און די מענשליכע געזעלשאפט.

אמת ווי דיזער כלל איז, איז פון דעסטוועגען אַן אונגע־הויער גרויסער אונטערשיד צווישען די מינים און זייער אנט־וויקלונג און דעם מענשען און זיין אנטוויקלונג.

קיינער קאָן ניט אָבלייקענען דעם אויגענשיינליכען פאקט, אז די ערשטע און וויכטיגסטע נויטווענדיגקייט פאר די חיה ווי פאר דעם מענשען, איז די ערהאלטונג פון קערפּער. דער גרויסער אונטערשיד באשטעהט אין דעם, וואָס די מינים אין זייער קאמף פאר עקזיסטענץ, האָבען קיין קולטור ניט בא־שאפען, ווערענד דער מענש אין זיין קאמף האט יאָ באשאפען קולטור.

אין דעם „קאמף אומ'ס דאזיין", ווי דארווין באווייזט, האָבען זיך דערהאלטען נאָר די מינים וועמעס קערפּערליכע אייגענשאפטען זיינען אם בעסטען געווען צוגעפּאסט צו זייער אומגעבונג, דאָס הייסט, צו די נאהרונג וואָס זיי האָבען גע־קאָנט געפינען. דיזע אייגענשאפטען זיינען איבערגעגאנגען בירושה פון די עלטערען צו זייער נאכקאָמענשאפט, און אזוי ארום זיינען אין פארלויף פון מיליאָנען יאָהרען ארויסגעקומען די פארשידענע מינים. מיט אנדערע ווערטער: די מינים האָבען אין פארלויף פון מיליאָנען יאָהרען אויסגעבעסערט און אנטוויקעלט זייערע קערפּערליכע אייגענשאפטען לויט דער

אומגעבונג, אין וועלכער זיי האָבען זיך געפונען, און דורך זייער נאטירלע מעגליכקייט זיך צוצופאסען צו דער אומגעבונג.

אויך דער מענש איז א פּראָדוקט פון זיין סביבה, ער האָט אָבער איין גרויסע מעלה, א מעלה וואָס קיין אנדער מין באזיצט ניט. ניט נאָר קאָן דער מענש צופּאסען זיין קערפּער צו דער אומגעבונג, ער האָט נאָך די גרויסע אייגענשאפט, וואָס ער קאָן צופּאסען די אומגעבונג צו זיין קערפּער. די פּארשידענע אנדערע מינים, ווען זיי האָבען ניט באזעסען די קערפּערליכע אייגענשאפטען וואָס זיינען געווען צוגעפּאסט צו די נאהרונג, וואָס האָט זיך גע־פונען אין זייער אומגעבונג, האָבען געמוזט אונטערגעהן. די מענשען האָבען אָבער פארשטאנען צו צופאסען די אומגעבונג צו זייערע קערפּערס דורך קינסטליכע מיטעל, — דורך געצייג.

„דער מענש איז א חיה, וואָס מאכט אינסטרומענטען,“ האָט שוין בענדזשאמין פּראנקלין, דער באריהמטער אמעריקא־נער שטאַטסמאן און פילאָזאָף, געזאָגט. די אינסטרומענטען מיט וועלכע דער מענש האָט זיך אין אלע צייטען באנוצט, האָבען איהם אויסגעפילט זיינע קערפּערליכע חסרונות, און האָבען איהם געגעבען די מעגליכקייט צו דערלאנגען זאכען, וועלכע ער האָט מיט זיינע נאטירליכע אברים ניט געקאנט דערלאנגען. א שטעקען אין דער האנט פון דעם ווילדען מענשען האָט גע־מאכט זיין האנד אויף אזוי פיל לענגער, אז ער האָט געקאנט דערגרייכען א פרוכט אויף א בוים; א שטיין אין זיין האנד, האָט איהם געהאָלפען דערגרייכען א חיה, וואָס איז געווען ווייט א וועק פון איהם, וואָס האָט געקאנט פיל שנעלער לויפען, און וואָס איז אין אלגעמיינעם געווען פיל קרעפטיגער פון איהם. דער שטעקען צוזאמען מיט דעם שטיין, האָבען געמאכט דעם האמער. דיזער שטעקען מיט דעם שטיין איז ניט נור געווען דעם מענשענס ערשטע געצייג, עס איז אויך געווען זיין וואפע. געצייג און וואפע זענען ביי דעם אורשפּרינגליכען מענשען איינס און דאָסזעלבע. ער מוז זיי ביידע האָבען פאר זיין עקז־זיסטענץ, און פאר זיין שוץ. ער באנוצט זיין געצייג אלס וואפע און זיין וואפע אלס געצייג. מיר, וועלכע לעבען אין א צייט פון דאמף און עלעקטריציטעט, פון טעלעגראפען, טעלע־

פּאַנען און לופט שיפען; אין א צייט ווען מען רעט ערנסט פון באשאפען לעבענסמיטעל פון דער לופט; מיר, היינט, קענען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען פון וואָסער באדייטונג דיזער שטעקען מיט דעם שטיין זענען געוועזן. אין אמת'ן איז דאָס געוועזן דער אָנפאנג פון דער קולטור, וועלכע מיר באזיצען היינט, און זיי האָבען געדינט דעמזעלבען צוועק, ווי די היינטיגע ערפינ־דונגען. דער שטעקען האָט קינסטליך לענגער געמאכט די מענשליכע האנט, דאָס זעלבע האָט געטאָן דער שטיין, און ווען דער מענש האָט פאראייניגט דעם שטעקען מיט דעם שטיין, האָט ער זיין האַנד געמאכט ניט נור לענגער נור אויך שטאַרקער. וואָס זענען די היינטיגע ערפינדונגען מעהר ווי א קינסטליכע פארבעסערונג פון דעם מענשליכען קערפער? דער טעלעפאָן נוצט אונז אויסצובעסערן אונזער געהער און צו פארהעכערען אונזער קול. מיט זיין הילפע קענען מיר הערען און רעדען אויף א ניט אן ערך ווייטערען שטח ווי אָהן איהם; די לופט שיף איז א ווייטערעס מיטעל לייכטער צו מאכען אונ־זער באוועגליכקייט א. ז. וו. א. ז. וו.

געצייג און וואפע, זענען די הויפט מיטלען וואָס דער מענש באנוצט אין זיין קאמף. מיט דיזען אונטערשיידעט ער זיך הויפטזעכליך פון די אַנדערע מינים. די מעגליכקייט צו מאַכען און צו באנוצען דאָס געצייג און די וואפע, האָבען איהם געגעבען די מעגליכקייט, ביסלאכווייז, צו באשאפען זיין קול־טור. געצייג און וואפע זענען די הויפט אָבער ניט די איינציגע מיטעל, מיט וואָס דער מענש באנוצט זיך, און מיט וועלכען ער אונטערשיידעט זיך פון דער חיה.

ער אונטערשיידעט זיך נאָך מיט דעם, וואָס ווערענד די חיה נעמט די שטאָפען פון דער נאַטור, און פארצערט זיי ווי זי געפינט זיי, רויערהייט, באארבייט דער מענש די נאטור. ער פּראָדוצירט די זאכען פאר זיינע באדארפניסע; ער פארפער־טיגט און פארענדערט זיי לויט זיין געשמאַק. מיט איין וואָרט: ער פּראָדוצירט, רעפּראָדוצירט און פארענדערט די נאטור; און „ענדערענדיג די נאטור, ענדערט דער מענש זיין אייגענע נאַ־טור", זאָגט מארקס. און מיר קאָנען צולעגען: ער פארענדערט זיין נאטור אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער ענדערט די נאטור.

אפילו ביי די חיות, ווי קראפּאָטקין האָט נאָכגעוויזען, איז צו דעם קאמף צוגעקומען נאָך א מיטעל: די געגענזייטיגע הילפע. דיזעס האָט ביי די מענשען געמוזט זיין אין א פיעל גרעסערע מאָס ווי ביי דער חיה. דער מענש איז ניט נאָר א חיה וואָס מאכט געצייג, ער איז אויך א חיה וואָס האָט ליעב געזעלשאפט. ער וואָלט קיינמאָל ניט אנטוויקעלט קיין שפּראך, ווען ער וואָלט פון אָנפאנגס אָן ניט געוועזען קיין געזעלשאפט־ליכע און געזעליגע חיה. דער מענש אלס חיה, איז געוועזען צו שוואך פאראיינצעלט צו קעמפפען געגען די רויהע נאטור און די ווילדע חיות, וואָס האָבען איהם ארומגערינגעלט.

דיזער מענש, וואָס מאכט געצייג וואָס איז געזעליג, וואָס פארענדערט די נאטור, האָט גאנץ שנעל געמוזט אויסגעפינען, אז איינער אליין איז ער מאכטלאָז. מיט דעם שטעקען האָט ער איינער אליין געקאָנט אראָבהאַקען א פרוכט פון א בוים, ער האָט אָבער באדארפט דעם בוים גופא, און דעם בוים אומ־לייגען האָט ער אליין ניט געקאָנט; מיט דעם שטיין האָט ער אפשר געקאָנט פארוואונדען און אוועקלעגען א חיה, די חיה אין גאנצען בענדיגען, אוועקשלעפען און אָבשינדען, האָט ער אליין ניט געקאָנט. ער האָט געמוזט האָבען הילפע פון זיינע מיטמענשען. גלייך פון דעם אָנפאנגס אָן, וואו מיר געפינען נור מענשען, געפינט מען זיי דערפאר אָרגאניזירט. פריהער אין גאנץ קליינע האָרדעס, דאָן אין קלאַנס, דאָן אין פאמיליעס, דאָן אין נאציאָנען און גאָר צולעצט אין א קאָמפּליצירטער גע־זעלשאפט.

דער מענש ענדערט און באארבייט די נאטור לויט זיינע באדארפניסע. ער טהוט אָבער נאָך מעהר: ער באשאפט און פארמערט די באדארפנישען. און ווען זיין אומגעבונג איז אזעלכע, וואָס ערלויבט איהם ניט צו באפרידיגען אלע זיינע באדארפניסע, שטעלט ער זיך אין פארבינדונג מיט אנדערע מענשען, וואָס זענען ווייט אוועק פון איהם, און וועלכע געפי־נען זיך אין אנדערע אומגעבונג, און וועלכע האָבען דיזע ארטיק־לען וואָס פעהלען איהם און וועמען עס פעהלט די ארטיקלען, וואָס ער האָט לרוב. פון דעם ענטשטעהט דער אויסטויש, דער

האנדעל, די פארטיילונג און פארבינדונג פון ארבייט, און שליסליך די אינדוסטריע, ווי מיר קענען איהר היינט.

לעבען אין הארדעס, אין קלאנס, אין פאמיליעס אדער אין א געזעלשאפט; אויסטוישען די באדארפס־מיטלען; דאס פארטיילען און פארבינדען די ארבייט — דאס אלעס קען ניט געמאכט ווערען אהן באשטימטע כללים, רעגעלען, אדער געזעצע, און ביסלאכוייז, טריט ביי טריט, ארבייט זיך אויס א סיסטעמע פון מנהגים, זיטען און געזעצגעבונג.

צו מאטעריעלע קולטור באלאנגען, אלזא, ניט נור די מיטלען פון קאמף און שוטץ, ווי ווערקצייג, וואפען, באקליידונג און באהויזונג, נור אויך די פרידענסמיטעל, ווי געגענזייטיגע הילפע, ווי דאס ארגאניזירען אין הארדעס, קלאנס, פאמיליעס און געזעלשאפט; דאס פארטהיילונג און פארבינדונג פון ארבייט; דער אויסטויש, די געזעצגעבונג, און די מאראלע באציהונג צווישען מענש און מענש. מען קען נאך געהן א טריט ווייטער, און באהויפטען, אז די גאנצע קולטור איז ניט מער ווי א רעזולטאט פון דער מאטעריעלער קולטור. אבער גראד דאס איז דער פונקט וועלכער ווערט פיעל באשטריטען. מאנכע ווילען האבען, אז גראד אט דער פאקט, וואס די מינים אין זייער קאמף האבען קיין קולטור ניט באשאפען, און די מענשען יא, גראד דער פאקט באווייזט, אז עס איז דער מענשליכער גייסט, דער גייסט, וועלכער שטעלט דעם מענשען איבער דער חיה, וועמען מיר האבען צו פארדאנקען די גאנצע פרעכטיגע קולטור, וואס מיר האבען. עס איז אמת, זאגען דיזע, אז די ערשטע און וויכטיגסטע באדינגונג פון דעם מענשען, ווי פון דער חיה, איז די באהאנדלונג פון קערפער, אבער וואלט דער מענש ניט באזעסען דעם גרויסען גייסט זיינעם, וואלט ער געקומען ניט ווייטער פון דער חיה.

אט איז, למשל, די שפראך. מען קען זיך ניט פארשטעלען קיין וויכטיגערעס, קיין קרעפטיגערעס מיטעל אין דער אויפהאלטונג און פארשפרייטונג פון קולטור ווי די שפראך. די איבריגע מינים, ניט באזיצענדיג די פעהיגקייט אויסצוטוישען זייערע געדאנקען דורך שפראך, האבען ניט די מעגליכקייט מיטצוטהיילען זייערע ערפאהרונג צו זייער נאכקאמענשאפט,

און יעדעס נייע דור פון חיות מוז יעדעס מאָל אָנהויבען פון דאָס ניי, און אליין מאכען אַלע ערפאַרונגען. זיי קומען דאדורך קיינמאָל ניט ווייטער, ווערענד דער מענש, צוליב זיין פעהיג־קייט צו רעדען, קען איבערגעבען זיינע ערפארונג צו דעם נייעם דור, און דאָס נייע דור, באנוצענדיג זיך מיט די איבער־גענומענע ערפאהרונג, הויבט אָן די ארבייט דאָרט וואו דאָס אַלטע דור האָט אויפגעהערט, און אזוי פון דור צו דור, אָנ־זאמלענדיג און צונויפקלייבענדיג אַלע דיזע ערפארונגען, וועלכע שטעלען צוזאמען וואָס מיר רופען קולטור. דאָס איז אַ שטארקער ארגומענט, און, מען קען ניט לייקענען, אין דעם שטעקט אַ סך אמת. מען דאַרף אָבער ניט פארגעסען, אַז די שפּראַכע אליין, אָבגעזעהן פון די פעהיגקייט איהר צו באנוצען, וועלכעס איז אַן אייגענשאפט נור פון דעם מענשען, און אַ פיזישע אייגענשאפט, אגב אורחא, — אַז די שפּראַכע אליין, ווי די פאָרשער באהויפּטען, איז ניט מעהר ווי אַן אונבאוואוסטע טהעטיגקייט פון דעם מענשען אין זיין קאמף פאר עקזיסטענץ, און איז דאדורך ניט מעהר ווי אַ רעזולטאט פון דיזעלבע אורזאכען ווי די איבריגע קולטור. געווים באזיצט דער מענש פעהיגקייטען וועלכע קיינע פון די איבריגע מינים האָבען ניט, אנדערש וואָלט ער קיינמאָל ניט עררייכט דיזע שטופע פון ענטוויקלונג. די האַנד, דאָס „גע־צייג פון אַלע געצייג“, איז אויך אַ ספּעציעלע פעהיגקייט פון דעם מענשען, און די האנד איז נאָך אַ פיל וויכטיגערער אינ־סטרומענט אין דער קולטור ווי די שפּראך. וואָרים ווען די שפּראך האָט געהאָלפען דערהאלטען און פארשפּרייטען די קולטור, איז די האנד געווען איהר בעשעפער. דאָס קען קיינער ניט אָבלייקע־נען. פון דער צווייטער זייט לייקענט אויך קיינער ניט, אַז דער מענש שטעהט גייסטיג פיל העכער ווי אַלע איבעריגע מינים, און אַז עס זענען דיזע מענשליכע פעהיגקייטען אַלע צוזאמענ־גענומען וואָס האָבען געגעבען די מעגליכקייט פאר די קולטור וואָס מיר האָבען היינט. דער פּונקט אום וועלכען עס האַנדעלט זיך, איז דיזער: אייניגע ווילען האָבען, אַז עס איז געווען דער מענשליכער גייסט, וואָס איז געווען דער הויפּט פאַקטאָר אין דיזער ענטוויקלונג, וועהרענד די אַנדערע באהויפּטען, אַז עס איז ניט געווען דער גייסט, וואָס האָט זיך, אזוי צו זאָגען, אוועק־

געזעצט און אויסגעקלערט די אלע שעהנע און גוטע זאכען. דער מענש אין זיין לאנגער געשיכטע, באהויפטען דיזע, האט קיינמאל ניט געקלערט וועגען די גוטע און שעהנע זאכען, ער האט זיך קיינמאל ניט געשטעלט קיין קולטורעלע אויפגאבען. זיין וויכטיגע אויפגאבע, צוזאמען מיט אלע איבריגע חיות, איז געווען ווי זיך צו ערנערען און צו בעשיצען, און זוכענדיג זיך צו ערנערען און צו באשיצען, האט ער אפט געהאנדעלט גרויזאם און ברוטאל, אהן גייסט און אהן מאראל, ניט ערגער פון דער חיה.

פון קינדוויִיז אויף זענען מיר געוואנט צו דעם געדאנק, אז דער גאנץ ערשטער מענש אויף דער וועלט האט זיך געפונען אין גן עדן. פריער, אזוי שטייט אין דער תורה, איז באשאפען געווארען דער הימעל און די ערד, און דאס וואסער, און דאס ליכט, און די פיש אין וואסער, און די עופות, און די חיות, און בהמות, און די פרוכט אויף דער ערד. ערשט ווען דאס אלעס איז געווען פארטיג איז באשאפען געווארען דער מענש דאס אלץ צו געניסען.

די גאנצע „מעשה בראשית“ מאכט דעם איינדרוק עפעס ווי דער באשעפער פון דער וועלט וואלט זיך צוגעגרייט צו א חתונה פון זיין פריינד אדם, דעם מענש, מיט זיין געליבטע חוה. פינף גאנצע טעג האט ער געארבייט, זיך געפארעט, אלץ צוגעגרייט און געבראכט אין ארדנונג, און ווען אלעס איז געווען פיקס און פארטיג, דער טיש געדעקט, די מעדנים און מאכלים צוגעגרייט, האט ער אריינגעבלאזען א נשמה אין אדם, פון זיין ריפ איהם באשאפען א באשערטע, זיי פארבעטען אין גן עדן און צו זיי געזאגט: דאס אלעס איז צוגעגרייט פאר אייך. „לכם יהיה לאכלה“. עסט און טרינקט, לאזט זיך וואהלגעהן, און פרוכפערט זיך און מעהרט זיך. בעסער קען מען זיך גאר ניט ווינשען.

דיזער צושטאנד האט געדויערט אזוי לאנג, ביז דער מענש האט זיך פארזינדיגט, און געפאלגט דאס ווייב, צו עסען פון דעם עץ הדעת, צו ווערען אביסעל קלוגער. זיין גאנצע גרויסקייט איז דאן פארשוואונדען. זיי האבען זיך געפונען בערום ובחוסר כול, ארעם און נאקעט.

די בבא מעשה, אביסעל אנדערש, האָט ביז ניט לאַנג צוריק געגלויבט אפילו די וויסענשאַפט. דער גלויבען איז איבעראַל געוועזן פאַרשפּרייט, אַז אין אָנהויב איז די מענשהייט געוועזן פאָלקאָמען, געזונט, שטאַרק, קרעפטיג, זאַפטיג און ריין; אַז די מענשהייט איז אַרונטערגעקומען פון דיזער הויכער מדרגה נאָכדעם ווי זי האָט זיך פאַרזינדיגט.

דער גלויבען פון די גריכען און די רוימער איז געוועזן אין געטער און האַלב-געטער וואָס זענען אין אַלע פּרטים געוועזן גלייך צו די מענשען. די גמרא זאָגט: „אם הראשונים כמלאכים אנו כבני אדם, ואם הראשונים כבני אדם, אנו כחמורים בעלמא". (אויב די ערשטע זענען געוועזן ווי מלאכים, זענען מיר ווי מענשען, און אויב די ערשטע זענען געוועזן ווי מענשען, זענען מיר ווי פּראָסטע אייזלען.) די וויסענשאַפט האָט, ביז ניט לאַנג צוריק באהויפּטעט, אַז די ווילדע מענשען וואָס מיר קענען היינט זענען אַן אבשטאַמונג פון אַ העכערע ראַסע, וואָס איז פאַרווילדערט געוואָרען. מיט איין וואָרט: אומעטום האָט געהערשט די אידעע, אַז די פריהעריגע מענשען זענען געוועזן די בעסערע מענשען.

לײדער, האָט מיט אונז געטראָפען, וואָס עס האָט געטראָפען צו אדם הראשון. מיר האָבען געגעסען פון דעם עץ הדעת, און מיר האָבען דערזעהן די נאַקעטקייט פון דעם ערשטען מענשען. דאָס בילד פון אונזער גן עדן, האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ גהנום. מיר זענען אין אונזער פאַנטאַזיע אַרוים פון גן עדן, און דערזעהן דעם אורשפּרינגליכען מענשען:

„אין קליינע גרופּען, ווי האַרדעס פון חיות, אַרומלויפענדיג פון אָרט צו אָרט, זוכענדיג שפּייז; וועלכער געפינט זיין אָברוה ביי נאַכט אין הייזען, אונטער אַ בוים, אונטער אַ ווענטעל פון חאַלע, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אויף די געשווינדיגקייט זיך צו באשיצען פון ווינט. זעהר אָפט געפינען מיר איהם אין אַן איינפאַך לאָך, וואָס איז אויסגעהוילט געוואָרען אין דער ערד, שפּייזענדיג זיך פון פרוכטען און וואָרצלען, מאַנכעסמאָל אויך מיט פליש פון חיות, און ער בראַקירט ניט מיט שלאַנגען, ווערים, היישריקען און מוראַשקעס". (ביוכער)

דער ווילדער מענש איז געוועהנליך ברוטאַל. ער ווייסט ניט פון קיין יושר, מאָראַל אָדער רעכט. ער טוט דאָס, וואָס די נויט-

ווענדיגקייט אין קאמף צווינגט איהם צו טוען. ער מאָרדעט זיינע קינדער ווען זיי פאַלען איהם צו לאַסט אויף זיינע וואנדערונג; ער באפרייט זיך פון זיינע אַלטע, ווען זיי קענען מעהר ניט אַרבייטען; ער מאָרדעט און פרעסט זיינע מיטמענשען, ווען ער נעמט זיי געפאנגען; ער נעמט ראַבע, בלוטיגע ראַבע פאר אן עולה, וואָס מען טוט איהם, לויט זיין כעס אָדער לויט דעם ווי זיין פיזישער כח ערלויבט איהם.

ער קען ניט ציילען, אָדער רעכנען; ער האָט אפילו ניט קיין ווערטער פאר דיזע זאכען. אפילו היינט זענען נאָך דאָ ווילדע וואָס קענען מעהר ווי צוויי ניט ציילען. זיין שפּראַך איז באשרענקט ער האָט ניט קיין ווערטער אויסצודריקען אפילו די פאָרגעדאנקען וואָס ער פארמאָגט. ער איז גאָר ניט אזא גרויסער קאָפּ מענש, און מיט זיין גייסט איז גאָר ניט דאָ וואָס זיך גרוים צו האַלטען.

די אַלע שענע און גוטע זאכען, וואָס דער מענש האָט זיך סוף כל סוף ערוואָרבען, זענען איהם אָנגעקומען מיט שווערע מיה און מאטערניש. זוכענדיג צו געפינען שפייז און שוץ פאר זיין קערפּער האָט ער לאַנגזאַם, אין פארלויף פון מיליאָנען יאָהרען, און מיט זיינע נאטירליכע פעהיגקייט צום דענקען, צום רעדען און צו געברויכען די האנד, ענטוויקעלט. אַלע די גוטע און שעהנע זאכען, און צוזאמען מיט זיי אויך זיינע אייגענע פעהיגקייט. ד. ה. זיין אייגענעם גייסט, שפּראַך א. ז. וו. דיזעל־בע נויטווענדיגקייט, וואָס האָט געפיהרט צו די ענטוויקלונג פון די מאטעריעלע זאכען, האָט אויך געפיהרט צו דער ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען גייסט גופא, און אַלע די זאכען, וואָס שייגען צו זיין די ארבייט פון דעם גייסט.

2.

דער סתם מקשן קען דאָ פרעגען: פון וואנען ווייסען מיר ווי אזוי די ענטוויקלונג איז צוגעגאנגען? אויף דעם קען מען ענטפערן: אויף גאנץ זיכער ווייס מען טאקע ניט, עס זענען אָבער דאָ געוויסע וויסענשאפטליכע באווייזע, וועלכע פיהרען צו דעם שלוס, אַז נור אויף אזא אופן האָט עס געמוזט צוגעהן.

עס איז ניט דאָ מיין אויפגאבע צו ערקלערן די דארווינישע טעאָריע אין אַלע איהרע איינצעלהייטען. עס וואָלט אויך געוועז אונמעגליך אין די קורצע צייט, וואָס מיר האָבען פאר זיך, און, לאָמיך אייך זאָגען דעם אמת, איך וואָלט זיך באדארפט גאנץ אנדערש צוברייטען צו אזא ארבייט. אום אָבער צו ענטפערן דעם סתם מקשן, צו פארשטארקערען דאָס אויבענגעזאָגטע, און אויך צוליב דעם, וואָס עס איז נאָך דאָ צו זאָגען וועגען דעם ענין, וועט זיין אינטערעסאנט צו ברענגען עטליכע איינצעלהייטען.

דעם גרויסען כלל, אז עס איז די „מלחמת החיים", וואָס שפּילט די גרעסטע ראָלע אין די ענטוויקלונג פון די מינים, האָט דארווין געבאָרגט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

די ענטוויקלונגס לעהרע, די לעהרע וואָס האָט איבערגע־קעהרט דאָס גאנצע מענשליכע דענקען, איז ארויסגעזאָגט גע־וואָרען נאָך פאר דארווין. אָבער פאר א לאנגע צייט איז דאָס נור געוועז אן מין פאנטאזיע ביי אייניגע, וועלכע זענען פון די וויסענשאפטס מענער פון זייער צייט באטראכט געוואָרען אַלס בעלי חלומות און משוגעים. ביז עס איז געקומען לייעל דער גרויסער געאָלאָג, און האָט צום ערשטען מאָל באוויזען מיט ראיות ברורות, און פעסטגעשטעלט, אז די ערד שיכטען זענען ניט ארויסגעקומען דורך צוזאמענשטויסען אין דער נאטור, ווי מען האָט ביז דעמאָלט געגלויבט, נאָר אז זיי האָבען זיך ענטוויקעלט אין א משך פון מיליאָנען יאָהרען. ער האָט נאָכגעוויזען, אז דערזעלבער פּראָצעס פון אנטוויקלונג געהט נאָך אָן היינט צו טאָג. „אין איינצעלנע שטעלען הויבט זיך לאנגזאם דאָס לאנד ארויס פון דעם ים, ווי למשל, ביי די ברעגען פון שוועדען און שפּיטשבערגען, ווערענד אנדערע לענדער, ווי למשל גרינלאנד, האלטען אין איין זינקען". ער האָט אזוי ארום אָבגעלייקענט די זאָגענאנטע קאטאסטראָפען טעאָריע. נאָך איהם, אָדער צוזאמען מיט איהם, איז געקומען זיין פריינד און תלמיד טשארלס דארווין, און האָט נאָכגעוויזען, אז אויך די פלאנצען, און אַלע לעבעדיגע מינים האָבען דורכגעמאכט א לאנגזאמען פּראָצעס פון ענטוויקלונג. אָבער דארווין'ס אויפ־גאבע אין דער ביאָלאָגיע איז געוועז א פיעל שווערע ווי לייעלס

אין דער געאָלאָגיע. פאַר אַ לאַנגע צייט האָט זיין טהעאָריע וועגען דער אנטשטעהונג פון די מינים ניט געקענט פארטיג ווערען. איהר האָט געפעלט דער סאמער פונדאמענט. דארווין, נאָך פיל יאָריגעס שטודירען, איז געווען איבערצייגט, אז די מינים זענען ניט באשאפען געוואָרען אלע מיט איינמאָל, מיט דעם דיבור, ווי עס שטעהט אין דער תורה; ער האָט ניט געצווייפעלט, אז זיי האָבען זיך ענטוויקעלט אין פארלויף פון מיליאָנען יאָרען, זעהר לאַנגזאַם, דורך קליינע פארבעסערונגען און פארענדערונגען, אָבער ער האָט ניט געקענט געפינען דעם כח, וואָס פאראורזאכט און טרייבט צו דער פארבעסערונג און פארענדערונג, ביז איין טאָג איז איהם דורך אַ צופאַל געקומען אין דער האַנד דאָס בוך פון מאלטוס „איבער באפעלקערונג", וועלכעס ער האָט גענומען לעזען, ווי ער דערצעהלט, צום צייט פארטרייב. אין דיזען בוך זוכט מאלטוס צו באווייזען, אז די מענשהייט פארמעהרט זיך פיעל שנעלער ווי די לעבענסמיטעל, דאָס ווערענד די לעבענסמיטעל פארמעהרען זיך לויט אַן אריטמעטישע פּראָגרעסיע, פארמעהרט זיך די מענשהייט לויט אַ געאָמעטרישע פּראָגרעסיע*)

דיזע טעאָריע, וועלכע ווערט, אגב אורחא, זעהר פיל באַשטריטען, און פון פילע אָבגעלייקענט, איז געווען דער פונקט, וואָס האָט אַ בלישטשע געטאָן פאַר דארווין'ס גייסטיגע אויג. מיט איין מאָל האָט ער געפונען דעם שליסעל צו זיין ענטוויקלונגס טעאָריע. דאָס איז געווען, דער „קאַמף אום'ס דאזיין".

עס איז אינטערעסאנט, אז אלפרעד רוססעל וואלאַס, וועכער האָט ענטדעקט דיזעלבע טהעאָריע פון ענטוויקלונג, זעלבסטשטענדיג, ניט וויסענדיג פון דארווין'ס ענטדעקונג, האָט זיך

---

*) ווען אַ צאָהל ווערט גע'כפל'ט אויף אַ געוויסען נומער, און די סומע וואָס קומט ארויס פון דיזען כפל ווערט ווידער גע'כפל'ט אויף דעם זעלבען נומער א. ז. וו. אזא סאָרט באשטענדיגעס כפל'ען ווערט אָנגערופען אַ געאָמעטרישע פּראָגרעסיע. למשל, 1 גע'כפל'ט אויף 3 מאכט 3; 3=1+3. דיזער 3 ווידער גע'כפל'ט אויף 3 מאכט 9; 9=3+3. דער 9 גע'כפל'ט אויף 3 מאכט 27; 27=3+9. דער 27 גע'כפל'ט אויף 3, מאכט 81 און אזוי ווייטער.

אָבגעשטעלט ביי דעם זעלבען פּונקט, און האָט איהם געפונען אויף דעם זעלבען אופן ווי דארווין, לעזענדיג מאלטוס׳ס בוך „איבער באפעלקערונג", וואָס איז איהם צופעליג געקומען אין דער האַנד אריין.

דיזע קליינע „הלואה", וואָס דארווין האָט גענומען ביי דעם עקאָנאָם מאלטהוס, האָט ער באצאָהלט מיט גרויסען פּראָ־צענט, זיין טעאָריע איז באלד געוואָרן דער פונדאמענט פון דער גאַנצער סאָציאָלאָגיע. עס איז אמת, אז דיזעלבע טעאָריע פון ענטוויקלונג דורך דעם „קאַמף אום׳ס דאזיין", ווי דארווין האָט עס פעסטגעשטעלט אין דער ביאָלאָגיע, האָט קאַרל מארקס זעלבסטשטענדיג, אין דערזעלבער צייט מיט דארווין, פעסטגע־שטעלט פאר די געזעלשאפטליכע ענטוויקלונג, און אויך דורך דעם קאַמף. וואָס דער „קאַמף אום׳ס דאזיין" האָט, לויט דארווין, געטאָן פאר די ענטוויקלונג פון די מינים, האָט דער קלאַסען־קאַמף, לויט קאַרל מארקס, געטוען פאר דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט. נאָך מעהר : דער נייער פּרינציפּ פון געגענ־זייטיגע הילפע, וואָס קראָפּאָטקין האָט נאָכגעוויזען, און מיט דעם אויסגעבעסערט דעם דארוויניזמוס, דיזער פּרינציפּ איז שוין איינגעשלאָסען אין דעם באגריף פון „קלאַסענקאַמף", וואָ־רים וואָס איז דער קלאַסענקאַמף, אוים ניט געגענזייטיגע הילף פון א גאַנצען קלאַס ? א גאַנצע קלאַסע נעמט זיך צוזאמען, העלפט איינס ס׳אַנדערע אינערהאַלב דעם קלאַס, און קעמפט צוזאמען, און סאָלידאריש, מיט אַנאַנדער קלאַס, וואָס טוט דאָס זעלבע אינערהאַלב זיין אייגענע קלאַסע. אָבער דיזע טעאָריע פון מארקס, איז ניט געווען פאָלשטענדיג אויסגעארבייט און באוויזען פון איהם, מיט אַלע איינצעלהייטען. עס איז געווען מעהר א גייסטרייכע באהויפּטונג, איידער א טעאָריע, וועהרענד דארווין האָט אויף זיין געביט אָנגעזאמעלט אַן אוצר פון אונ־ווידערלייגליכע פאַקטען, און האָט מיט דעם פעסטגעזעצט דאָס געזעץ פון ענטוויקלונג, ניט נור פאר דער ביאָלאָגיע, נור אויך פאר אַלע אַנדערע וויסענשאפטען, צווישען זיי אויך די סאָציאָ־

אַן אריפמעטישע פּראָגרעסיע הייסט, א נומער וואָס פאַרגרעסערט זיך נאָר מיט איינס, ווי 1, 2, 3, 4, 5, 6, און ז. וו.

לאָגיע. די אידעע פון ענטוויקלונג איז געוואָרען דער גרונד־שטיין פון אַלע וויסענשאַפטען, ניין, פון אַלעם מענשליכען דענ־קען. נאָך מעהר: ער האָט געוויזען דעם וועג אויף וועלכען די סאָציאָלאָגיע מוז וואנדערן. זיין מעטאָדע האָט ענטפּלעקט א פּרוכטבארעס פעלד פאר די סאָציאַלע וויסענשאַפטען, א פעלד פון וועלכען מען האָט פריהער נאָר גע'חלומ'ט, אָבער ניט געוואוסט.

פון די פריערינע לעקטשורס, ווייסט איהר געווים די באַ־דייטונג פון שיכטען און פאססילען. איהר האָט געווים געהערט, אז די ערד באשטעהט פון צוויי סאָרטען שטיינער, פון ערופּטיווע שטיינער, ד. ה. שטיינער וואָס האָבען זיך געפאָרמעוועט פון פייערפליסיגע מאסען, און סעדימענטאַר שטיינער, ד. ה. שטיינער, וואָס זענען זיך אָבגעשטאַנען פון דעם וואסער.

דיזע לעצטע, בילדען א גרויסע צאָל „פּאַכען“, אָדער שיכ־טען, וואָס ליגען איינס אויפ'ס אַנדערע. נאַטירליך, וואָס טיפער א שיכטע ליגט אַלץ עלטער איז זי. אין דיזע שיכטען, געפינט מען פערשידענע איבערבלייבעכץ פון אַלע מינים, וואָס דערציי־לען אונז מיט א קלאָרער שפּראך ווי אזוי עס איז צוגעגאנגען די ענטוויקלונג פון אַלע מינים, און אויך די מענשען. די „אי־בערבלייבעכץ“ ווערען אָנגערופען פאססילען, אין דיזע פאססילען, ווי מילער לייער דריקט זיך שעהן אויס, זיינען די בוכשטאַבען פון דיזער זעלטענער שפּראך. מיט די הילפע פון די שיכטען און פאססילען, האָט דארווין נאָכגעוויזען די ענטשטעהונג פון די מינים. און דיזע מעטאָדע זיינע איז באלד אָנגעווענדעט גע־וואָרען, אויך אין דער סאָציאָלאָגיע. עס איז באלד ענטדעקט געוואָרען, אז אין די טיפע שיכטען פון דער ערד געפינט מען ניט נאָר די איבערבלייבעכטס, די פאססילען, פון די פארשידענע חיות, וואָס האָבען אמאָל עקזיסטירט, מען געפינט אויך „די שפּורען,“ וואָס די מענשען האָבען דאָרט געלאָזען: וואפען, ווערקצייג, גערעטע, צירינג און אַלע האנד געברויכסגעגענשטענ־דע, אויך נאהרונגסמיטעל, קברים, מצבות א. ז. וו.“ און די אַלע זאכען גיבען אונז די מעגליכקייט זיך צו מאַכען א דייטליכען באגריף פון דעם ווי אזוי די מענשען האָבען געלעבט, אין וואָסער פּראָצעס פון ענטוויקלונג זיי האָבען דורכגעמאכט

געהענדיג א טריט ווייטער מיט דערזעלבער דארווינישע מעטאָדע, האָט מען אויף דער ערד ענטדעקט געזעשלאפטליכע שיכטען און סאָציאַלע פאססילען. דורך די באשרייבונג פון פאר־שידענע רייזענדע און פאָרשער, האָט מען זיך דערוואוסט פון א גאנצע רייהע פון פעלקערשאפטען, אָדער שבטים, וואָס געפי־נען זיך אין פארשידענע וועלט־טיילען, ווי אפריקא, אַסטראַליען און אמעריקא, וועלכע שטעהן אויף פערשידענע שטופען פון ענטוויקלונג; מאנכע פון זיי זענען נאָך גאנץ ווילד, ווי די בושמען אין סאוטהאפריקא, די באטיאס אין די קאנבא באזין; די וועדהאס אין ציילאָן; די מייקאפיאס און די אנדאמאן אינז־לען; די נעגריטאס און די פיליפינען א. ז. וו. שטודירענדיג די אַרט פון צוזאמענלעבען פון דיזע שבטים: ווי אזוי זיי ערנערען זיך, זייער פאמיליענלעבען, זייערע גלויבענס, מנהגים, בעגריפע פון רעכט און מאָראל א. ז. וו. קען מען זיך מאכען א באגריף ווי אזוי די גאנצע מענשהייט האָט זיך ענטוויקעלט.

צו שטודירען די ענטוויקלונג פון דער מענשהייט, האָבען מיר אלזאָ צוויי וועגען, איינע איז די פאר־היסטאָריע. די באנוצט זיך מיט די שיכטען און פאססילען אין דער ערד; די צווייטע איז די ענטאָלאָגיע, די פעלקער קונטשאפט, וועלכע שטו־דירט די שיכטען און פאססילען אויף דער ערד.

מיט דער ערשטער מעטאָדע געפינט מען אויס ווי אזוי עס איז צוגעגאנגען די ענטוויקלונג פון ווערקצייג. די גאנצע קולטור־געשיכטע איז לויט דיזען פערטיילט געוואָרען אין דריי פעריאָדען: די שטיין צייט, די קופער און בראָנז צייט, און די אייזען צייט. דאָס הייסט, די צייט, ווען די מענשען האָבען זיך באנוצט מיט שטיינערנע געצייג, מיט בראָנז און קופערנע געצייג, און אייזערנע ווערקצייג.

די צווייטע מעטאָדע, די מעטאָדע פון פעלקער־קונשאפט, ווערט באנוט אין צוזאמענהאנג מיט דער ערשטער, צו שטו־דירען דאָס געזעלשאפטליכע לעבען. דאָ ווידער איז דאָס גאנצע געזעלשאפטליכע לעבען פארטיילט געוואָרען אויף דריי פעריאָדען: די יאגד, די פיה צוכט, און די ערד ארבייט. און עס ווערט באוויזען, אז די אַרט פון צוזאמענלעבען האָט זיך געענדערט לויט די ענדערונג פון די געצייג. נאָך מעהר: מען

זוכט צו באווייזען, ווי ערענסט גראָסע טהוט, אז די פארשידע־
נע פאָרמען פון פאמיליענלעבען זענען אָבהענגיג פון, און ענדרן
זיך מיט, די פאָרמען פון דער אינדוסטריע. דאָס זעלבע ווערט
געטוען מיט די קונסט, געזעצגעבונג, מאָראל באגריפע, רעכט,
רעליגיעזע מנהגים א. ז. וו.*)

.3

נאָך דעם אלעם געזאָגטען קענען מיר צוקומען צו אונזער
אייגענטליכע טעמא, צו דער אנטוויקלונג פון ווירטשאפט, וואָ־
רים די אנטוויקלונג פון דער מאטעריעלער קולטור איז ניט
מער ווי די אנטוויקלונג פון דער ווירטשאפט.

וואָס איז אזוינס ווירטשאפט?

אויף פראָסט אידיש, קען מען דאָס וואָרט פארטייטשען:
באלעבאטישקייט, און עס באציהט זיך קודם כל אויף די נאָרונג.
די ערשטע, די נויטווענדיגסטע באדינגונג פאר דעם לעבען,
איז די שפייז. אָן נאָרונג איז דאָס לעבען אונמעגליך, אונ־
דענקליך. יעדער מענשליכער קערפער, מוז זיך כסדר באנייערען,
און באלעבען דורך דעם שטענדיגען צופוהר פון נייע שטאָפען,
פון די נויטיגע שפייז. ער מוז ווייטער זיך שיצען פון וועטער,
ווי רעגען, קעלט, שניי און היץ. ער מוז זיך שיטצען פון אן אי־
איבערפאל. צו דעם איז נויטיג באהויזונג, באקליידונג, וואפען
און ווערקצייג. די טעטיגקייט צו באשאפען אָט די אלע זאכען,
וואָס זענען נויטיג פאר די נאָרונג און שוץ, קען אָנגערופען ווע־
רען: ווירטשאפט. אָבער דאָס דעקט ניט דעם באגריף. דאָס נעה־
רען זיך, דאָס קריגען די נאָרונג און זיך אליין געמומען, איז
נאָך ניט קיין ווירטשאפט. עס איז ניכער פארוואלטונג, דאָס
באלעבאטעווען מיט די זאכען וואָס ווערט אָנגערופען ווירט־
שאפט. מיר האָבען שוין באמערקט, אז דער מענש קען זעהר
שווער אליין פארטיג ברענגען אלע די זאכען, וואָס ער האָט נויי־
טיג צום לעבען. ער מוז דאצו האָבען די הילפע פון אנדערע.

*) זעה וועגען דיזען ענין קארל ביוכער׳ס „ארבייט און
קונסט". ערענסט גראָסע׳ס, „די פאָרמען דער אינדוסטריע און די
פאָרמען דער עהע"; „דער אָנפאנג פון קונסט", פון דעמזעלבען
פארפאסער,

דאָס באַשאַפען פון די נאַרונג שליסט דאַדורך אין זיך איין די אַרבייט פון מעהר ווי איין מענשען. און פּונקט ווי דער יחיד קען נים לעבען אָהן אַ באַשטענדיגען צופוהר פון נייע שטאָפען, אַזוי קען אַ רבים, אַ שבט, אַ פאָלק אָדער אַ געזעלשאַפט נים לעבען אָהן אַ באַשטענדיגעם באַנייערען. עס מוז זיך אימער ניי באַלעבען, עס מוז האָבען אַ באַשטענדיגען צואוואַקס פון נייע שטאָפען. אַלע איינריכטונגען, וועמעס צוועק עס איז דאָס רעגולירען פון געשלעכטליכע באַציהונגען, דאָס פאָרטפּלאַנצען און דאָס ערציהען פון די קומענדע דורות, ווי די חתונות, די פאָרמען פון דער פאַמיליע א. א. וו. זענען אַ טייל פון די ווירט־שאַפטליכע טעטיגקייט. די ליבע, פון וועלכע די פּאָעטען זינגען, איז זעהר וועניג באַקאַנט דעם אורשפּרינגליכען מענשען, גראַדע ווי, צו זאָגען דעם אמת, זי איז נים פיל באַקאַנט דעם ציוויליזירטען מענשען, און האָט מיט די פאָרמע פון צוזאַמענלעבען גאָרנים צו טאָן; זאָגאַר דער געשלעכטליכער טריב האָט נים פיל צו טוען מיט די פאָרמען פון חתונות און פאַמיליענלעבען. עס איז אימער די פאָרמען פון דער ווירטשאַפט, וואָס באַשטימען די פאָרמען פון דער פאַמיליע, ווי דער שוין דערמאָנטער ערענסט גראָסע, זוכט צו באַווייזען אין זיין בוך „די פאָרמען דער עהען און די פאָרמען דער ווירטשאַפט."

ווירטשאַפטליכע טעטיגקייט הויבט זיך אָן דאָרט, וואו דער מענש נעמט אָרגאַניזירען זיין אַרבייט, דורך פאַרטיילונג. ווען ער נעמט זאָרגען, זיין אַרבייט זאָל טראָגען וואָס מעהר פּרוכט, די פּרוכט פון זיין אַרבייט זאָל פאַרצערט ווערען מיט אַ חשבון, צו זאָרגען אין די גוטע צייטען פאַר די שלעכטע. מיט איין וואָרט: ווירטשאַפט הייסט, נים נור דאָס באַשאַפען פון שפּייז, נור הויפּטזעכליך דאָס אָרגאַניזירען פון די טעטיגקייט צו באַ־שאַפען און פאַרטיילען די שפּייז און אַלעס דאָס, וואָס באַלאַנגט צו די ערהאַלטונג און באַשיצונג פון דעם קערפּער. דאָס זעלבע איז אמת ביי אַ יחיד, ווי ביי אַ כלל, מיט דעם אונטערשיד, וואָס ביי אַ יחיד איז די ווירטשאַפט איינפאַך, פון האַנד צום מויל, אַזוי צו זאָגען, און יעדער קען עס גלייך דערקענען, ווערענד ביי אַ כלל, איז עס מעהר פאַרוויקעלט, מעהר קאָמפּליצירט, און ווערט וואָס אַ מאָל מעהרער פאַרוויקעלט, וואָס גרעסער עס איז

דער פאָרטשריט, אזוי, אז זעהר אָפט קאָן מען ניט ארויסזעהן דעםווירטשאפטליכען כאראקטער פון א באוועגונג, און מען שרייבט איהר צו גאנץ אנדערע מאָטיוועז, ווי, למשל, די קרייצ־ציגע אין מיטעל אלטער, דעם בירגער קריעג אין אמעריקא און די נייעצייט, אָדער זאָגאר די רוסישע רעוואָלוציאָן אין די גאנץ לעצטע צייט.

פון דעם אלעם געזאָגטען וועט זיין לייכט איינצוזעהן, אז עס מוז זיין די ווירטשאפטליכע טעטיגקייט, וועלכע איז דער גרונד פון דער גאנצער „מאַטעריעלער קולטור", וועלכעס איז ניט מעהר ווי דער פונדאמענט פון אלע קולטור.

אָבער דיזעס ווערט באקעמפט. ניט נאָר די פילאָ־זאָפען, וועמעס ספּעציעלע אויפגאבע עס איז צו באווייזען די גרויסקייט פון דעם מענשליכען גייסט, נור אויך די עקאָנאָמיס־טען, די וואָס באשעפטיגען זיך מיט ריינער מאַטעריע, מיט דער ווירטשאפט, אויך די פארשטעלען זיך מיט דעם גייסט.

ווי אזוי ענטוויקעלט זיך די ווירטשאפט? וועלכעס איז דער כוח, וואָס טרייבט איהר צו פארענדערונג? די מייסטע עקאָנאָמען ענטפערען: דער גייסט. גראדע ווי ביי דער גאנ־צער קולטור ווערט באהויפּטעט, אז עס איז דער מענשליכער גייסט, וואָס האָט אויפגעטאָן אלע וואונדער, גראדע אזוי, ווען עס קומט צו דער ווירטשאפט ווערט באהויפּטעט, „אז דער מענש איז באשאָנקען מיט א ספּעציעלע „עקאָנאָמישע נאטור", א מתנה וועלכע איז צו קיין אנדערע באשעפענים ניט געגעבען געוואָרען. פון דיזע „עקאָנאָמישע נאטור", זאָגט מען, שפּרינגט ארויס א פּרינציפּ, וואָס קאָנטראָלירט אלע מענשליכע האנד־לונגען, וואָס זענען בארעכענט צו באפרידיגען זיינע באדערפ־ניסע". און דיזע „נאטור" איז אזעלכע, וואָס טרייבט איהם צו באפרידיגען וואָס מעהר פון זיינע באדערפניסע מיט וואָס וועניגער אָפּפער, אָדער אָנשטרענגונג פון זיין זייט. מיט אנ־דערע ווערטער, עס איז ביי דעם מענשען דאָ אן איינגעבוירענע נאטור צו זיין „עקאָנאָמיש", צו וועלען נעמען וואָס מעהר, און געבען וואָס וועניגער. די עקאָנאָמישע נאטור זיינע, האָט איהם געטריבען ביסלאכווייז איינצוריכטען אָט דיזע גאנצע וואונדער־ליכע אָרגאניזאציאָן, וואָס מיר קענען היינט צו טאָג.

מיט אזא השערה, הייבען זיך אָן אלע וויסענשאפטליכע אונ־טערזוכונגען וועגען אינדוסטרי, זאָגט קארל ביוכער אין זיין באריהמטען בוך „ווירטשאפטליכע ענטוויקלונג". א טעאָריע, אגב אורחא, זעהר גוט צוגעפאסט צו פארטיידיגען דעם קאפי־טאליזמוס, און קארל ביוכער, וועלכער איז ניט קיין סאָציאליסט לייקענט אָב די גאנצע טעאָריע, און באווייזט מיט א גרויסע צאָל פאקטען, אז די נאטור איז ניט איינגעבוירן ביי דעם מענשען, אז זי איז גיכער אנגעאייגענט.

ווען עס וואלט געווען אמת, זאָגט ביוכער, אז דער מענש ווערט געבוירען מיט אזא עקאָנאָמישע נאטור, וואָלט די נאטור זיך באדארפט ארויסצייגען ביי דעם פרימיטיווען מענשען. און דאָס זעהט זיך גאָר ניט ארויס, ווען מען באטראכט דעם אורשפּרינ־ליכען מענשען, וואו מיר געפינען איהם היינט. און ניט נור ביי דעם ווילדען, אפילו ביי דעם ציוויליזירטען מענשען, פעהלט ניט קיין סמנים, וואָס באווייזען, אז דיזע עקאָנאָמישע נאטור, איז ניט קיין געבוירענע.

רעדענדיג פון די ווילדע מענשען אין בארנעא, שרייבט מר. דאלטאָן, אז מען האָט זיי „געפונען אין א פאָלשטענדיג ווילדען צושטאנד; ניט זיי קולטיווירען די ערד, און ניט וואָנען זיי אין וועלכע עס איז הייזער; זיי עסען ניט קיין רייז און קיין זאלץ; זיי חבר'ן זיך ניט איינס מיט ס'אנדערע, נור בראָדזשען ארום אין די וועלדער ווי ווילדע חיות; די געשלעכטער באגעגע־נען זיך אָדער אין די קוסטארעס, אָדער דער חתן שלעפּט אוועק א פרוי פון וועלכען עס איז דערפעל (קאָמפּאנג). ווען די קינדער זענען גרויס גענוג אויף זיך אליין אויפצופאסען, צושיידען זיי זיך געוועהנליך, ניט דענקענדיג איינס פון ס'אנדערע. ביינאכט שלאָפען זיי אונטער וועלכען עס איז גרויסען בוים, וועמעס צווייגען הענגען אראָב נידריג. צו דיזען בוים פעסטעווען זיי צו די קינדער ווי אין א הוידעלקע. ארום דעם בוים מאכען זיי א פייער, צו פארטרייבען די ווילדע חיות און די שלאנגען. זיי דעקען זיך צו מיט א קאָרע פון א בוים, און זיי וויקלען איין די קינדער אין א קאָרע".

ווי מען קען זעהן, לעבט זיך דיזע ווילדע ניט ווי אין א גן עדן. און הגם זיי זענען די ווילדעסטע שבטים, וואָס מען

האָט ביז איצט ענטדעקט, שטעהן זיי דאָך ניט אויף די גאַנץ נידריגסטע שטופע פון ענטוויקלונג, ווארום ווי מיר זעהן, קענען זיי שוין דעם געברויך פון פייער, און עס זענען בלי ספק געווען צייטען, ווען די מענשען האָבען נאָך ניט געוואוסט פון פייער. אז ביי דיזע לייטע איז ניט שטארק אנטוויקעלט די „עקאָנאָמישע נאטור" קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלען. אָבער מען דארף זיך גאָרניט ארונטערלאָזען צו די נידריגסטע שיכטע פון דער מענשהייט. ווען מען באטראַכט אנדערע ווילדע שבטים, וואָס שטעהן פיל העכער אויף דעם לייטער פון אנט־וויקלונג איידער די, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס ציטירט, גע־פינט מען אזעלכע זאכען, וואָס באווייזען לייכט ווי ווייניג מען קאָן זיך פארלאָזען אויף דעם מענשענס איינגעבוירענעם גייסט און אויף זיין „עקאָנאָמישע נאטור".

דער פרימיטיווער מענש איז ווי א קליין קינד, און האָט קיין באגריף פון שפּאָרזאמקייט אָדער עקאָנאָמיע. ער ארבייט ווען ער מוז, און ער עסט ווען ער האָט וואָס. ווען ער האָט צופיל, און דאָס טרעפט אמאָל ביי איהם, פרעסט ער צום קראַנק ווערען, און ווען ער האָט ניט וואָס צו עסען, און דאָס טרעפט אָפטער, הונגערט ער, און באנוצט דעם „הונגער גארטעל", אזא מין גארטעל, וועלכען דער ווילדער באנוצט איינצוציהען דעם בויך ער זאָל ניט אזוי פיהלען דעם הונגער. „ווען מען בארעכענט", זאָגט ביוכער, „ווי שווער עס איז אָפט פאַר דעם ווילדען צו געפינען זיין נאהרונג; וואָסער גרויסע ראָלע דער הונגער שפּילט אָפט ביי איהם, וואָלט מען געקענט מיינען, אז דער הונגער אליין וואָלט באדארפט זיין גענוג איהם צו לערנען צו באהאַלטען זיין שפּייז, ווען ער האָט צו־פיל, אויף שפּעטער. אָבער די באטראַכטונג פון פילע רייזענדע צייגט פונקט דאָס פאַרקערטע". וועגען די אינדיאַנער פון נאָרד אמעריקא, זאָגט העקעווועלדער, אז „זיי זענען ניט געוואוינט אָנצוזאמלען שפּייז, אויסער א ביסעל אינדיאַנער קאָרן, גע־טרוקענטע בעבלעך און עטליכע אנדערע ארטיקלען. דאדורך זענען זיי אָפט אין גרויס נויט, און ניט זעלטען פעהלט זיי די נויטיגסטע לעבענס מיטעל, ספּעציעל אין צייט פון מלחמה". און וועגען די סאוט אמעריקאַנער שבטים באמערקט אַן אנ־

דערער: „עס איז געגען זייער נאטור צו האלטען לעבענס־מיטעל פאר לענגער ווי איין טאג".

„און ווען דיזע פעלקער", באמערקט צו דעם קארל ביוכער, „צוליב דעם קורצזיכטיגען אפזיכט פון די אייראָפּעער צו מאכען פראָפיט, קריגען אין זייערע הענט מאָדערנע וואפען, מאכען זיי געוועגליך א שרעקליכען חורבן צווישען די ווילדע חיות. די אויסראָטונג פון די גרויסע צאָהל באַפאַלאָ האָרדעס אין נאָרד אמעריקא איז באקאנט. די גרעסטע קוואנטיטעטען פון פלייש האָבען זיי געלאָזען צווישען די בוימער ניט באנוצט אום אין ווינטער צייט, ווען דורך דעם טיפען שנע איז אונמעגליך צו געהן אויף דער יאגד, צו פאלען א קרבן פון דעם שרעקליכסטען הונגער, ווען די קאָרע פון בוימער און וואָרצלען פון גראָז איז ניט געווען צו שלעכט פאר זיי".

אפילו צווישען די מעהר פאָרטגעשריטענע שבטים פעהלט ניט דיזער כאראקטער שטריך. „ווען די דינער האָבען באקומען זייערע פּאָרציעס", דערצעהלט פ. פאגגע, „בין איך זיכער אז די ערשטע עטליכע טעג האָבען זיי געלעבט בעסער פון מיר. די בעסטע ציגען און געפליגעל זענען באלד געוואָרען פארשלונגען. ווען איך האָב זיי ארויסגעגעבען פּאָרציעס פאר צוויי וואָכען, פלעגען זיי עס געוועגליך פארצערען אין א צולאָזענעם וועג, די ערשטע דריי אָדער פיער טעג, אום נאכהער צו בגנב'ענען פון אונזער זאפאס, צו בעטלען פון מיר אָדער צו הונגערען".

עס איז באוואוסט ווי די אינדיאנער אין אמעריקא, און די אפריקאנער האָבען אָפט געגעבען די אייראָפּעער די טייערסטע פעלען, ניט זעלטען גאנצע שטרעקען לאנד פאר א בלישטשענדיג גלעזעל, פאר א צאצקע, אָדער עפעס אנאנדער קלייניגקייט, וואָס איז זיי געפעלען.

פון דעם אלעם קאָן מען זעהן, אז דער באגריף פון עקאָנאָמיע, פון ווערט, שוין ניט צו רעדען פון מעהר־ווערט, איז ניט זעהר שטארק אנטוויקעלט ביי דעם ווילדען מענשען.

עס איז אמת, אז פון דער אנדער זייט, ציינט דער ווילדער מענש ארויס א גייציגקייט, א ווילדען חשק צו אלעם וואָס ער זעהט, און איז פארטיג צו טאָן אלץ אין דער וועלט

צו באקומען די זאך, וואס ער וויל. אבער דאס איז נאר אויף א מינוט. פונקט ווי א קינד וואס וויל אלץ וואס עס זעהט, און פארניכטעט עס אזוי שנעל ווי עס האט זיך אנגעזעטיגט דערמיט, פונקט אזוי וויל דער ווילדער אלץ וואס ער זעהט — אויף די מינוט. אבער דאס צייגט ניט קיין עקאנאמישע נאטור. און „עקאנאמישע נאטור" זעצט פאראוים אן אבשאצונג פון ווערט, אן איבערלייגונג און איבערערעכענונג, אן אבוועגען און אבמעסטען פון צייט און ארבייט, א פאראויסזעהן פון דער צוקונפט. אבער קיינע פון די אייגענשאפטען און ניט איינס פון די מעלות, האט אין זיך דער ווילדער מענש. ער מעסט ניט און פארשטעהט ניט ווי צו מעסטען די צייט. ער האט ניט קיין באגריף פון ווערט, און האט ניט קיין מיטעל אבצושאצען ווערט; ער קאן ניט רעכענען, ער האט זאגאר ניט קיין ווערטער פאר גרעסערע סומען; ארבייט האט ביי איהם קיין ווערט ניט, און ער ארבייט נאר דאן, ווען ער איז געצוואונגען פון הונגער. ער פארשטעהט אפילו ניט אפצושפארען און באהאלטען א טייל פון זיין שפייז אויף א שלעכטע צייט. ער פרעסט זיך אן צום פלאצען, און פארניכטעט וואס ער קאן ניט מעהר אויפפרעסען, אום צו הונגערן ווען ער האט ניט צום עסען.

.4

איצט שטעלט זיך די פראגע: ווי אזוי איז דער מענש דערגאנגען צו די וואונדערבארע ווירטשאפטליכע אנטוויקלונג, וואס מיר זעהן היינט?

א פאלשטענדיגען אנטווארט אויף די פראגע, קאן די וויסענשאפט נאך דערוויילע ניט געבען. ווי שוין געזאגט, נעמט מען די מייסטע השערות פון די ווילדע שבטים, וואס עקזיס־טירען נאך היינט, אבער מען האט נאך דערוויילע ניט אויסגע־פונען קיין שבט, וואס שטעהט אויף די גאר נידריגסטע שטופע פון אנטוויקלונג. אפילו די ווילדעסטע מענשען, וואס מיר קאנען האבען שוין וועלכע עס איז ארגאניזאציאן. מען האט נאך דערוויילע ניט אויסגעפונען קיין שבט, וואס קאן זיך ניט באנוצען מיט פייער. פונקט ווי אין דער ביאלאגיע פעהלט נאך

דערווייל דאָס מיטעלגליעד צווישען דער אפע און דעם מענשען. אזוי פעהלט אין דער סאָציאלאָגיע דאָס מיטעלגליד צווישען דעם חיה־ענליכען מענשען און דעם ווילדען, וואָס לעבט געוויסערמאסען אין אן אָרגאניזירטער געזעלשאפט.

פון א פאָלשטענדיגע, גאנץ גענויע ערקלערונג קאָן אלזאָ קיין רעדע ניט זיין. אזא גאנץ פאָלשטענדיג גענויע ערקלערונג גיבט עס איבערהויפט ניט אין הער ווויסענשאפט, און מיר מוזען זיך באנוגענען מיט דעם מאטעריאל וואָס מיר האָבען, און פון דעם זוכען ארויסצוגעפינען, אויף וויפיל מעגליך, דעם גאנג פון דיזער אנטוויקלונג. מען טאָר אויך ניט פארגעסען, אז צו געבען אפילו די קורצעסטע באשרייבונג, וואָלט פארנומען פיל, פיל מעהר צייט ווי מיר האָבען דאָ היינט אָוועגד, דאָס הייסט, אז אויף דעם בעסטען אופן וואָלט מיין בילד ארויס־געקומען אביסעל צו בלאַס.

מיר האָבען שוין עטליכע מאָל באמערקט היינט אָוועגד, וועגען די נאהרונג, אלס ערשטע נויטווענדיגסטע באדינגונג פאר דער עקזיסטענץ פון יעדע לעבעדיגע באשעפעניש. דיזע נויטווענדיגקייט, און דאָס האָבן מיר אויך שוין דערמאָנט, האָט דעם מענשען געפירט צו אנטוויקלען די טעכניק. דער מענש בעסערט אוים זיין קערפער מיט דעם, וואָס ער בעסערט אוים די געצייג, מיט וועלכע ער ארבייט. אָבער דאָס איז נאָר איין טייל פון דער געשיכטע. דער צווייטער, און דער וויכטיגסטער טייל איז, זיין געזעלשאפטליכעס צוזאמענלעבען. מאנכע פּאָליטישע עקאָנאָמען האָבען ליב אויפצוואַרפען א בילד פון ראָבינזאָן קרוזאָ, אָבער די געשיכטע וויים ניט פון קיין ראָבינזאָן קרוזאָ. אפילו ראָבינזאָן קרוזאָ, ווי די פאנטאזיע דערצעלט פון איהם, איז א פּראָדוקט פון זיין פריהערדיגער פארגאנגענהייט. ער וואָלט פון הונגער געשטאָרבען, ווען ער וואָלט ניט געהאט די ערפארונג פון אלע פריהעריגע דורות וואָס ער האָט מיטגע־בראכט פון זיין לאנד. אפילו דער רבונו של עולם האָט שנעל אויסגעפונען „כי לא טוב היות אדם לבדו“, עס איז ניט גוט פאר דעם מענשען צו זיין אליין. און דער מענש, אפילו דער ווילדעסטער, האָט שנעל אויסגעפונען, אז ער קאָן אליין ניט עקזיסטירען, אז אום צו עקזיסטירען און צו קאָנען קעמפען

קענען דער רויהער נאטור, מוז ער ארבייטען צוזאמען מיט אנדערע מענשען, אָדער פארטיילען זיין ארבייט צווישען די אנדערע מענשען. אָט אין דעם ליגט דער סוד פון דער גאנצער ווירטשאפטליכער אנטוויקלונג. „די מענשליכע ארבייט", זאָגט מילער־לייער אין זיין אינטערעסאנטען בוך „פאזען דער קולטור", — „די מענשליכע ארבייט ערהאלט איהר אונפאר־גלייכליכע קראפט אין גאנצען דורך דעם, וואָס יחידים ווירקען צוזאמען, דורך פארגעזעלשאפטונג".

„דורך פארגעזעלשאפטונג ווערען איבערגעוועלטיגט אזעל־כע ארבייטען, צו וועלכע דער יחיד וואָלט זיך בשום אופן ניט געקאָנט נעמען. און עס זענען דאָ צוויי ארטען פון צוזאמענ־ווירקען, לויט די אויפגאבען, אום וועלכע עס האנדעלט זיך, וועלכע זענען פאר דעם יחיד צו שווער, אָדער צו שוועריג".

וואָס ער מיינט מיט דעם, ערקלערט מילער־לייער אזוי:
ווען די ארבייט איז צו שווער, דאן געהט דאָס צוזאמענווירקען נאָך דעם פרינציפ פון קאָאָפּעראציאָן. דאָס הייסט, מעהרערע מענשען נעמען זיך צוזאמען, און טוען צוזאמען, מיט זייערע פאראייניגטע קרעפטען איין און די זעלבע זאך, ווי למשל, אומוואַרפען א בוים, וועלכען דער יחיד קאָן פון אָרט ניט רירען. איז די ארבייט צו שוועריג, דאן ווערט אָנגעווענדעט אַן אנדער פרינציפ פון צוזאמענווירקען: די ארבייטס־טיילונג. דאָס הייסט, מען פארטיילט די ארבייט אזוי, אז יעדער איינער טוט א באזונדער זאך, און אלע צוזמען ברענגען אזוי ארום פארטיג די ארבייט. די ארבייטס טיילונג, איז ניט מעהר ווי אנאנדער פאָרמע פון קאָאָפּעראציאָן, וואָרים ווען דער בעקער באקט ברויט, דער שוסטער מאכט שיך, דער שניידער קליידער, א. ז. וו. איז דאָס א פארטיילונג פון ארבייט, אָבער דיזע פארטיילונג איז ניט מעהר ווי א צוזאמענווירקען פון די מענ־שען, יעדער ביי א באזונדער טייל, אום אלע צוזאמען זאָלען בעסער און לייכטער פארטיג מאכען דעם גאנצען באדארף פון אלע. עס איז נאָך דאָ א דריטער פרינציפ, אָבער דיזער דריטער פרינציפ איז ניט מעהר ווי א פאָרטזעצונג פון די ערשטע צוויי. דאָס איז א פארטיילונג און א פארבינדונג אין איין צייט, אָדער וויסענשאפטליך גערעדט, א פרבינדונג פון קאָאָפּעראַ־

ציאָן און דיפערענציאציאָן. ווען דער טשעסלער פארבינדט זיך מיט דעם מויערער, מיט דעם בלעכער, מיט דעם מאָלער, מיט דעם עלעקטריקער א. ז. וו. צו בויען א הויז, איז דאָס ניט מעהר ווי א פארבינדונג פון טיילונג און קאָאָפעראציאָן:

דאָס זענען די איינציגע וועגען, וואָס די מענשהייט האָט ביז איצט אויסגעקלערט: קאָאָפעראציאָן און פארטיילונג פון ארבייט. און דיזע פרינציפען זעהן מיר ווירקען דורך דער גאנצער מענשליכער געשיכטע. אָנהויבענדיג פון דער גאנץ ערשטער שטופע: קאָאָפעראציאָן, איבערגעהענדיג צו דער צווייטער שטופע — די פארטיילונג פון ארבייט, ביז ענדליך די העכסטע שטופע: פארטיילונג און קאָאָפעראציאָן צוזאמען, ווי מיר זעהען עס היינט.

.6

לאָמיר איצט זעהן ווי אזוי דער פרימיטיווער מענש האָט אזוי צו זאָגען, געמאכט א לעבען.

ביז איצט פלעגט מען פארטיילען די אורשפרינגליכע שבטים לויט דעם ווי זיי האָבען באשאפען די מיטלען צום לעבען: אין יעגער, פישער, פיה־צוכטער און אקערבויער. עס איז אָנגענומען געוואָרען, אז יעדעס פאָלק האָט דורכגעמאכט די פיער שטופען פון אנטוויקלונג. מען איז ארויסגעגאנגען פון דעם שטאנדפונקט, אז דער פרימיטיווער מענש האָט אָנגעהויבען זיין שפייז קארטע מיט פלייש, און דאן, אונטער דעם דרוק פון נויט, איז ער איבערגעגאנגען צו גראָזווארג. קארל ביוכער אין זיין דערמאָנטען בוך „ווירטשאפטליכע אנטוויקלונג" באשטרייט דיזעס. עס איז אמת, אז מאנכע פעלקער, האָבען זיך אזוי אנטוויקעלט, אבער דיזע, באהויפטעט ביוכער, דארף מען ארויסלאָזען פון חשבון, ווייל זיי האָבען געוואוינט אין געגענדען וואו זיי האָבען זיך ניט געקאָנט העלפען, ווי יעגער און פישער אויף דעם ווייטען צפון, אָדער פיה־צוכטער אין די סטעפעס פון דער אלטער וועלט. מען דארף גיכער, זאָגט ער, זעהן ווי האָבען זיך אנטוויקעלט די מענשען אין די טראָפּישע דיסטריקטען פון אמעריקא, אפריקא, אויסטראליא א. ז. וו. און דא געפינט ער, אז דער פרימיטיווער מענש האָט אָנגעהוי־

בען מיט גראָזוואַרג. דעם פּרימיטיווען מענשען, באַהויפּטעט ביוכער, האָט געמוזט זיין פיל לייכטער צו דערלאַנגען פאַר־שידענע וואָרצלען, וואָס האָבען זיך איהם געוואַלגערט אונטער די פיס, איידער דאָס פלייש פון ווילדע חיות. צו צאַמען ווילדע חיות, איז נאָך זיין מיינונג אַ פיל שווערערער עסק איידער צו נעמען פון די פאַרשידענע פּרוכטען, אָדער יאַגדעס, אָדער וואָרצלען, וואָס זענען געוואַקסען, אַזוי צו זאָגען, אין מויל אריין. ווען מען וויל פון דיזען איבערגעהן צו דעם נעקסטען שריט אין דער אַנטוויקלונג, דאַן קאָן מען מיט אַ ביסעל נאָכ־דענקונג איינזעהן, אַז פון דיזען צושטאַנד האָט ניט געמוזט זיין שווער פאַר דעם ווילדען אויסצוגעפינען, אַז ווען מען לעגט אריין אין דער ערד אַ בולב אָדר אַ ניס, קומט עס ווידער ארויס אין אַ פאַרגרעסערטער צאָל. דאָס, זאָגט ער, איז זיכער פיל לייכטער איידער צו צאַמען חיות, צו ערפינדען פיש־הוקס אָדער פייל און בויגען. אין צייט פון נויט, עסט דער ווילדער אויך פלייש, אָבער דאָס נעמט ער פון די קלענערע ברואים, וועלכע ער געפינט פאַרטיג, אָהן פיל מיה, ווי שאָל פיש (אויסטערס), ווערים, היישעריקען און מוראשקעס. מילער־לייער נעמט אָן דיזע באַהויפּטונג מיט אַ קליינעם צוזאַץ: דער מענש אויף די נידריגסטע שטופע, זאָגט ער, איז אַן אָמניוואָר, דאָס הייסט, ער פאַרצעהרט אַלץ, וואָס קומט צו דער האַנט. ער עסט פלייש, פיש, וואָרצלען, ווערים, פלעהער־מייז, זשאַבעס, שלאַנגען, מיט איין וואָרט: אַלץ וואָס ער קריגט.

„די באַקאַנטעסטע פאָרטרעטער פון דיזע ווילדעסטע שבטים, זיינען די אויסטראַליער און טאַסמאַניער, די גאַנצע שוואַרצע איינוואָהנערשאַפט, וועלכע האָבען באַוואוינט אויסטראַליען אין דער צייט, ווען עס איז אַנטדעקט געוואָרען". ווייטער באַלאַנגען צו דיזער גרופּע די קליינע פעלקערלעך פון די צענטראַל אַפריקאַנישע ווילדערניסען: די בושמאַנער אין זיד אַפריקאַ; די בערגוועדאַ אויף צייל‍אָן; די מינקאָפּיעס אויף די אַנדאַמאַן אינזלען; די אַעטאַ, טיף אין די פיליפּינען; די פייערלענדער פעשעראַס פון דער זיד שפּיצע פון דעם אַמעריקאַנישען קאָנטינענט און די עסקימאָס".

אויף דיזע גאַנץ נידריגע שטופע פון אַנטוויקלונג געפינען

מיר די מענשען זיך ערנעהרען אויף צוויי וועגען. זיי עסען פלייש און פיש און זיי עסען גראזווארג. דיזע צוויי סארטען שפייז מוז דער מענש פראדוצירען פאר זיך, און מיר געפינען ביי דיזע מענשען צוויי פארמען פון באלעבאטישקייט, וועלכע זענען צוגעפאסט צו די פארמען פון באשאפונג פון די נאהרונג, און וועלכע האבען ארויסגערופען צוויי פארמען פון געזעל־שאפטליכקייט. די יאגד קאן ניט באטריבען ווערען פון איין מענשען, אפילו היינט ניט, ספעציעל אבער אין יענע צייטען, ווען די וואפען זענען פרימיטיוו. דאס יאגען זיך נאך ווילדע, זעהר שטארקע חיות, איז א געפערליכע באשעפטיגונג, און עס קאן נאר געטאן ווערען ווען פיל מענשען נעמען זיך צוזאמען. דער פיש־פאנג איז ניט ווייניגער שווער, און צייטענווייז פונקט אזוי געפערליך. די ווילדע פארשפרייטען זיך אויף דעם גאנצען ברעג, און זייערע נעצען זענען מאנכעסמאל טויזענד איילען לאנג, אזוי אז די ארבייט קאן נאר געטאן ווערען פון מעהרערע מענשען. די גאנץ ערשטע פארמע פון ארגאניזאציאן, וואס מיר געפינען ביי דעם גאנץ פרימיטיווען מענשען, איז די הארדע, אדער די סיפפע. די הארדע אדער סיפפע, דאס איז א קליינע גרופע, העכסטענס זעכציג מענשען, די מיטגלידער פון וועלכער זענען פון איין אבשטאמונג, דאס הייסט, בלוטפאר־וואנדטע. יעדער איינער וואס באלאנגט צו דער גרופע ווערט באטראכט אלס אן איינענער; יעדער וואס באלאנגט ניט צו איהר, איז א פרעמדער און ווערט באטראכט אלס שונא. עס איז די פליכט פון יעדען איינעם צו באשיצען די גאנצע גרופע און די גאנצע גרופע נעמט זיך אן פאר יעדען איינעם, און איז זיך נוקם פאר יעדע עולה, וואס מען טוט צו וועלכען עס איז פון איהרע מיטגלידער. צוזאמען קעמפפען זיי געגען אנדערע הארדעס; צוזאמען טוען זיי זייער ארבייט; בשותפות געהען זיי אויף יאגד, און בילדען קייטען אום צונויפצוטרייבען די חיות; דער פיש־פאנג געהט אן בשותפות און די נעצען פאר־פערטיגען זיי אויך צוזאמען. מיט איין ווארט: סיי נאך אינע־וועניג און סיי אויסענוועניג קעמפפען זיי אום׳ס דאזיין סאלידאריש.

און אזוי ווי זיי ארבייטען צוזאמען, אזוי פארצעהרען זיי

בשותפות די פּרוכט פון זייער ארבייט. ביי אלע די ווילדע הערשט א סאָרט נאהרונגס־קאָמוניזם. דער גרונד און באָדען, אויף וועלכען זיי וואוינען, איז דאָס אייגענטום פון דער גאנצער האָרדע. דאָס איינציגע פּריוואט אייגענטום, וואָס די מענשען אויף דיזער שטופע אנערקענען, איז דאָס אייגענטום אויף פּערזענליכע זאכען, וואָס דער מענש האָט זיך אליין געמאכט, ווי וואפען, שמוק־זאכען, אָדער ווערקצייג. דאָס קאָן אפילו קיינען ניט ירשה'נען נאָר עס ווערט מיטגעגעבען דעם מענש אין קבר אריין ביי זיין טויט. אויסער דיזע פּערזענליכע זאכען, איז אלץ געזעלשאפטליכעס אייגענטום. אלע ארבייטען צוזאמען און פארצערען צוזאמען. די האָרדע אָדער די סיפּפּע, איז די ערשטע שטארקע אָרגאניזאציאָן פון דעם פּרימיטיווען מענשען, געבויט אויף די נויטווענדיגע, געמיינשאפטליכע ארבייט פאר דעם לעבענסבאדארף.

נעבען דיזער אָרגאניזאציאָן פון געמיינשאפטליכער אר־בייט, פון קאָאָפּעראציאָן, געפינען מיר צו גלייכער צייט אַן אנדער אָרגאניזאציאָן, וואָס קומט ארויס פון די ניט ווענינער נויטווענדיגע פארטיילונג פון ארבייט. מיר מיינען די פאמיליע, דאָס הייסט, די פארבינדונג פון מאן, פרוי און איהרע קינדער. דאָס איז די ערשטע ארבייטס טיילונג, וואָס מיר געפינען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

מאנכע מיינען, און אזוי שטעהט אין דער תורה, אז די גאנצע געזעלשאפט קומט ארויס פון דער פאמיליע. דאָס איז ניט ריכטיג. די ערשטע געזעלשאפטליכע אָרגאניזאציאָן איז ניט די פאמיליע, נאָר די האָרדע, געבויט אויף די געמיינ־שאפטליכע ארבייט פון די מענער.

מיר האָבען שוין באמערקט, אז דער ווילדער מענש ווייס זעהר ווענינ פון ליבע, פון די הימלישע ליבע, פון וועלכע די פּאָעטען רעדען אזוי פיל. דער פּרימיטיווער מענש פארבינדט זיך מיט א פרוי ניט אוים ליבע, אפילו ניט צוליב געשלעכט־ליכע באדירפניסע. אין דער צייט, וואָס מיר באטראכטען איצט, ווייס די מענשהייט זעהר ווענינ פון מאָראל, און די באפרידיגונג פון געשלעכטליכע באדירפניסע מאכען קיינעם ניט קיין שוועריגקייט. צוליב דיזען פארבינדט זיך ניט א מאן

מיט א פרוי. ווען ער טוט עס אבער יאָ, איז עס צוליב זיינע ווירטשאַפטליכע באדירפניסע. די פרוי איז דער ערשטער שקלאף אין דער געשיכטע. די פאמיליע איז באגרינדעט הויפט־זעכליך אויף די ארבייטס טיילונג צווישען מאן און פרוי, אלס רעזולטאט פון זייער געשלעכטליכער פארשיעדענהייט.

דער מאן איז יעגער, פישער, אָדער בעל מלחמה. ער פארפערטיגט די ווערקצייג און די וואפען. דאס ווייב קלייבט וואָרצלען, קריגט ארויס פון דער ערד וואָס זי קאָן; זי בויט די כאטע, ערציהט די קינדער, האלט אויף דאָס פייער, מאכט די שפייזען, טראָגט נאָך די קינדער, אָדער דעם מאן׳ס געצייג, בעת זיי וואנדערען און טוט איבערהויפט אלע אנדערע, שווערע און פיינליכע ארבייט, וואָס דער מאן, דער הער, דער שטארקער וויל ניט טאָן. די הערדע באשאפט אלץ פאר איהר אייגענעם באדארף. אָבער דער מענשליכער באדארף איז פארשידען. „לא על הלחם לבדו יחיה האדם!״ מיט עסען אליין איז דער מענש ניט באפרידיגט. די נאהרונג, די שפייז, איז אמת, די הויפט זאך, אָהן דעם איז לעבען אונמעגליך, אָבער אזוי שנעל ווי דיזער הויפט באדארף איז באפרידיגט, האָט דער מענש אנדערע, גאנץ נויטיגע באדירפניסע. אזוי האָט מען באמערקט אז אלע ווילדע טאטואירען זיך, דאָס הייסט, זיי באפוצען און באמאָלען דעם קערפער. צו דאָס קומט פון אן אייגנעבוירענע עסטעטישע באדירפנים נאָך שיינקייט, ווי אייניגע פילאָזאָפען ווילען האָבען, וועלען מיר דאָ לאָזען אין א זייט. די בייעסטע פאָרשער ווילען האָבען, אז אויך דאָס איז א רעזולטאט פון די מאטעריעלע באדירפניסע. דאָס „מאָלען״ איז ניט צוגעגאנגען אויף אזא אופן ווי מיר פארשטעהען עס היינט. זיי פלעגען באלייגען די קערפער מיט א סאָרט ליים פון פארשידענע קאָלי־רען און דאָס האָט פאר אלעם געדינט צו באשיצען דעם גוף פון שלעכטע וועטערען; דאן פלעגען זיי טאטואירען די קערפער אין צייט פון מלחמה, ווען זיי האָבען זיך געמאכט אויסזעהן שרעקליך, אום ארויפצוואווארפען אן אימה אויף דעם שונא; זיי פלעגען זיך אויך טאטואירען אום צו געפעלען די ווייבער, אָדער די מענער. אָבער ווי די מעשה זאָל ניט זיין, די מענשען האָבען אלע מאָל געהאט באדירפניסע אויסער די שפייז. און דיזע

אנדערע באדירפעניסע האט ניט אימער יעדע האָרדע געקאָנט באפרידיגען. און די פארשידענע האָרדעס האָבען געמוזט קומען אין באריהרונג.

צו די ערשטע צוויי פאָרמען, איז דאדורך צוגעקומען א דריטע: די אויסערע ארבייטס טיילונג, און דער אויסטויש צווישען די באנאכבארטע גרופען. דיזעס איז געקומען פון דער פארשידענהייט אין די נאטירליכע פראָדוקטען, וואָס געפינען זיך אין די פארשידענע געגענדען. אויב טעפער ליים געפינט זיך אין איין אָרט מעהר ווי אין אנאנדער אָרט, וועלען די וויי־בער פון דיזען אָרט, אָדער שטאם, שנעל אנטוויקלען א פעהיג־קייט צו מאכען טעפ; דאָרט וואו עס געפינט זיך אייזען אָר, וועלען ענטשטעהן שמידען, ווערענד ביי די ברעגעס פון ים, וואו עס געפינט זיך א סך געהילץ, וועט ענטשטעהן דאָס שיף בויען".

פון דעם האָט זיך אנטוויקעלט א האָרדע אינדוסטריע. יעדע האָרדע, אָדער שבט, אָדער דאָרף האָט זיך געהאט איהר אייגענע ספעציאליטעט, און די פארשידענע שבטים האָבען צווישען זיך אויסגעטוישט די פארשידענע ארטיקלען. עס איז ענטשטאנען א סאָרט „אויסלענדישער האנדעל".

אָבער דיזער „האנדעל" איז ניט געווען אזא האנדעל ווי מיר פארשטעהען עס היינט. די מענשען האָבען פון אָנפאנגס אָן געהאט אן אָפשיי פאר דעם האנדעל. „כנען בידו מאזני מרמה", זאָגט די תורה. אויף דייטש איז דאָס וואָרט „טאושען", אויסבייטען, און „טיישען", אָפנארען איינס און דאָסזעלבע. אין דער צייט ווען עס איז ניטאָ קיין מאָס פאר ווערט, קיין סטאנדארד דיזען ווערט אויסצודריקען, איז דער האנדעל יע־דעס מאָל א ריסקירטע זאך. די מענשען האָבען זיך דאדורך צוריקגעהאלטען פון טוישען, אויף וויפיל מעגליך. עס איז געווען די נויטווענדיגקייט פאר די ארטיקלען, וואָס האָט זיי געצוואונגען דאצו. אין א סך פעלצער, האָט דאָס „טוישען" זיך ווירקליך אָנגעהויבען מיט איינפאכען רויב. א געוויסער שבט, ווען זיי האָבען באדארפט עטוואָס האָבען, וואָס האָט זיך ביי זיי ניט געפונען, און וואָס זיי האָבען ניט געקאָנט פראָדו־צירען, זיינען זיי איינפאך באפאלען דעם צווייטען שבט, וואָס

האָט גראָד די זאַכן געהאַט, און גערויבט פאַר זיך. אָבער מורא האָבענדיג פאַר דער נקמה פון דעם בארויבטען שבט, האָבען זיי נאָכהער צוגעטראָגען זאַכען, וואָס זיי האָבען פארמאָגט, און אַזוי אַרום מפיס געווען דעם בארויבטען שבט.

אָבער ניט איבעראַל האָט עס זיך אַזוי אָנגעהויבען. אין אַנדערע פלעצער האָט דער אויסטויש זיך אָנגעהויבען מיט מתנות. די גאַסט פריינדשאַפט איז ביי דעם אורשפּרינגליכען מענשען שטאַרק אַנטוויקעלט. יעדער קאָן זיך זעצען ביי זיין שכן'ס טיש פראַנק און פריי. אין צייט פון הונגער נויט, פאַרטיילען זיי צווישען זיך אַלץ וואָס זיי האָבען. די פריי־געביגקייט ווערט באַטראַכט, נאָך די טאַפּפערקייט, אַלס די גרעסטע מעלה. די פייערלענדער, למשל, ווי דאַרווין דער־צעהלט, ווען זיי האָבען געקראָגען אַ שטיק טוך, האָבען זיי עס צוריסען אויף פאַסען און יעדען איינעם געגעבען אַ גלייכען חלק. עס זענען אָבער פאַראַן צוויי סאָרטען מתנה געבעריי. אינערהאַלב דעם שבט, וואו פּריוואַט אייגענטום עקזיסטירט ניט, איז די מתנה אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַך. אַלע נעמען פון אַלע. אויסערהאַלב דעם שבט, איז די מתנה ניט מעהר ווי די ערשטע פאָרמע פון אויסטויש. דער ווילדער קומט אין אַ פרעמד דאָרף און ברענגט מיט מתנות. אָבער ער געהט ניט אַוועק ביז ער באַקומט ניט אַנדערע מתנות. און ווען די „מתנה" וואָס ער קריגט איז נאָך זיין מיינונג ניט אַזוי גרויס ווי די, וואָס ער האָט געבראַכט, געהט ער ניט אַוועק ביז ער קריגט ניט נאָך אַ „מתנה", פאַרקערט, ווען די מתנה וואָס ער וויל איז גרעסער ווי דאָס ער האָט געבראַכט, מוז ער אהיים געהן און ברענגען נאָך מתנות.

אין פאַרלויף פון דער צייט אַנטוויקעלט זיך די מתנה־געבעריי צום ריכטיגען אויסטויש.

און דיזער טויש איז טאַקע אַן אמת'ער אויסטויש. פון קיין געלט ווייס מען נאָך ניט, קיין הענדלער זענען נאָך ניט דאָ. יעדער איינער איז קויפער און פאַרקויפער צו דער זעלבער צייט. יעדער איינער קומט אַוועקגעבען די אַרטיקלען, וואָס ער האָט צופיעל פאַר די אַרטיקלען, וואָס פעהלען איהם. און דער

ערשטער רעזולטאט פון דיזען טוישען, איז דאָס ענטשטעהען פון דער שטאָדט.

ווען דער אויסטויש ווערט א באשטענדיגע זאך, ווערט נויטיג א פלאץ וואו די מענשען, וואָס ווילען אויסטוישען זייערע ארטיקלען זאָלען זיך קאָנען צוזאמענקומען. די נאטור פעלקער האָבען דאדורך א מנהג אָבצוטרעטען א שטיק פלאץ ביי דעם ברעג פון זייער לאנד. ווען איין שבט טוט דאָס פון איין זייט און דער צווייטער פון דער אנדער זייט, ווערט אזוי ארום א גרויסער שטיק פרייע לאנד, וועלכעס ווערט געהאלטען נאָר פאר דעם יארמארק (יארמארק, א מארק אויף וועלכען מען קומט זיך צוזאמען איין מאָל אין יאָהר). וואו די שבטים קומען זיך צוזאמען אין באשטימטע צייטען אויסצוטוישען זייערע פראָדוקטען. דיזע פלעצער ווערען באטראכט אלס נייטראלע, אונפארטייאישע. קיינע פיינדזעליגקייטען ווערען דאָרט ניט דערלאָזען. דאָרט האָבען אלע גלייכע רעכטע, און אום דיזע רעכטע אָבצוהיטען, אום אָבצוהיטען אז קיינער פון די, וואָס קומען זיך צוזאמען זאָלען ניט געקריוודעט ווערען פון אנדערע שבטים, ווערען די פלעצער באפסטיגט פון די שבטים, וואָס קומען זיך דאָרט צונויף. יעדער שבט שיקט מענשען צו באַוואכען, צו האלטען אָרדנונג, און אָבצוהיטען עס זאָל קיינעם ניט געטאָן ווערען קיין עולה. ביסלעכווייז באזעצען זיך דיזע שומרים אויף די פלעצער, און אזויארום ענטשטעהט די שטאָדט, און אויך דאָס פעסטונג. יעדע שטאָדט איז צו דער זעלבער צייט געווען א פעסטונג, א בורג.

אזוי ווייט זענען אלע מענשען גלייך. אלע ארבייטען צוזאָמען, פארצערען צוזאמען, טוישען אוים די ארטיקלען, וואָס זיי האָבען צופיעל, פאר אנדערע, וואָס פעהלען זיי אוים און וואָס אנדערע פארמאָגען. אויף די ערשטע שטופע פון ערד ארבייט איז עס ניט אנדערש. צו באארבייטען די ערד איז אויך נויטיג מעהרערע מענשען, און די סיפפע פאסט זיך זעהר גוט צו דיזע ערד ארבייט.

מיט דער אנטוויקלונג פון ערד ארבייט, ענדערט זיך דאָס גאנצע בילד.

.6

דער אקערבוי, אדער די ערד ארבייט, האט ביסלעכווייז צוגעוואוינט די מענשען זיך צו באזעצען אויף א באשטימטען פלאץ. דער מענש האט באהערשט די ערד, אבער די ערד האט פארשקלאפט דעם מענשען. דער מענש האט באארבייט די ערד און געצוואונגען איהר זאפט פאר זיין נוצען; די ערד האט דעם מענעשן צוגעבונדען צו זיך, און איהם געהאלטען פעסט אויף איין ארט. דאס פרייע ארומוואנדערען האט אויפגעהערט. און דיזעס האט געפיהרט צו פארענדערונגען אין דעם גאנצען מענשליכען צוזאמענלעבען. די ערד ארבייט האט, ערשטענס, געגעבען דעם גרעסטען שטויס צו פריוואט אייגנטום. דאס ארומוואנדערען איז א גרויסע שטערונג צום אנזאמלען פון פריוואט אייגענטום. ווען מען דארף זיך ארומשלעפען פון ארט צו ארט זוכען שפייז, האלט מען נאר די נויטיגסטע זאכען. וואס ווייניגער אזעלכע זאכען עס זענען דא, אלץ לייכטער איז דאס וואנדערען, אלץ ווייניגער איז מען געשטערט אין זוכען שפייז. ווען מען זיצט אויף איין ארט קאן מען די זאכען אוועקשטעלען און באהאלטען. דורך דעם אקערבוי האבע די מענשען שנעל אויסגעפונען, אז מען דארף די קריעגס געפאנגענע ניט טויטען, אז מען קאן זיי לאזען ארבייטען און ציהען נוצען פון זייער ארבייט. מיט די ערד ארבייט, הויבט זיך דאדורך אן דאס אנזאמלען פון פריוואט אייגענטום און די שקלאפעריי, ווי אויך די ווייטערע ארבייטס טיילונג. די הערען נעמען פאר זיך די אנגענעמע און עהרענהאפטע ארבייט, ווערענד די שווערע, די אונאנגענעמע און אונדאנקבארע ארבייט לאזען זיי איבער פאר די קנעכט.

דיזעס ענדערט אויך דאס גאנצע ווירטשאפטליכע לעבען. ביז צו דיזען פונקט, ווי מיר האבען געזעהן, איז דאס ווירטשאפטליכע לעבען געווען א הארדע ווירטשאפט. די פאמיליע איז געווען א נעבען זאך, אלס א טייל פון דער הארדע. מיט דער אנטשטעהונג פון ערד ארבייט, און אלס רעזולטאט פון דיזע ערד ארבייט — די שקלאפעריי, ווערט די ווירטשאפט א פאמיליען ווירטשאפט. פון איצט אן, ווערט די פאמיליע,

דאָס „הויז“, די הערשענדע ווירטשאַפטליכע סיסטעמע. דאָס וואָרט „פאַמולא“, פאַמיליע, אין לאַטיין, באַטייט, קנעכט. אויף דיזער שטופע איז דער פאַטריאַרך, דער פולשטענדיגער הערשער אין זיין הויז, און אַלע וואָס באַלאַנגען צום הויז, דאָס ווייב, די קינדער, די שקלאַפען — אַלע די, זיינען זיינע דינער, זיין „פאַמולא“, אָדער זיין פאַמיליע.

עס וועט נאַטירליך, זיין אונמעגליך פאַר אונז דאָ צו געבען אַן איבערבליק איבער דיזע גאַנצע אַנטוויקלונג. מיר ווילען נאָר זאָגען, אַז די העכסטע אַנטוויקלונג פון דיזער הויז־ווירטשאַפט געפינען מיר ביי די גריכען און רוימער.

דער באַוואוסטער עקאָנאָם ראָדבערטוס, וועלכער האָט דאָס שוין לאַנג באַמערקט, רופט דיזע ווירטשאַפט אַן איקאָס־ווירטשאַפט. די „איקאָס“, דאָס הויז, איז דער פּרינציפּ אין די ווירטשאַפטליכע סיסטעמע.

„דאָס הויז“ איז ניט נאָר אַן אָרט וואו מען וואוינט. עס איז אויך דער פּלאַץ פון וועלכען אויס אַ גרויסע צאָל מענשען פיהרען אָן זייער ווירטשאַפט געמיינשאַפטליך. אַלע וואָס באַלאַנגען צו די „איקאַ“, זענען „אויקוטאַי“. דאָס הייסט, דאָס „הויזהאַלט“.

וואָס אין גריכענלאַנד הייסט „אויקאַ“, איז אין רוים „פאַמולא“, און אַלע וואָס באַלאַנגען צו דער „פאַמולא“, דאָס ווייב, די קינדער, קנעכט און דינער, דאָס הייסט פאַמיליאַ. דער „פאַטער־פאַמיליאַס“, דאָס איז דער הער, דער פאַטריאַרך, אין וועמעס הויז אריין עס פליסט דער גאַנצער איינקונפט פון דעם הויז. קיינער אַרבייט ניט פאַר זיך, אַלע אַרבייטען פאַר דעם „פאַטער־פאַמיליאַס“. אין רוים איז דער יחיד אין גאַנצען פאַרשוואונדען. דער שטאַט אַנערקאָנט נאָר פאַמיליעס, און די שייכות צווישען איין פאַמיליע און די אַנדערע. וואָס עס פּאַ־סירט אין דער פאַמיליע גופא, אין דעם הויזהאַלט, דאָס איז ניט דעם שטאַט׳ס דאגה. אויף דעם איז דאָ דער „פאַטער־פאַמיליאַס“. דאָס איז זיין זאַך, און ער קאָן אורטיילען איבער לעבען און טויט פון זיינע אַבהענגיגע, פון זיין „פאַמיליע“. אין רוים גיבט עס אויך ניט קיין פאַרשידענע קלאַסען פון פּראָדוצירער, ווי בעלי מלאכות און ערד אַרבייטער. דאָרט

איז נאָר דאָ גרויסע און קליינע אייגענטימער או זזייערע שקלאפען וואָס פאריכטען די ארבייט. ווען דער גרויסער אייגענטימער קאָן בארויבען דעם קליינעם, מאכט ער איהם פאר א פּראָלעטאריער, דאָס הייסט, פאר א שקלאף. דער פרייער וואָס האָט ניט קיין לאנד, קאָן ניט מאכען קיין לעבען, ווארים עס איז גיטאָ קיין געשעפטס קאפּיטאל, וואָס קויפט ארבייט. די גאנצע אינדוסטריע ווערט אָנגעפיהרט אינערהאלב דעם הויזהאלט, פאר דעם אייגענעם געברויך.

עס זענע זאויך געווען אין גריכענלאנד, ווי אין רוים, פרייע בעלי מלאכות, אָבער דיזע זענען באשטאנען מייסטענס פון פרעמדע, שוואכלינגע, וואָס האָבען ניט געהאט קיין כוח צו ארבייטען אויף דעם פעלד, און פון פרייגעלאָזענע שקלאפען. און זיי זענען ניט געווען קיין בעלי מלאכות, ווי מיר פאר־שטעהען דאָס היינט. עס זענען געווען, ווי ביוכער באמערקט, שקלאפען בעלי מלאכות, וועלכע האָבען געארבייט ניט פאר די הערען, נאָר פאר די אגריקולטור שקלאפען, און פון זיי באקו־מען פאר זייער ארבייט קאָרן, וואָל אָדער האָלץ, וועלכעס זיי האָבען אליין געמוזט באארבייטען אין ברויט, קליידער אָדער געצייג.

דיזע הויז־ווירטשאפט, אָדער ריכטיגער שקלאפען־ווירט־שאפט, האָט געבראכט די ארבייטס טיילונג צו א הויכען גראד פון אנטוויקלונג. ט. פּאָמפּא, א שרייבער פון דעם 17טען יאָהר־הונדערט, האָט אויסגערעכענט הונדערט און זעקס און פערציג פארשידענע ארבייטען, וואָס זענען פאריכט געוואָרען פון די שקלאפען אין יעדען הויזהאלט. דער הער האָט שקלאפען ניט נאָר פאר פעלד ארבייט, ווי אקערען, זייען, שניידען, דרעשען און מאָלען; ער האָט א באזונדערען שטאב פון קנעכט פאר דער הויז, וואָס באקען, קאָכען, שפּינען, וועבען, שמידען, מאכען קליידער, בויען הייזער און פאשען די בהימות; ער האָט א באזונדערען שטאב פון אויפזעהר, בוכהאלטער, ביבליאָטעקער, ראָקטוירים, פּעדאגאָגען, מוזיקאנטען, מאָלער, פּאָעטען און פילאָזאָפען. ער האָט באזונדערע שקלאפען פאר זיך און באַ־זונדערע פאר דער מאדאם, און יעדער פאריכט א באזונדערע ארבייט. אויך די ארבייטען פון דעם שטאט ווערען אָנגעפירט

פון שקלאפען. אלע קלענערע באאמטע און באדינטע זענען שקלאפען. שקלאפען בויען די שאָסעען, זיי ארבייטען אין די מינען, און רייניגען די קאנאלען; שקלאפען דינען אין דער פּאָליציי, אין די געפענגניסע, אין די אוניווערזיטעטען, אין די טעמפּעלס ביי די קרבנות; זיי זענען די הענקערס און די אויסשרייערס אויף די עפענטליכע פארזאמלונגען. מיט איין וואָרט: די ארבייט פון דעם הויזהאלט ווי פון דעם שטאט, ווערט באזאָרגט פון שקלאפען. אזא גרויסע ראָלע האָט די שקלאפעריי געשפּילט, אז די גרויסע פילאָזאָפען פּלאטאָ און אריסטאָטעלס האָבען דאָס באטראכט אלס א נויטווענדיגען עלעמענט אין דעם לעבען. אָהן שקלאפעריי, האָבען זיי גע־דענקט, וואָלט די גאנצע קולטור געווען אונמעגליך.

פאָלשטענדיג ווי די הויזווירטשאפט איז געווען, פאָל־שטענדיג ווי זי האָט באפרידיגט די לעבענס באדירפניסע, איז זי דאָך ניט געווען גענוגענד צו באפרידיגען אלע באדירפניסע. און פונקט ווי אויף א פריהערדיגע שטופע, אויף דער שטופע פון סיפּפען־ווירטשאפט, האָט דער באדארף געפיהרט צו א זאָגענאנטען „אויסלענדישען האנדעל“, צו דעם אויסטויש פון פּראָדוקטען צווישען איין האָרדע און א צווייטע, וועלכער אויסטויש, האָט ווידער פון זיין זייט, געפיהרט צו די האָרדען ארבייטס טיילונג, צו די יארמארקס און צו דער ענטשטעהונג פון שטעדט, פונקט אזוי האָט אויף דיזער העכערער שטופע דער באדארף געפירט צו רעזולטאטען, פון וועלכע עס איז ארויסגעקומען אן ענדערונג אין דער גאנצער ווירטשאפטליכער סיסטעמע.

ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז די הויזווירטשאפט גענוגענד אין זיך זעלבסט. זי פּראָדוצירט אלץ וואָס איז נויטיג צום לעבען. אין איהר העכסטער אנטוויקלונג, זוכט זי זאָגאר צו באפרידיגען די אינטעלעקטועלע באדירפניסע, ביז צו מוזיקער, פּאָעטען און פילאָזאָפען. אָבער אין דיזער ווירט־שאפט קומען פאָר אומשטענדען וואָס מאכען נויטיג פאר די הערען זיך צו טרעפען, זאָ צו זאָגען, געשעפטליך: איין הויז־האלט האָט צייטענווייז אן איבערפלוס פון גוטס. עס ווערט אנגעארבייט אזוי פיל, אז דאָס הויזהאלט קאָן עס ניט פאר־

צערען. אין א צווייטען הויזהאלט פעלט גראד אויס. ביי איין געוויסען הער איז געווען א שלעכטע גערעטנים, און זיין שכן, וועלכער האט צופיל, לייהט איהם אוים קארן, אדער שטרוי ביז צום נעקסטען שניט. נאך דעם נעקסטען שניט גיט ער אפ, מיט דאנק, פונקט וויפיל ער האט געליהען. אנאנדערס מאל בארגט איינער ביים צווייטען א שקלאף פאר א געוויסער ארבייט, וועלכע ער דארף גראד האבען. פון דיזען אנטוויקעלט זיך מיט דער צייט, א מין אויסטויש. ווען איינער דארף, לאמיר זאגען, א שניידער, און זיין שכן האט א שקלאף א גוטען שניידער, וועט ער ביי איהם לייהען דעם שקלאף־שניידער, און איהם דערפאר געבען אן אקע וויין אדער האלץ, וועלכעס ער האט צופיל.

ביסלעכווייז, לאנגזאם אבער זיכער, האט דיזער טויש זיך אנטוויקעלט אלס ווייטער און ווייטער. און וואס ווייטער עס האט זיך אנטוויקעלט, אלץ נויטווענדיגער איז געווארען א מאס אפצומעסטען דעם ווערט פון דער ארבייט, ביז ענדליך עס איז אנטשטאנען דאס געלט.

ווי אזוי פון דיזען צושטאנד איז ארויסגעקומען די היינ־טיגע ווירטשאפט; ווי אזוי עס איז אנטשטאנען דאס געלט, און וואסערע זאכען עס זענען אלץ אנגעגאנגען פאר געלט, איי־דער מען איז צוגעקומען צו מעטאל געלט, דאס איז ווידער א לאנגע געשיכטע, וועלכע עס איז אוממעגליך צו דערצעהלען אין דער קורצען צייט, וואס מיר האבען פאר זיך. מיר וועלען אבער זאגען, אז עס איז געווען אט דער אויסטויש, וואס מיר האבען נאר וואס געשילדערט, וועלכער האט סוף כל סוף גע־פירט צו דעם האנדעל, צו דעם אויסטויש פון סחורות אויף געלט. די געאגראפישע לאגע פון די פעלקער פון יענע צייטען, איז אויך געווען מסוגל דערצו. די פעלקער פון די אלטע ציי־טען זענען געזעסען ארום דעם מיטעללענדישען ים, נאך דעם אויסדרוק פון האראדאטעס, ווי זשאבעס ארום א טייך, און דאס האט געמאכט לייכט דעם פארקער. די ערפינדונג פון געלט, האט עס מעגליך געמאכט פאר די הערען שקלאפען־באזיצער אנצוזאמלען גרויסע אוצרות אין דער פארמע פון מע־טאל. אין אנפאנגס, ווי מיר האבען שוין באמערקט, איז דער

האנדעל געווען זעהר פאראכטעט, אָבער ביסלעכווייז האָט מען אויסגעפונען, אז דורך דעם האנדעל קען מען פיל פארדינען, און נאָכדעם ווי די גרויסע פריצים פון גריכענלאנד און רוים האָבען זיך צו דעם גענומען, איז די פאראכטונג פארשוואונדען. דאָס האָט געפירט צו א צווייטע פאָרמע פון געווינס. אזוי שנעל ווי מען האָט אויסגעפונען, אז דורך האנדעל קאָן מען פארדינען געלט, האָט מען אויך אויסגעפונען דעם ווערט פון געלט — אלס פארמיטלער אין האנדעל. אין רוימישען קייזער־רייך האָט זיך אויסגעבילדעט א קאַפּיטאליסטען קלאס, א פי־נאַנץ אריסטאָקראטי. דאָס איז געווען דער קלאס פון די ריטער, די אדעליגע, וועלכע האָבען דאָס באנק געשעפט זעהר אָפט באטריבען אויף גאָר ניט קיין ריינעם וועג.

פון האנדעל האָט מען זיך שנעל גענומען צו דער אינדו־סטרי. ווען דער האנדעל ברענגט גרויסע פּראָפּיטען, דאַרף מען דאָך האָבען די פּראָדוקטען צום פארהאנדלען, צום טוישען, און מען האָט אָנגעהויבען צו באנוצען דעם שקלאַף צו ארביי־טען פאר דעם מארק. רייכע שקלאפענבאזיצער האָבען איינ־געפירט פאבריקען און געלאָזען די שקלאפען ארבייטען פאר דעם מארק. אזוי האָט דער פאָטער פון דעם בארימטען דעמאָ־סטענעס, ווי מיר ווייסען דורך זיין זוהן, איינגעפירט צוויי פא־בריקען. א מעסער פאבריק מיט 33 שקלאפען, און א שטול פאבריק מיט 20 שקלאפען, פון וועלכע ער האָט פארדינט פיל געלט. די לייכטיגקייט צו פארדינען געלט פון אזעלכע אונ־טערנעמונגען, האָט געמאכט א גרויסען חשק די רייכע לייט אריינצולעגען זייערע קאפּיטאלען. אזוי, אז אין גריכענלאנד זענען כמעט אלע האנטווערקער, ווי מאלעריי, גערבעריי, טע־פעריי, בעקעריי, וועבעריי, ווי אויך זייף און לעדער ארבייט, שילדען, שלייער, מעבעל, אפּאָטעקער וואַרען, זאלבען, אויל א. א. וו. געמאכט געוואָרען אין אזעלכע פאבריקען. אין מאנ־כע אינדוסטריען איז די ארבייטסטיילונג געווען שטארק פאר־ברייט. אזוי געפינען מיר, אז די קליידער אינדוסטרי האָט געהאט ספּעציעלע פאבריקען פאר מאנטלען, פאר אויבעררעק און קיטלען. אין די שיף פאבריקען האָבען פארשידענע אר־בייטער געמאכט באזונדערע טיילען פון דעמזעלבען שוף. אין

מאַנכע ערטער איז די אַנטוויקלונג דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די גאַנצע שטאָט איז געווען אַ פאַבריק שטאָט. קאָרינט, למשל, האָט באַשעפטיגט 460,000, די אינזעל אגינא 470,000 שקלאַפען אַרבייטער אין פאַבריקען.

מיר זענען איצט אָנגעקומען צו אַ פונקט ביי וועלכען מיר קענען זיך אָפּשטעלען און אונטערציהען אַ סך הכל:

ווען מיר זאָלען איצט פון דיזען פונקט אויף צוריק בליקען, וועלען מיר זעהן, אַז די מאַטעריעלע אַנטוויקלונג איז צו־געגאַנגען אומגעפער אויף אַזאַ אופן:

פאַר אַלעם האָבען מיר די באַדירפניס צום לעבען. דיזע גויטוועדיגסטע פון אַלע באַדירפניסע צווינגט דעם מענשען צו זוכען שפּייז. אין דעם זוכען נאָך שפּייז, האָט דער מענש גע־זוכט זיך צוצופאַסען צו די אומגעבונג און די אומגעבונג צו זיך מיט דעם, וואָס ער האָט אויסגעבעסערט און פאַרשטאַרקערט זיין גוף דורך די געצייג און וואַפען, וואָס ער האָט געמאַכט. די אַנטוויקלונג פון דער מענשליכער קולטור ווערט דערפאַר גע־רעכענט לויט די אַנטוויקלונג פון די געצייג. געצייג און וואַ־פען, האָט דער מענש נויטיג געהאַט אין זיין קאַמף אום'ס דאַזיין. דער קאַמף אום'ס דאַזיין האָט אויך נויטיג געמאַכט פרידליכע מיטעל — געזעלשאַפטליכקייט. מיט פאַראייניגטע קרעפטען האָט ער געקענט מעהר אויסריכטען איידער אַליין. און מיט זיין נאַטירליכען אינסטינקט צו געזעליגקייט און גע־זעלשאַפטליכקייט; מיט זיינע נאַטירליכע פעהיגקייטען צו גע־ברויכען די שפּראַך, אָרגאַניזירט ער זיך אין סאַמע אָנפאַנג פון זיין היסטאָרי אין געזעלשאַפטען, גאָר צום ערשט איז עס די האָרדע, נאָכהער די פאַמיליע, נאָכהער דאָס דאָרף, נאָכהער די שטאָט, ביז ער קומט צו דער נאַציאָן און אינטערנאַציאָנאַ־ליטעט. דיזע געזעלשאַפטליכע אַנטוויקלונג איז ווידער באַ־דינגט פון דעם צושטאַנד פון זיין געצייג, און די פאָרמען פון אינדוסטרי. די יאַגד און דאָס פישען ברענגט איהם צוזאַמען מיט די אַנדערע. צוזאַמען אַרבייטען זיי און צוזאַמען פאַרטיי־לען זיי די שפּייז צווישען זיך. די אַנדערע שפּייז, דאָס גראָז־וואַרג, ברענגט דאָס ווייב אויף דער סצענע. דעם ווייב ווערט צוגעטיילט די אַרבייט פון קלייבען קרייטיכער און וואָרצלען.

דאָס איז די ערשטע ארבייטסטיילונג אין דער געשיכטע. דאָס איז אויך די ערשטע פאָרמע פון שקלאַפעריי. דאָס ווייב איז דער ערשטער שקלאַף. די פארמערטע באדירפנים, די באַדירפנים נאָך זאכען, וואָס דער מענש האָט ניט געקענט געפינען אין זיין אומגעבונג, פירט איהם צום אויסטויש, און די פארטיילונג פון ארבייט. די ערד ארבייט איז די ערשטע סיבה פון שקלאַפעריי, נאכהער פון דיפערענצירטע ארבייט, פון אויסטויש אין האנדעל, פון קאַפיטאַליסטישע אונטערנעמונג מיט שקלאַפען ארבייט. און שליסליך פון דעם אָנפאַנג פון מאָדערנעם קאַפיטאַליזם.

דער קאַפיטאַליזם איז ווידער א ניי קאַפיטעל אין דעם מענשליכען פאָרטשריט, און מען קאָן מיט רעכט זאָגען: א זעהר שעהן און אינטערעסאנטעם קאַפיטעל; א קאַפיטעל, וואָס ענדערט דאָס גאנצע בילד און בלענדט די אויגען; א קאַפיטעל, וואָס דערצעהלט פון די גרויסע וואונדער פון דעם מענשליכען פאָרטשריט, א קאַפיטעל, וואָס אנטפּלעקט אונז סודות פון וועלכע די מענשהייט האָט אפילו ניט גע'חלומ'ט. עס איז אויך א קאַפיטעל, וואָס דערצעהלט אונז פון די גרעסטע ליידען, וואָס די מענשהייט האָט זיך פארשאפט, פון דעם, ווי אזוי עס האָט, אָפּשאפענדיג די שקלאַפעריי פון א טייל פון דער מענשהייט, פארשקלאַפט די גאנצע מענשהייט; א קאַפיטעל, וואָס ווייזט אונז ווי הויך דער מענש קאָן זיך אויפהויבען און ווי נידריג ער קאָן פאלען. אָבער דאָס קאַפיטעל איז צו לאַנג און צו אינטערעסאנט אפילו פאר די קלענסטע פּראָבע. וואָס מיר האָבען ביז איצט געטאָן, איז נאָך ווייט, ווייט ניט די גאנצע געשיכטע. עס איז נאָר א שוואכער אָנהויב, און אין דיזען אָנהויב זענען אויסגעלאָזען געוואָרען זעהר וויכטיגע זאכען. אזוי האָבען מיר ניט בארירט די קונסט, די רעליגיאָן, די וויסענשאפט, וועלכע לאָזען זיך אלע אריינבערענגען אין דיזען פאָרטשריט, וועלכע זענען א טייל, און וועלכע זענען באדינגט, פון דער אנטוויקלונג פון מאטעריעלע קולטור. אָבער עס איז אוממעגליך אלעס דאָס אריינצובערענגען אין איין לעקטשור. מיין אויפגאַבע דאָ איז געוועזן צו געבען נאָר א קליינעם באגריף פון דעם גאנג פון דער אנטוויקלונג ביז צום קאַפיטאַליזם.

## וואָס הייסט פּאָפּולאַריזאַציע? *)

די „עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע“ פון דעם ארבייטער רינג האָט ארויסגעגעבען אַ בוך אונטער דעם נאָמען „די וועלט און די מענשהייט“. דאָס בוך באשטעהט פון 12 פאָרלעזונגען, וואָס זענען געהאלטען געוואָרע, לעצטען ווינטער פון 12 פארשידענע מענשען, אין אַ באשטימטער אָרדנונג, איבער 12 פארשידענע טעמאָס.

איבער דעם בוך איז אין אונזער פּרעסע פארהעלטניסמע־סיג פיל געשריבען געוואָרען, און דאָס אליין באוויייזט שוין, אַז דאָס בוך האָט אַ געוויסען ווערט. ליידער, האָט זיך קיינער ניט גענומען די מיה דאָס בוך צו נעמען אונטער דעם אָפּעראַציאָנס־מעסער פון דעם קריטיקער; דאָס פאנאנדערצוגלידערען און אָפּצושאַצען ווי עס דארף צו זיין, אָנצואווייזען אויף די חסרונות און די מעלות, צו טאדלען און צו לויבען יעדע פאָר־לעזונג לויט נאָך דעם ווי זי האָט עס פארדינט. מען האָט גע־שריבען וועגען חסרונות, אָבער ניט וועגען די חסרונות פון דעם אינהאַלט, ניט וועגען די געדאַנקען, וואָס ווערען דאָרט אויסגע־דריקט, ניט וועגען דעם ווי אזוי די טעמאָס זענען באהאנדעלט געוואָרען — פון דעם אַלעם קיין וואָרט; געשריבען האָט מען וועגען דעם ווי אזוי און וואָסערע ביכער עס דארפען זיין פּאָפּו־לער, זעהר פּאָפּולער, און אַז דאָס בוך „די וועלט און די מענש־הייט“ איז נאָר געשריבען פאַר אינטעליגענטען און „גמרא קעפּ“. מ. בּאַראַנאָוו, דער אייביגער אויסלאַכער, איז געגאַנגען נאָך ווייטער. לויט אים האָט מען פּשוט באשווינדעלט די מיט־גלידער פון „ארבייטער רינג“. ער האָט ווי אַ גרויסער סטאַ־טיסטיקער אויסגערעכענט, אַז לויט פּראָצענטען האָט מען גאָר

---

*) ערשינען אין דעם „אידישען סאָציאַליסט“, מאַי, 1914.

ניט געטאָרט ארויסגעבען אזא בוך, וואָרים פון די 45 טויזענט מיטגלידער פון דעם „ארבייטער רינג“ וועלען העכסטענס צוואַנציג פּראָצענט פארשטעהן אזא בוך. עס איז דאדורך אַן עולה ארויסצוגעבען אזעלכע ביכער, וואָרים פון א פּאָליטיש־עקאָנאָמישען שטאנדפּונקט, אָדער, ריכטיגער, פון א סוחר׳ישען שטאנדפּונקט, דארף מען נאָר מאכען אזא סחורה, וואָס די אכציג פּראָצענט קענען געברויכען. דאָס קלינגט זעהר געשייט, און די רעדאקציע פון „פּאָרווערטס“ האָט „דעם מאנוסקריפּט פון דעם ארטיקעל געלעזען מיט גרויס באגייסטערונג“, הגם זי אליין, די רעדאקציע, רעקאָמענדירט דאָס בוך זעהר ווארעם, „טראָץ די פעלערען“.

דיזער גאנצער ארגומענט פון מ. באראנאָוו, געשייט ווי ער קלינגט, איז פון דעסטוועגען זעהר... ווי זאָל מען דאָס אָנרופען? זעהר ניט קלוג. וואָרים ווען מען זאָל אָננעמען אזא חשבון פאר דער גאנצער מענשליכער קולטור, די גייסטיגע ווי די מאטעריעלע, וואָלט מען באדארפט מאכען א טעל פון אלעם. נעמט, למשל, אזא זאך ווי שאמפּאניער. וויפיל פּראָצענט פון דער מענשהייט טרינקען שאמפּאניער? וועניגער ווי צוואנציג פּראָצענט, איהר קאָנט זיך פארלאָזען דארויף, און דעריבער דארף מען אויסקאסירען שאמפּאניער, און פאבריצירען נאָר לאגער ביער; וויפיל פּראָצענט געברויכען אויטאָמאָבילען? אוועק מיט די אויטאָמאָבילען; וויפיל פּראָצענט געהען אין דער אָפּערא; וויפיל פארשטעהען די אָפּערא? נידער מיט דער אָפּערא און מאכט מואווינג פּיקטשורס; וויפיל פּראָצענט געהן אין קונסט־מוזעאומס? וויפיל פארשטעהען די קונסט פון די גרויסע מייסטערס? בויט ניט קיין מוזעאומס, עפענט שענקען, דאָרט אהין געהן די 80 פּראָצענט — יאָ, מיט דעם פּראָצענט חשבון, ווי באראנאָוו מאכט אים, קאָן מען אוועק זעהר ווייט — ביז אין שענק אריין.

און ווען מען זאָל מיט דיזען חשבון צוגעהן צו דער וויסענשאפט, פילאָזאָפיע אָדער פּאָעזיע, זאָל זיך נאָר איין גאָט דערבארעמען. מען וואָלט באדארפט אלץ פארברענען. איבערלאָזען וואָלט מען נאָר באדארפט די שונד ראָמאַנען. וואָרים וויפיל פּראָצענט פון דער מענשהייט פארשטעהען קופּערניקוס,

אָדער גאַלילעע, אָדער שפּינאָזאַ, אָדער קאַנט, אָדער דאַרווין, אָדער מאַרקס? וויפיל פּראָצענט פאַרשטעהען שעקספּיער, מילטאָן, אָדער געטהע?

עס איז גענוג צו שטעלען די פראַגע מען זאָל איינזעהן די אבסורדיטעט פון דעם פּראָצענט חשבון. ניט אַזוי רעכענט מען פּראָצענטער. ווען מען וויל דוקא רעכענען אויף פּראָצענטער, דאַרף מען רעכענען פאַרקערט: מען דאַרף זיך פרעגען: וויפיל פּראָצענט פון די וואָס קענען ניט לעזען און פאַרשטעהן די גרויסע גאונים, ווערען פון דעסטוועגען פאַרנינפטיגע און אינטעליגענטע מענשען צוליב דעם קליינעם פּראָצענט, וואָס פאַרשטעהען און לעזען זיי יאָ, ווי מ. טערמאַן האָט זעהר שעהן און געשיקט באַמערקט אין זיין אנטוואָרט צו מ. באַראַנאָוו אין דעם „פאָרווערטס" פון דעם 1טען מערץ. זעהר א קליינער פּראָצענט פון דער מענשהייט פאַרשטעהט צו לעזען קופּערניקוס, פונדעסטוועגען ווייס היינט די גאַנצע וועלט, אַז די ערד איז ניט פלאַך, אַז זי איז ניט דער מיטעלפּונקט פון דעם אוניווערזום, אַז זי שטעהט ניט שטיל, אַז די זון דרעהט זיך ניט ארום איהר, נאָר אַז זי דרעהט זיך ארום דער זון. זעהר ווענינע פאַרשטעהען דאַרווין אָדער מאַרקס, פונדעסטוועגען ווייס די גאַנצע מענשהייט פון דעם אנטוויקלונגס-געזעץ, ווייס א גרויסער חלק פון דער מענשהייט פון דעם מערווערט־געזעץ, זענען פונדעסטוועגען דאָ אודאי 15 מיליאָן נאָכפאָלגער פון מאַרקס, וואָס קערען איבער וועלטען. דער פּראָצענט חשבון איז אן אבסורדיטעט!

אָבער דאָ קומט די רעדאקציע פון „פאָרווערטס" און זאָגט: אָט דאָס איז דאָך אונזער געשריי! דאָס איז דאָך, וואָס מיר טענה'ן, אַז מען דאַרף נעמען די גרויסע געדאַנקען פון די גרויסע גאונים און זיי מאַכען פּאָפּולער. דער „פאָרווערטס" האָט רעכט. די טענה איז א ריכטיגע. איז אָבער דאָ א האַקען! הפנים, אַז מיר פאַרשטעהען זיך ניט; הפנים, אַז אונטער דעם וואָרט „פּאָפּולאַריזאַציע" פאַרשטעהען מיר גאַנץ פאַרשידענע זאַכען.

די פּראָפעסער פון דעם בוך „די וועלט און די מענשהייט", אויף וויפיל מיר איז באַקאַנט, האָבען ניט קיין פּרעטענזיעס

אויף נייע אנטדעקונגען אין די וויסענשאַפטען איבער וועלכע זיי האָבען געשריבען; אויב זיי זענען צופרידען מיט זייער אַר־בייט, אויב זיי דענקען, אַז זיי האָבען וועלכען עס איז פאַר־דינסט, איז דאָס נאָר די צופרידענהייט, און דאָס פאַרדינסט פון פּ אָ פּ ו ל א ר י ז א ט אָ ר ס. זייער עובדא איז געווען צו פּ אָ פּ ו ל א ר י ז י ר ע ן די וויסענשאַפטען, אויף וויפיל עס איז געווען מעגליך, אונטער די אומשטענדען. צום סוף קור־מען די קריטיקער און שרייען: פּאָפּולאַריזאַציע! דאָס בוך איז ניט פּאָפּולער, מען דאַרף עס ערשט פּאָפּולאַריזירען! איז דאָס ניט א סימן, אַז מיר פאַרשטעהען ניט איינער דעם אַנ־דערען?

נאָך מער: עס איז שוין 25 יאָר ווי מען האַלט אין איין פּאָפּולאַריזירען. מען האָט שוין באַדאַרפט האָבען פּאָפּולער געמאַכט די גאַנצע וויסענשאַפט. עפּעס א קליינינקייט 25 לאַנגע יאָר פּאָפּולאַריזאַציעס, און פון די אמת'ע פּאָפּולאַרי־זאַטאָרס, און מען דאַרף נאָך אַלץ פּאָפּולאַריזירען! וואו איז געבליבען די ארבייט פון די גאַנצע 25 יאָר? און ווי לאַנג נאָך וועט מען דאָס מוזען אָנגעהן מיט איין און דערזעלבער ארבייט?

פון דעם אַלעם איז געדרונגען, אַז עס איז נויטיג קלאָר צו ווערען איבער דער פראַגע: וואָס הייסט פּאָפּולאַריזאַציע?

און די פראַגע איז גאָר ניט אזוי לייכט צו פאַרענטפערען ווי מאַנכער קאָן מיינען. הגם די רעדאַקציע פון „פּאָרווערטס" געברויכט דאָס וואָרט זעהר אָפט, פאַרגעסענדיג, אַז אויב עס איז אַן עברה צו געברויכען א העברעאיש וואָרט, טאָר מען דאָס לאַטיינישע וואָרט אין מויל ניט נעמען. אָסור חזיר!

אָבער דאָס איז אגב אורחא. מיר קומען איצט צו דער פראַגע.

דאָס וואָרט „פּאָפּולער" קומט פון דעם לאַטיינישען וואָרט „פּאָפּולוס", אויף ענגליש פּיפּעל (People) דאָס פאָלק. פּאָ־פּולאַריזירען באַטייט: מאַכען פאָלקסטימליך, און עס האָט א צווייפאַכען זין. איין זין איז: עס זאָל ווערען אָנגענומען ביים פאָלק. דער צווייטער זין איז: לייכט־פאַרשטענדליך. אויף אַן אנגעזעהענעם מענשען זאָגט מען: ער איז פּאָפּולער, ד. ה. ער איז אָנגענומען ביים פאָלק, ער איז א מפורסם. ווען מען

ווייל אריינברענגען א אידעע צום פּאָלק, זאָגט מען: מען דאַרף די אידעע מאכען פּאָפּולער, ד. ה. מאכען, אז דאָס פּאָלק זאָל אָננעמען די אידעע. הערבערט ספּענסער איז געווען א גרויסער פּאָפּולאַריזאַטאָר. ער האָט געמאכט פּאָפּולער די אידעע פון עוואָלוציע. אָט די גרויסע אידעע פון אנטוויקלונג האָט ספּענ־סער אָנגעווענדט אויף אַלע מענשליכע געביטען, און אזוי ארום געמאכט די אידעע פּאָפּולער. מאכען באקאנט ביים פּאָלק, הייסט אויך, די זאך מאכען לייכט־פארשטענדליך. מען זאָגט דאדורך: פּאָפּולאַריזירען די וויסענשאפט, ד. ה. איבערגעבען די וויסענשאפט אויף אזא אופן, אז דאָס פּאָלק זאָל איהר קאָנען פארשטעהן.

דאָס איז דער טייטש פון דעם וואָרט, אָבער מיט דעם איז די זאך ניט געענדיגט. מיט דעם וואָס מען פארטייטשט איין וואָרט, ד. ה. מיט דעם וואָס מען רופט אָן איין וואָרט מיט אן אנדער וואָרט, האָט מען נאָך ניט ערקלערט דעם ענין. עס בלייבט נאָך אַלץ די פראגע: וואָס דאַרף מען טאָן צו מאכען די וויסענשאפט לייכט־פארשטענדליך? די רעדאקציע פון „פאָרווערטס", ווי עס שיינט, פארשטעהט די אויפגאבע פון א פּאָפּולאַריזאַטאָר צו זיין, צו געברויכען „לייכטע" ווערטער, אָדער צו נעמען „שווערע" ווערטער און זיי פארטייטשען מיט „לייכטע". דאָס איז א טעות. ווערטער זענען ניט שווער און ניט לייכט. אַלע ווערטער זענען ניט מער ווי ווערטער, און האָ־בען א ווערט נאָר אויף אזויפיל, אויף וויפיל זיי דריקען עט־וואָס אויס. מען קאָן געברויכען די „לייכטסטע" ווערטער, און דער ענין זאָל דאָך זיין אומפארשטענדליך. פון דער צווייטער זייט, זענען עס אָפט די „שווערע" ווערטער, וואָס מאכען דעם ענין לייכט. די פראגע פון פּאָפּולאַריזאַציע איז א סך טיפער ווי די פראגע פון פארטייטשען ווערטער. עס איז די פּראָב־לעמע פון וויסען, וואָס ליעגט באהאַלטען אין דער פראגע. עס איז די פראגע: וואָס הייסט וויסען? ערשט ווען מען האָט פארענטפערט די פראגע פון וויסען, קען מען זאָגען: וואָס הייסט פּאָפּולאַריזאַציע.

נעמט דעם איינפאכסטען מענש, דעם גרעסטען גראָבען יונג, א מענש וואָס קען ניט מאכען קיין המוציא איבער דער

תורה; נעמט אזא מענש און פרעגט איהם אויס, און איהר וועט ערשטוינט ווערען צו הערען וויפיל וויסען דיזער מענש באזיצט, וואָסער „וויסענשאפטסמאן" ער איז. יעדער מענש, למשל, ווייסט, אז פייער ברענט, אז וואסער לעשט פייער, אז אין קעלט קאָן דאָס וואסער ווערען הארט, אייז, אז אין היץ ווערט דאָס אייז צוריק וואסער; אז אונטער א העכערע טעמ־פּעראטור, וועט דאָסזעלבע וואסער, וואָס איז פריהער געווען אייז, זיך פארוואנדלען אין פּארע, אז די פּארע קאָן צוריק ווע־רען וואסער, א. א. וו.; ער וויים, אז ווען מען ווארפט א שטיין אין דער הויך פאלט ער ארונטער, אז א קלענערע קראפט מוז אויסמיידען א גרעסערע קראפט; אז צוויי קרעפטען צוזאמען, קאָנען מער אויפטאָן ווי ווען זיי זענען באזונדער; ער וויים, אז אונטער א געוויסע טעמפּעראטור, ווערט אייזען צושמאָל־צען, אז צוקער צערגעהט אין וואסער, אז די זיסקייט פון צוקער געהט איבער אין דעם וואסער; אז מענשען וואקסען, ד. ה. זיי אנטוויקלען זיך; אז זיי שטארבען; אז עס ווערט פינסטער, ווען די זון געהט אונטער; אז די צייטען אין יאָר בייטען זיך; אז צוויי מאָל צוויי איז פיר; אז א טייל פון א זאך קאָן ניט זיין אזוי גרויס ווי די גאנצע זאך, און נאָך, און נאָך, טויזענטער אנדערע זאכען. און דאָס אלעס איז ריינע וויסענ־שאפט, און ניט איין וויסענשאפט, נאָר פילע וויסענשאפטען. דאָ האָט איהר די „וויסענשאפטען" פון כעמיע, פיזיק, ביאָלאָ־גיע, מאטעמאטיק, מעכאניק און אסטראָנאָמיע, און דאָס אלעס וויים דער איינפאכסטער מענש. פון וואנען קומט וואָס אָט דער איינפאכער מענש מיט אזויפיל „וויסענשאפט", ווערט פונ־דעסטוועגען געהאלטען פאר אן עם הארץ? וואָס פעהלט איהם צו זיין וויסען? דער תירוץ איז: דיזער איינפאכער מענש האָט נאָר איין טייל פון וויסען, דעם ערשטען חלק, ווערענד אמת וויסען באשטעהט פון דריי חלקים. אום ריכטיג צו ווי־סען, דארף מען וויסען:

1) די זאך גופא,
2) דעם שכל פון דער זאך, און
3) די אורזאכע און ווירקונג פון דער זאך.

נאָר דאַן, ווען מען האָט דאָס דרייפאכע וויסען, איז מען

א ווינסענדער מאַן, און דאָס קאָן מען ניט לערנען פון „פּאָפּו־לאַריזאַציעס". מען מוז עס לערנען פון ערפאַרונג, און מען מוז עס לערנען אין דער ריכטיגער שפּראַך, מיט די ריכטיגע ווער־טער.

א ביישפּיל וועט קלאָר מאַכען, וואָס דאָס מיינט:

פאַר דעם נאָר וואָס געבוירענעם קינד איז די גאַנצע וועלט א תוהו ובוהו. עס וויים ניט קיין זאַך. אָבער דאָס קינד האָט אויגען צו זעהן, עס האָט פון דער נאַטור א זכרון, און עס האָט אין זיך די מעגליכקייט, אָדער די פעהיגקייט צו קאָנען רעדען. דאָס קינד זעהט פיל זאַכען ארום זיך. עס זעהט איינמאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, א טויזענט מאָל. די זאַכען מאַכען אן איינ־דרוק אויף דעם יונגען מוח. ביסלעכוויז הויבט דאָס קינד אָן צו אונטערשיידען איין זאַך פון דער אַנדערער, עס הייבט אָן די זאַכען צו דערקענען. „דערקענען", הייסט נאָך אמאָל קענען. פריהער מוז מען די זאַכען ק ע נ ע ן, און ערשט נאָכדעם קען מען זיי דערקענען. וואָלט דאָס קינד ניט געהאַט די איינגעבוירענע פעהיגקייט צו הערען און צו רעדען, דאָס „דערקענען" וואָלט צוגעגאַנגען א סך שווערער. די שפּראַך איז דאָס גרויסע מיטעל, וואָס העלפט פיל אין דעם פּראָצעס.

דאָס קינד זעהט זאַכען און הערט אין דערזעלבער צייט קלאַנגען, ד. ה. ווערטער. עס זעהט דאָס געשטאַלט פון א מאַן און צוזאַמען מיט דעם הערט עס דאָס וואָרט: „פּאַפּאַ", עס זעהט דאָס געשטאַלט פון א פרוי און הערט דאָס וואָרט „מאַמאַ". דאָסזעלבע מיט אַלע אַנדערע זאַכען. דאָס קינד זעהט א ווייסע פליסיגקייט און עס הערט דאָס וואָרט „מילך", עס זעהט אַן אַנדער פליסיגקייט, פון אַן אַנדער ווייסקייט און עס הערט דאָס וואָרט „וואַסער", אַזויפיל מאָל, אַז אין דעם קינד'ס יונגען מוח ווערען איינגעקריצט די בילדער פון די זאַ־כען. עס קריגט באַגריפען. צוזאַמען מיט דיזע באַגריפען קריגט עס ווערטער דיזע באַגריפען אויסצודריקען. מיט אַנ־דערע ווערטער: דאָס קינד קריגט פון ערפאַרונג איינדריקע און אויסדריקע. ווען דאָס קינד זעהט א מאַן, דערמאָנט עס זיך אָן דעם וואָרט „פּאַפּאַ"; ווען עס הערט דאָס וואָרט „פּאַפּאַ", דערמאָנט עס זיך אָן דער געשטאַלט פון א מאַן. דאָס קינד

לערנט זיך נאָכזאָגען די ווערטער און עס רופט יעדען מאַן „פּאַ־פּאַ“ און יעדע פרוי „מאַמאַ“. פון וואַנען קומט אַזאַ טעות? דער טעות קומט פון דעם, וואָס דאָס וואָרט „פּאַפּאַ“ איז אַן אויס־דרוק פון אַ צוזאַמענגעזעצטען באַגריף. דאָס וואָרט איז ווירק־ליך אַ „שווער“ וואָרט. עס דריקט אויס ערשטענס דעם באַ־גריף פון אַ מאַן, און צווייטענס דעם באַגריף פון אַ פּאָטער. דאָס זעלבע איז מיט דעם וואָרט „מאַמאַ“. עס דריקט אויס דעם באַגריף פרוי, און דעם באַגריף מוטער. מיט דער מילך קען אַזאַ טעות ניט טרעפען. ווען דאָס קינד זעהט אַ פלעשעל מילך איז עס אַלץ מילך, ניט אַזוי אָבער איז מיט דער זאַך „מאַן“ און דאָס וואָרט „פּאַפּאַ“. דער צווייטער באַגריף פון דעם וואָרט דריקט אויס דעם „שכל“ פון דער זאַך, און דאָס ווייס דאָס קינד ניט. דאָס וויסען איז דאָדורך ניט קיין וויסען. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דאָס וואָרט פּאַפּאַ איז „שווער“, פּאַלט ניט קיינעם איין עס צו „פּאָפּולאַרי־זירען“ אָדער צו פּאַרטייטשען מיט אַ „לייכטען“ וואָרט. מען זאָגט: דאָס איז אַ „פּאַפּאַ“, אָדער דאָס איז אַ „מאַמאַ“, און דאָס איז די ענדע. עס איז אפילו ניט קיינעמ׳ס דאגה, ווען דאָס קינד קאָן דאָס וואָרט ניט רעכט נאָכזאָגען. עס הערט דאָס וואָרט אַזויפיל מאָל ווידערהאָלט, ביז עס לערנט זיך אויס דאָס נאָכצוזאָגען, און עס צו פאַרשטעהן אין דעם טאָפּעלטען זין. דאָסזעלבע איז מיט אַלעם אַנדערען וויסען. ווען דאָס קינד ווערט עלטער, ווייזט מען אים אַ פיגור, אַ צאַצקע, און מען זאָגט: דאָס איז אַן אַ. פאַר וואָס איז אַן אַ אַן אַ? ניטאָ קיין פאַרוואָס, ניטאָ קיין פּאָפּולאַריזאַציעס. דאָס קינד ווערט על־טער און עס הערט אַלץ נייע זאַכען: צוויי מאָל צוויי איז פיר; יעדער זאַץ מוז האָבען אַ סוביעקט און אַ פּרעדיקאַט, א. א. וו. פאַרוואָס איז צוויי מאָל צוויי פיר? פאַרוואָס מוז יעדער זאַץ האָבען אַ סוביעקט מיט אַ פּרעדיקאַט? ניטאָ קיין פאַרוואָס, ניטאָ קיין פּאָפּולאַריזאַציע.

ווען מיר ווען מיר וועלען אויף דיזען אופן נאָכפאָלגען דעם מענשען פון וויג ביז׳ן קבר, און אויספאָרשען די גאַנצע סומע פון זיין וויסען, וועלען מיר קומען צום שלוס, אַז אַלעס וויסען קאָן אויס־געדריקט ווערען אין דעם איינפאַכען זאַץ: ק ע נ ע ן ד

זאַכען! דאָס הייסט: קענען די זאַכען ווי זיי זענען, קע־נען זייער שכל, זייער אורזאַך און זייער ווירקונג. ניטאָ קיין אַנ־דער וויסען. און לויט דעם איז ניטאָ קיין אומוויסענדע און קיין וויסענדע, עס זענען נאָר דאָ ווייניגער וויסענדע און מער ווי־סענדע. דער גרעסטער עם האָרץ ווייס מאַנכע זאַכען, און דער גרעסטער געבילדעטער ווייס ניט אַלע זאַכען. דער איינ־פאַכסטער מענש ווייס, למשל, אַז וואַסער לעשט פייער, אַז דאָס וואַסער קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אייז, אָדער אין פּאַרע, לויט דער טעמפּעראַטור. ער איז ווי דאָס קינד, וואָס ווייס, אַז יע־דער מאַן איז אַ „פּאַפּאַ“ און יעדע פרוי אַ „מאַמאַ“. ער ווייס די זאַך, אין דיזען פאַל ווייס ער אויך די ווירקונג, ער פאַרשטעהט אָבער ניט דעם „שכל“. ער ווייס ניט פון וואָסער סובסטאַנ־צען, אָדער יסודות, דאָס וואַסער באַשטעהט. ער ווייס אויך ניט פאַר וואָס עס ווירקט אויף איין אופן און ניט אויף אַ צווייטען.

וואָס הייסט קענען די זאַכען? עס הייסט האָבען אין קאָפּ בילדער, אַן אָפּשפּיגלונג פון די זאַכען, וואָס מען זעהט און באַ־גרייפט. קענען די זאַכען, הייסט האָבען באַגריפען פון זאַכען, און באַגריפען לאָזען זיך אויסדריקען נאָר מיט ווערטער. אין אונזער קאָפּ האָבען מיר, למשל, צוויי בילדער פון צוויי זאַכען. מיר האָבען דאָס בילד, אָדער דעם באַגריף פון אַ בוים, און מיר האָבען דאָס בילד, אָדער דעם באַגריף פון אַ קלאָץ. דער קלאָץ קומט פון דעם בוים, ער איז אין זעהר פיל זאַכען גלייך צו דעם בוים, ער איז אָבער ניט דאָסזעלבע ווי דער בוים. ווי אזוי וואָלטען מיר געקאָנט פאַנאַנדערטיילען דיזע צוויי באַגריפען, ווען מיר זאָלען ניט האָבען די צוויי ווערטער זיי אויסצודריי־קען. די ווערטער וואָס באַצייכענען די זאַכען זענען דאַדורך אַזוי שטאַרק פאַרבונדען מיט די זאַכען, אַז עס איז אוממעגליך זיי פאַנאַנדערצוטיילען. פּרופט דענקען פון אַ בוים, למשל, אָהן דעם וואָרט „בוים“, און איהר וועט זעהן די ריכטיגקייט פון דיזער באַהויפּטונג.

מיר זענען איצט צוגעקומען צו דעם צווייטען געדאַנק, אַז וויסען הייסט האָבען באַגריפען פון זאַכען און אויסדריקע פאַר די באַגריפען.

מיט די באַגריפען און ווערטער איז עס אָבער ניט אַזוי לייכט. די זאַכען אין דעם אוניווערזום זענען ניט אַזוי איינפאַך. זיי שטעהען ניט אַליין, זיי האָבען שייכות צו אַנדערע זאַכען. זיי זענען ניט געבוירען געוואָרען ווי זיי זענען, זיי האָבען אַן אַנטוויקלונג און אַ ווירקונג; זיי זענען די פאָלגע פון אַ פריה־העררדיגער זאַך, און אַן אורזאַך פאַר אַ שפּעטערדיגער זאַך; זיי זענען, מיט איין וואָרט, פאַרוויקעלט, פאַרפלאָנטערט, קאָמ־פּליצירט, און אַזוי ווי די זאַכען זענען קאָמפּליצירט, אַזוי זענען די באַגריפען פון זיי קאָמפּליצירט, און אַזוי מוז אויך זיין דער אויסדרוק פון אַ קאָמפּליצירטער. מיר האָבען דאָס געזעהען מיט אַזעלכע איינפאַכע אויסדרוקען ווי די ווערטער „פּאַפּאַ“ און „מילך“. מיר האָבען געזעהן אַז „פּאַפּאַ“ דריקט אויס אַ טאָ־פּעלטען באַגריף, ווערענד „מילך“ איז אַן איינפאַכערער באַ־גריף, (וויסענשאַפטליך איז אויך מילך אַ צוזאַמענגעשטעלטער באַגריף, עס האָט אָבער ניט צו טאָן מיט אונזער משל.) און אַזעלכע זענען דאָ אָהן אַ שיער.

פון דעם אַלעם איז געדרונגען, אַז ברענגען וויסען, אָדער וויסענשאַפט, סיי צו איין מענשען, סיי צו דעם גאַנצען פאָלק, הייסט רייכער צו מאַכען דאָס קענען פון זאַכען, אריינברענ־גען אין קאָפּ נייע באַגריפען פון זאַכען, וועלכע מען האָט פריהער ניט געוואוסט; אַז די באַגריפען מוזען זיין דרייפאַכע; עס מוז־זען זיין באַגריפען.

1) פון די זאַכען גופא.
2) פון דעם שכל פון די זאַכען, און
3) די אורזאַכען און ווירקונג פון די זאַכען

און אַז די באַגריפען מוזען זיין פאַרבונדען מיט ווערטער.

און דאָס קאָן געטאָן ווערען גראַד ווען מען ברויכט די „שווערע“ ווערטער. וואָרים וואָס מער זאַכען מען וויל ערקלע־רען, אַלץ מער ווערטער מוז מען געברויכען. און ווען מען וויל ערקלערען ניט נאָר די זאַך, נאָר אויך איהר „שכל“ און אורזאַכע און ווירקונג, ווערט זי ממילא פאַרוויקעלט. און אויב מען קאָן יעדעס מאָל געפינען איין וואָרט, וואָס ברענגט אַרויס בולט דאָס בילד, מאַכט עס די זאַך לייכטער צו פאַרשטעהן.

עטליכע ביישפּילען וועלען דאָס קלאָר מאַכען.

נעמט דאָס וואָרט „מלחמה“. וויפיל וואָלט מען באַדאַרפט רעדען, מען זאָל וועלען ערקלערען ווי אזוי א מלחמה ווערט אָר־גאַניזירט, ווי עס מוז צוזאַמענגעשטעלט ווערען פון טויזענדער און צענדליגע טויזענדער סאָלדאַטען, מיט אונטעראָפיצירען, אָפיצירען און גענעראַלען, פּראָוויאַנט, פערד, ביקסען, קאַנאָנען, שיספּולווער, אייזענבאַנען, טעלעגראַפען, טעלעפאָנען, מיליאָנען געלט און נאָך טויזענטער אַנדערע זאַכען; וויפיל וואָלט מען באַדאַרפט שרייבען און באַשרייבען, ווען מען זאָל וועלען אויס־דריקען אַלע שרעקען, צרות, גרויזאַמקייט, אוממענשליכקייט, יתומים, אלמנות, וואָס מלחמה פאַראורזאַכט? און ווי שטאַרק, און ווי קרעפטיג מען זאָל ניט מאָלען דאָס בילד, וועט עס אַלץ אַרויסקומען מאַט. דאָס איינע וואָרט „מלחמה“ ברייננט אייך מיט איין מאָל דאָס גאַנצע בילד פאַר די אויגען, און אזוי בולט און אזוי שאַרף, אז קיין צונג, קיין פעדער און קיין פּענזעל קאָן עס ניט אַרויסברענגען.

אָדער נעמט אַזעלכע ווערטער ווי „עקליפּטיק“ און „זאָ־דיאַק“, פון וועלכע מיין אַלטער פריינד באַראַנאָוו לאַכט אָפּ.

ווען מען קוקט זיך גוט צו צו די שטערען אויף דעם הימעל, זעהט מען ווי זיי זענען אויסגעשטעלט אין געוויסע פיגורען. ווי עס איז שוין היינט אַלעמען באַוואוסט דרעהט זיך די ערד אַרום דער זון אין דעם משך פון א יאָר צייט. אויסזעהן זעהט אָבער אויס, אז ניט די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון, נאָר אז די זון דרעהט זיך אַרום דער ערד. נו, ווען די זון „שפּאַצירט“ זיך אזוי אַרום דער ערד מאַכט זי א צירקעל, אָדער א רייף, ד. ה. מיר שטעלען זיך פאָר אין אונזער פאַנטאַזיע דעם צירקעל, פונקט ווי ווען א רעדעל דרעהט זיך, שיינט דאָס אויג צו זעהן א רייף. אין יעדען חודש פון יאָר שטעהט די זון אַרום אַן אַנ־דער פיגור פון שטערען. אָט דיזער „רייף“, וואָס מיר שטעלען זיך פאָר אין דער פאַנטאַזיע ווערט אָנגערופען: „עקליפּטיק“. „די געגענדען אויף דעם הימעל פון ביידע זייטען פון דעם ציר־קעל, אָדער עקליפּטיק, ווערט אָנגערופען „זאָדיאַק“, אויף אי־דיש: מזלות. די ווערטער „עקליפּטיק“ און „זאָדיאַק“ ברענגען אזוי אַרום נייע באַגריפען. ווען איהר האָט עס איינמאָל אויס־געלערענט, און מען דערמאָנט דאָס וואָרט „עקליפּטיק“ ברענגט

עס באַלד אַרויס די פאָרשטעלונג פון דעם „רייף", וואָס די ערד מאַכט ווען זי דרעהט זיך אַרום דער זון. איר האָט באַקומע א נייעם באַגריף, און א ניי וואָרט דעם באַגריף אויסצודריקען. דאָסזעלבע איז מיט טויזענטער אַנדערע „שווערע" ווערטער, ווי „פּאָליטישע עקאָנאָמיע", עלעקטריציטעט", „טעלעפאָן", „טעלע־גראַף", א. א. וו. יעדעס פון די ווערטער דריקט אויס א צו־זאַמענגעזעצטען באַגריף.

דאָס איז אַלץ געזאָגט וועגען איינצעלנע ווערטער. דאָס האַלט אָבער אויך אויס מיט גאַנצע געדאַנקען.

נעמט אַזא געדאַנק: אויב משה איז ענליך צו חיים'ן, און חיים איז ענליך צו יענקלען, דאַן איז משה ענליך צו יענקלען. דאָס ווערט אויסגעדריקט בלשון וויסענשאַפט אַזוי: אויב איין זאַך איז גלייך צו א צווייטער, און די צווייטע צו א דריטער, דאַן איז די ערשטע זאַך גלייך צו דער דריטער. אָדער נאָך אַנדערש: אויב „א"=„ב" און „ב"=„ג", דאַן איז „א"=„ג". (די פּאַ־סעקלעך וואָס שטעהען פאַר דעם וואָרט לעזט מען, „איז גלייך", און עס לעזט זיך אַזוי: אויב „א" איז גלייך צו „ב" און „ב" איז גלייך צו „ג", דאַן איז „א" גלייך צו „ג".) אויף דעם ערשטען בליק שיינט דאָס צו זיין שווער, אָבער גיט זיך אַביסעל מיה דאָס צו פאַרשטעהן, און איהר וועט זעהן, אַז גראָד די „שווערינקייט" פון דעם אויסדרוק מאַכט די זאַך לייכט פאַרשטענדליך. דערי־בער זענען די וויסענשאַפטסמענער, און די פּאָעטען אַזוי שפּאָר־זאַם מיט ווערטער. „חכמים הזהרו בדבריכם", געלערטע זייט פאָרזיכטיג מיט אייערע ווערטער! יעדעס וואָרט מוז אַרויסרו־פען א בילד, אָדער א געפיהל אין דעם מאַרך אָדער אינ'ם האַרץ פון מענשען; יעדעס וואָרט מוז זיין דער אויסדרוק פון א באַ־גריף, אָדער א שאַטירונג פון א בילד אָדער א באַגריף. פּונקט ווי ביי דעם מוזיקער קען דער קלענסטער טאָן, ווען ער איז ניט אויף זיין פּלאַץ, צעשטערען די האַרמאָניע פון דער מוזיק, פּונקט ווי ביי דעם מאַלער מוז יעדער שטריך האָבען א באַדייטונג, אַזוי מוז ביי דעם וויסענשאַפטסמאַן יעדעס וואָרט, יעדעס פּינ־טעלע האָבען א מיינונג. קולטורעלע פעלקער באַזיצען דאַדורך רייכע שפּראַכען, און געבילדעטע מענשען באַזיצען א רייכען שאַץ פון ווערטער. וואָס מער זאַכען מען קען, אַלץ מער בילדער

אָדער „אידעען“ באַקומט מען פון די זאַכען; וואָס מער אידעען אַלץ מער באַגריפען; וואָס מער באַגריפען אַלץ מער ווערטער, אַלץ מער פּאַרוויקלונג פון באַגריפען, ד. ה. אַלץ מער געדאַנקען. צו זאָגען, אַז פּאָפּולאַריזירען וויסענשאַפט הייסט צו נעמען אַלע זאַכען, אַלע באַגריפען, די פּאַרוויקעלטע און די אומפּאַר־וויקעלטע, און אַלע געדאַנקען און אויסדריקען אין דער אָרימער שפּראַך פון דעם אומגעבילדעטסטען מענשען, הייסט זיך אַליין אָפּנאַרען. עס איז איינפאַך אוממעגליך. ווען מען וויל אַן אומוויסענדען מענשען מאַכען צו וויסען, מוז מען אים באַ־קאַנט מאַכען מיט זאַכען, וואָס ער ווייס ניט פון פריהער, מען מוז אין אים אַריינברענגען נייע באַגריפען. דיזע נייע זאַכען און באַגריפען מוזען ווערען אויסגעדריקט מיט נייע ווערטער, און זעהר אָפט „שווערע“ ווערטער.

מ. באַראַנאָוו לאַכט אָפּ פון דעם, וואָס די פּאַרפאַסער פון דעם בוך „די וועלט און די מענשהייט“ האָבען ניט נאָר געגעבען וויסענשאַפטען, נאָר אויך די געשיכטע פון יעדער וויסענשאַפט. ער האָט געמיינט אָפּצולאַכען, אַרויסגעקומען איז אָבער א גרוי־סער קאָמפּלימענט פאַר די פּאַרפאַסער. וואָרים דאָס איז דער איינציגער וועג צו פּאָפּולאַריזירען וויסענשאַפט.

מיר ווייסען שוין איצט, אַז וויסען הייסט קענען די זאַכען; מיר ווייסען אויך, אַז די אומצעהליגע זאַכען אין דעם אוניווער־זום זענען ניט זאַכען פאַר זיך, אַז זיי האָבען א שייכות און זע־נען אָפּהענגיג איינע פון די אַנדערע, און אַז זיי האָבען זיך אַנט־וויקעלט. ד. ה. זיי האָבען א געשיכטע. דאָס דערקענען פון די זאַכען איז אויך ניט געקומען מיט אַמאָל. „די געשיכטע פון דער וויסענשאַפט, איז די געשיכטע פון די טעות׳ן, וואָס די מענשהייט האָט געמאַכט“. עס האָט גענומען צענדליגע טוי־זענטער יאָר, איידער די מענשהייט איז דערגאַנגען צו דעם וויסען, וואָס עס באַזיצט היינט. ניט נאָר האָבען די זאַכען זיי־ער געשיכטע, נאָר אויך דאָס ערלערנען פון די זאַכען האָט איהר געשיכטע, און זעהר אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע איז דאָס. עס איז דאַדורך אוממעגליך צו קענען די זאַכען, ווען איהר קענט ניט זייער געשיכטע, און די געשיכטע פון דעם ווי אַזוי מען איז

עס דערגאַנגען. אָהן געשיכטע איז ניטאָ קיין וויסען. איר קענט ניט קיין מענשען, ווען איר ווייסט ניט זיין פאַרגאַנגענהייט, ד. ה. זיין געשיכטע. אַזוי קענט איר ניט קיין אַסטראָנאָמיע, ווען איר ווייסט ניט, אַז די אַסטראָנאָמיע האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַסטראָלאָגיע; איר קענט ניט פאַרשטעהן די קופּערניקישע סיסטעמע, ווען איר ווייסט ניט די פּטאָלעמישע סיסטעמע. ווען איר ווילט פאַרשטעהן די „געאָלאָגיע“, די לערע פון דער אַנטוויקלונג פון דער ערד, דאַרפט איהר וויסען פון די קאַטאַסטראָפען טעאָריע. דאָסזעלבע איז מיט דער כעמיע, מיט דער ביאָלאָגיע, און מיט אַלע אַנדערע וויסענשאַפטען. נאָר אַזוי אַרום קאָן מען אַריינברענגען וויסען אין די מענשען. קיין אַנדערער וועג איז ניטאָ. נעמען דערצעהלען שעהנע מעשיות פון דער וויסענשאַפט, דאָס האָט קיין ווערט, פון דעם לערנט מען זיך גאָר ניט אויס. ווען איר דערצעהלט, למשל, אַ מענשען, אַז ווען מען דריקט ערגעץ וואו אַ קנעפּעל אין דער וואַנט ווערט ליכטיג אין שטוב, אָדער עס קלינגט אַ גלעקעל פאַר 20 מייל, וועט עס זיין אַ שעהנע מעשה, אַ וואונדער מעשה, אַ מעשה פון טויזענט און איין נאַכט, מער ניט. ווען איהר ערקלערט איהם אָבער דעם שכל דערפון, ווען איהר ווייזט איהם, אַז דאָס קנעפּעל אין דער וואַנט איז פאַרבונדען מיט אַן עלעקטרישען דראָט, וועלכער פירט גלייך צום לאָמפּ, אָדער צו דעם גלעקעל פאַר 20 מייל, און ווען איהר ערקלערט איהם ווי אַזוי דער עלעקטרישער דראָט ווירקט, און ווי אַזוי מען האָט דאָס אויסגעפונען; ווען איהר טוט דאָס אַלעס, האָט איהר דעם מענשען עטוואָס אויסגעלערענט. ניט פריהער. און די „לייכטע“ ווערטער וועלען אייך ניט העלפען. וואָרים, ווי שוין געזאָגט, מען קאָן געברויכען די „לייכטסטע“ ווערטער, און דער ענין זאָל דאָך זיין שווער. נעמט למשל, דעם זאַץ: „יעדער פּאָליטישער קאַמף איז אַ קלאַסענקאַמף“. אָדער: „די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון“. זעהר לייכטע ווערטער: אָבער זאָלען אונזערע „פּאָפּולאַריזאַטאָרס“ זיך מטריח זיין און ערקלערען, וואָס דיזע זאַצען באַטייטען, וואָס דאָס מיינט, וואָס איז דער שכל דערפון און וואָס איז די אורזאַך און ווירקונג. איהר וועט זעהן ווי ווייט זיי וועלען פאַר-

קריכען אין דער געשיכטע, זיך אָנכאַפּען אָן דעם „עקליפּטיק“ און ארומבלאָנזשען אין דעם „זאָדיאַק“.

נאָך דעם אלעם געזאָגטען, קאָן מען איצט ענטפערען אויף דער פראַגע: וואָס הייסט פּאָפּולאַריזאַציע?

ווי מיר האָבען געזהן, האָט דאָס וואָרט א צווייפאַכע באַ־טייטונג. עס מיינט אריינברענגען אידעען אין פאָלק, און עס מיינט, מאַכען לייכט פארשטענדליך. עס איז דאדורך דאָ צווייערליי פּאָפּולאַריזאַציעס: איין סאָרט פּאָפּולאַריזאַציע באשטעהט פון ערקלערען געדאַנקען, די צווייטע באשטעהט פון צעגלידערען צוזאַמענגעזעצטע באגריפען. די גרויסע געלערטע און די גרויסע גאונים דריקען אויס זייערע געדאַנקען אין פאַר־וויקעלטע זאַצען, דאָס איז א סאָרט „ראַדיום“, טויזענט געדאַנ־קען צוזאַמענגעפרעסט אין איין זאַץ, און דער אומגעבילדעטער קאָן זיי ניט באגרייפען. די עובדא פון דעם פּאָפּולאַריזאַטאָר איז די צוזאַמענגעפּרעסטע זאַצען פאנאַנדערצונעמען און אויס־צושפּרייטען, אָדער צוצעגלידערען. צו נעמען אַן אנדער ביי־שפּיל: גיט אַן אָרימאַן אַ טויזענט דאָלאַר־שיין, און ער האָט פאַר איהם קיין ווערט, ער קאָן פאַר דעם טויזענט דאָלאַר־שיין גאַר נישט קויפען, ער קאָן נאָך אַמאָל אויף איהם ברענגען א צרה. עמיצ קאָן מיינען ער האָט דאָס גע'גנב'עט. טוישט אויס דעם טויזענט דאָלאַר־שיין אויף איינצעלנע, און איר האָט אים א טובה געטאָן. ער קאָן זיך רירען און ער קאָן זיי באנוצען. די איינצעלנע דאָלאַרס מוזען אָבער זיין עכט, אמת'ע דאָלאַרס, ניט קיין פעלשונגען. א טויזענט דאלאר־שיין איז א צו־זאַמענגעזעצטער „באגריף“. די איינצעלנע דאָלאַרס, דאָס זע־נען די איינפאַכע „באגריפען“ פון דעם צוזאַמענגעזעצטען טוי־זענט דאָלאַר־שיין.

נעמט דעם פריהער דערמאָנטען זאַץ פון קאַרל מאַרקס: „יעדער פּאָליטישער קאַמף איז אַ קלאַסענקאַמף“. די ווערטער זענען לייכט, אָבער דאָס איז א טויזענט דאלאר שיין. כדי דעם „שיין“ אויסצוטוישען אויף קליינגעלט, כדי אים צו מאַכען פּאָפּולער, מוז מען געהן צו דער היסטאָריע. מען מוז אויספאָר־שען אלע פּאָליטישע קאַמפען אין דער היסטאָריע, און באוויי־זען, אז אין יעדען פאַל איז דאָס געווען א קאַמף פון קלאַסען.

און דערביי דאַרף מען ערקלערען טויזענטער אַנדערע זאַכען. מען דאַרף באַווייזען, אַז פילע קאַמפּען, וואָס שיינען צו זיין עטוואָס אַנדערש ווי קלאַסענקאַמפּען, ווי למשל די קאַמפּען צווישען די פאַרשידענע נאַציאָנען, די רעליגיעזע קאַמפּען, וואָס זענען געוואָרען אויסגעקעמפּט אויף דעם פּאָליטישען שלאַכט־פעלד, אָדער אַזעלכע קאַמפּען ווי די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע געגען ענגלאַנד, אָדער דער בירגערקריג אין אַמעריקאַ — אַז די אַלע קאַמפּען זענען געווען ניט מער ווי קלאַסענקאַמפּען. ערשט ווען מען האָט דאָס אַלעס באַוויזען, האָט מען דעם זאַץ: „יעדער פּאָליטישער קאַמף איז אַ קלאַסענקאַמף", געמאַכט פּ אָ פּ ו ל ע ר. מען האָט די אידעע געבראַכט צום פאָלק. אַזאַ ריזען ארבייט האָט הערבערט ספּענסער געמאַכט, ווען ער האָט אָנגעווענדט די עוואָלוציאָנס־אידעע אויף אַלע מענשליכע גע־ביטען.

דער צווייטער סאָרט פּאָפּולאַריזאַציע פאָדערט אַן אַנדערע ארבייט. ער פאָדערט די צוזאַמענגעזעצטע באַגריפען צוריקצו־ברענגען צו איינפאַכע. ווען מען וויל ערקלערען דעם זאַץ: יעדער זאַץ מוז האָבען אַ סוביעקט און אַ פּרעדיקאַט, דאַרף מען ערקלערען דעם באַגריף „סוביעקט", דעם באַגריף „פּרעדיקאַט", און דעם שכל, וואָרום זיי מוזען געהן צוזאַמען. ווען מען נעמט נאָך אַ שווערערען זאַץ: ווען מען זאָגט: יעדער זאַץ מוז האָ־בען אַ סוביעקט מיט אַ פּרעדיקאַט, און לויט אויגוסט קאַנט זענען דאָ אַנאַליטישע און סינטעטישע זאַצען, דאַן מוז מען צו דער פריהערדיגער ערקלערונג צולייגען נאָך אַן ערקלערונג פון דעם וואָס הייסט אַנאַליטיק, וואָס הייסט סינטעזע, וואָס מיינט אַן אַנאַליטישער זאַץ און וואָס מיינט אַ סינטעטישער זאַץ. ערשט ווען איך האָב די צוזאַמענגעזעצטע באַגריפען צענומען אויף די איינצעלנע באַגריפען, ערשט דאַן האָב איך געמאַכט דעם זאַץ פּאָפּולער. דיזער גאַנצער אַרטיקעל איבריגענס איז אַזאַ ערקלערונג פון דעם זאַץ: וואָס הייסט פּאָפּולאַריזאַציע?

קאָן אַ פּאָפּולאַריזאַציע געמאַכט ווערען אַזוי לייכט, אַזוי פּאָפּולער, אַז יעדער איינער, דער אומוויסענדסטער, זאָל עס פאַרשטעהן? זעהר שווער! מאַטעמאַטיק קאָן מען ניט פּאָפּו־לאַריזירען, און „באַגריפען" קאָן מען ניט פּאָפּולאַריזירען. אַן

„א" איז און „א"... אלץ וואָס מען קאָן טאָן איז די צוזאַמענ־געזעצטע באַגריפען צעלייגען אין איינפאַכע. ביי די איינפאַכע באַגריפען מוזט איהר בלייבען. דער וואָס וויל לערנען, דער מוז לכל הפחות די איינפאַכע באַגריפען — באַגרייפען. קייען אין מויל אריין, הייסט ניט שפּייזען. דער זאַפט און קראַפט פון עסען בלייבט ביי דעם, וואָס קייעט. ווען מען וויל האָבען אַ הנאה און צונעמען כחות פון עסען, מוז מען אליין קייען, און אליין פאַרדייען. ווען מען וויל עטוואָס לערנען, מוז מען אָנ־שטרענגען דעם מוח, אנדערש גערט עס ניט.

## צום הונדערטען געבורטסטאָג פון קאַרל מאַרקס*)

(עטליכע בלעטלעך פון דער איינליימונג צו מאַרקס' פילאָזאָפישע שריפטען, וואָס דארפען ערשיינען.)

.1

מיט הונדערט יאָר צוריק, דעם 5טען מאי 1818, האָט קאַרל מאַרקס צום ערשטען מאָל דערזעהן דאָס ליכט פון דער וועלט. אומגעפער צוויי און האלב צענדליג יאָר שפּעטער, האָט פאַר דער וועלט געגומען שיינען דאָס ליכט פון קאַרל מאַרקס.

ליכט איז עס דער וועלט ניט אָנגעקומען.

די מענשהייט ארבייט זיך שווערליך ארויס פון פינסטער־ניש צו ליכט. ניט אלע מענשען האָבען די זכיה צו זעהן אַן אוצר. עס זענען נאָר געווען איינצעלנע, די יחידי סגולה, וואָס האָבען דאָס באמערקט. די מייסטע מענשען האָבען דאָס ליכט אָדער ניט באמערקט, אָדער מיט געוואלד פארמאכט די אויגען כדי דאָס ניט צו זעהן.

אפילו היינט, צו דעם הונדערט יעריגען געבורטסטאָג פון מאַרקס, זענען נאָך דאָ זעהר פיל מענשען, וואָס אָדער זיי קע־נען דאָס ליכט ניט זעהן, אָדער זיי פארלייקענען עס און ער־קלערען עס פאַר אַ שיין־ליכט, וואָס שיינט נאָר פון דערוויי־טענס און פארנארט און פארפירט דעם מידען וואנדערער.

ביי דעם אלעם איז היינט צו טאָג קוים צו געפינען אַ ציוויליזירטען מענשען, וואָס וועט זיך אונטערנעמען אָפּצולייקע־נען די גרויסע ראָל, וואָס די לערע פון מאַרקס שפּילט אין דער וועלט. דאָס פייער וואָס ער האָט אָנגעצונדען, איז ווי דער סנה, וואָס „ברענט און ווערט ניט פארברענט“.

---

*) ערשינען אין „די נייע וועלט“, מאי, 1918.

היינט צו טאָג קאָן מען קוים געפינען א ווינקעל אין דער ציוויליזירטער וועלט, וואוהין די שטראלען פון זיין ליכט זענען ניט אריינגעדרונגען.

צי מען באקעמפט איהם, צי ניט; צי מען פארשטעהט איהם פאלש, צי מען פארשטעהט איהם ריכטיג; צי מען פאָלגט איהם, צי מען פארפאָלגט איהם — די גאנצע ציוויליזירטע וועלט באשעפטיגט זיך היינט מיט זיין לערע.

צו זיין הונדערט יעריגען געבורטסטאָג איז קארל מארקס א לעבעדיגע קראפט, א קראפט וואָס ווירקט און שאפט, וואָס צעשטערט און בויט און וועלטען.

דאָס איז דער ריכטיגער געדאנק פון דעם תלמוד׳ישען זאץ: צדיקים ווערען נאָך זייער טויט באטראכט פאר לעבעדיגע.״ דאָס איז די אמת׳ע אומשטערבליכקייט.

די געשיכטע קאָן א סך נעמען פון דער פארגאנגענהייט. די מייסטע פון דיזע נעמען זענען ניט מער ווי נעמען פון מענשען, וועלכע האָבען אמאָל געלעבט און זענען היינט טויט. דיזע נעמען דינען נאָר פאר דעם צוועק צו פארביטערען דעם לעבען פון יונגע שטודענטען, וועלכע זענען געצוואונגען זיי אויסצו־לערנען אויף אויסווייניג פאר די עקזאמענס, אום זיי צו פאר־געסען אזוי שנעל ווי די עקזאמענס זענען פארביי.

צווישען דיזע אלע נעמען זענען נאָר דאָ גאנץ ווייניג, וואָס זענען באמת אומשטערבליך. פונקט ווי צווישען די לעבעדיגע איז עס אלע מאָל א קליינע צאָל, וואָס זעהט זיך ארויס, אזוי אויך צווישען די געשטאָרבענע „אומשטערבליכע״ איז עס זעהר א קליינע צאָל, וואָס איז באמת אומשטערבליך, וואָס ווירקט אויף די לעבעדיגע נאָך דעם טויט פונקט ווי ביי דעם לעבען. זעהר אָפט נאָך מער ווי ביי דעם לעבען. די קראפט וואָס ווירקט, וואָס באגייסטערט, וואָס גיט האָפנונג און מוט; די קראפט וואָס לערנט און איז א וועגווייזער פאר די לעבעדיגע — דאָס איז די קראפט, וואָס לעבט אייביג. דאָס איז אומ־שטערבליכקייט.

צו דיזע ווייניגע געהערט קארל מארקס.

ער האָט זיינע אויגען שוין לאנג פארמאכט. ער קאָן דאָס ליכט פון דער וועלט מער ניט געניסען. די וועלט, פארקערט,

עפענט אלץ מער די אויגען צו דעם ליכט, וואָס שטראַלט פון זיין לערע. זיין קראַפט עקזיסטירט, איז טעטיג, וואַרעמט און באַגייסטערט מיליאָנען הערצער. מען שטודירט איהם, מען באַקעמפט איהם, מען פאַרטיידיגט איהם, מען פאָלגט איהם און מען פאַרפאָלגט איהם. וואָס נאָך איז לעבען?

* * *

עס איז אַ באַגייסטערענדיג בילד, וואָס עס שטעלט זיך איינעם פאַר די אויגען, ווען ער פאַרטיפט זיך אין דעם לעבען און ווירקען פון קארל מארקס: אַן אָרימער מאַן, אַן אביון; אַ מענש, וואָס האָט די מערסטע יאָרען געלעבט אין דחקות; וואָס איז מער ווי איין מאָל געלעגען אויף דער גאַס מיט זיינע בעבעכעס פאַר ניט קענען באַצאָלען דאָס אָרימזעליגע דירה־געלט; דערצו נאָך געיאָגט און געטריבען פון לאַנד צו לאַנד; פאַרהאַסט און פאַרשוויגען פון דער אָפיציעלער אוניווערזיטעטס וויסענשאַפט; אָהן פּראַקטיע פון די מעכטיגע; אָהן פאַרקער אָדער באַקאַנטשאַפט מיט די רייכע און איינפלוסרייכע — איינער אליין, מיט דעם כח פון זיין געדאַנק, נעמט ער זיך אונטער, פון איין זייט, צו באַקעמפען די רייכע און די מעכטיגע פון דער וועלט, דעם עקזיסטירענדען שטאַט און זיינע אויטאָריטעטען, די הערשענדע פילאָזאָפיע מיט איהרע אויטאָריטעטען; און פון דער צווייטער זייט, זיין אייגענע וועלט, די וועלט פון קאָמוניסטען, ווי די סאָציאַליסטען פון יענער צייט האָבען זיך גערופען.

נאָך אַזאַ ביישפּיל קאָנען מיר קוים געפינען אין דער גאַנ־צער וועלט געשיכטע.

דיזע ריזיגע, כמעט איבערמענשליכע ארבייט האָט קאַרל מאַרקס אָנגעהויבען נאָך גאַנץ יונג, מען קאָן זאָגען אינגעלוויז.

דעם 10טען דעצעמבער, 1837, ווען ער איז אַלט געווען אין גאַנצען ניינצען יאָר, שרייבט ער אין אַ בריף צו זיין פאָטער:

אַיין פאָרהאַנג איז געפאַלען. מיין אַלערהייליגסטעס צעריסען, און עס מוזען נייע געטער אַריינגעזעצט ווערען. פון דעם אידעאַליזם..... בין איך געקומען צו דעם, אַז מען מוז זוכען די אידעע אין דעם ווירקליכען לעבען. אויב די געטער האָבען פריהער געלעבט איבער דער ערד, זענען זיי איצט גע־

וואָרען דער מיטעלפּונקט פון דער ערד. איך האָב געלעזען שטיקער פון העגעל'ס פילאָזאָפי, און איהר גראָטעסקע פעלזען־מעלאָדיען געפעלען מיר גאָר ניט. נאָך איין מאָל וויל איך זיך אַרונטערלאָזען אויף דעם אָפּגרונד פון'ם ים, מיט דער באַשטימטער אָפּזיכט צו געפינען די גייסטיגע נאַטור, פּונקט אַזוי גויטוועגדיג, קאָנקרעט און אָפּגערונדעט ווי די קערפּערליכע (נאַטור). ניט מער צו באַווייזען שוואַרצקינסטלעריי, נאָר אַרויסצוברענגען די ריינע פּערל צו דעם ליכט פון דער זון.

צו ניינצען יאָר איז מארקס שוין געקומען צו דער איבערצייגונג, אז „די אידעען מוז מען זוכען אין דעם ווירקליכען לעבען". אז די געטער וואוינען ניט ערגעץ וואו אין די הימלען, איבער דער ערד, נאָר אז זיי זענען דער מיטעלפּונקט, דער צענטער פון דער ערד. שוין דאן האָט ער זיך פאַרגענומען זיך ארונטערצולאָזען טיף, אויף דעם סאַמע גרונט פון דעם ים פון דער פילאָזאָפיע, און פון דאָרט ארויסצוברענגען די ריינע פּערל. ניט ווי עס טוען די מעטאפיזיקער, וואָס מאכען חקירות, פשט'לעך, רמזים און שווארצקינסטלעריי. ער וויל דאָרט געפינען דעם באווייז, אז די גייסטיגע נאטור איז ניט עפּעס א סוד, וואָס די מענשהייט קאָן ניט דערזעהן, נאָר אז זי איז פּונקט אזוי בולט און אזוי גויטוועגדיג ווי די קערפּערליכע נאטור.

די אידעען מוז מען זוכען אינערהאלב דעם ווירקליכען לעבען, ניט אויסערהאלב דעם לעבען. זיי שוועבען ניט אין דער לופטען, זיי זענען א טייל פון דעם לעבען. די אידעען, וואָס קומען פון די הימלען, האָבען קיין ווערט ניט, זיי זענען מאכט־לאָז. די אידעען וואָס ציהען זייער יניקה פון דעם ווירקליכען לעבען, זענען אזוי מעכטיג, אז קיין קראַפט אין דער וועלט קאָן זיי ניט גובר זיין.

ארום דעם פּונקט, קאָן מען זאָגען, דרעהט זיך די גאנצע לערע און דער גרויסער אויפטו פון קארל מארקס.

אין זיין בארימטען ארטיקעל „איבער קאָמוניזם", אין דער „ריינישע צייטונג" פון 1843, שרייבט מארקס:

„מיר האָבען די איבערצייגונג, אז פּראַקטישע פּראָבעס פון קאָמוניזם זענען ניט קיין סכנה (פאר די פארשידענע קלאסען. י. מ.). די אמת'ע סכנה זענען די טעאָרעטישע אויס־

פירונגען פון קאָמוניסטישע אידעען. פראקטישע פראָבעס, מעגען זיי אפילו געמאכט ווערען פון גרויסע מאסען, קאָן מען ענטפערען מיט קאנאָנען, ווען זיי ווערען צו געפערליך. אידעען וואָס זענען מנצח אונזער אינטעליגענץ, וואָס זענען גובר אונזער געזינונג, וואָס דער פארשטאנד האָט צוגעקאָוועט צו אונזער געוויסען — דאָס זענען קייטען פון וועלכע מען קאָן זיך ניט ארויסרייסען, אויב מען וויל ניט צערייסען דאָס הארץ. דאָס זענען דעמאָנען (טייוואָלים), וועלכע דער מענש קאָן גובר זיין נאָר דעמאָלט, ווען ער גיט זיך פריהער אונטער צו זיי.*)

פיעל מארקסיסטען, וואָס באגעגענען דיזען געדאנק אפשר צום ערשטען מאָל וועלען זיך וואונדערען. איז דאָס אמת, וועלען זיי בלי ספק פרעגען, אז מארקס, וועמעס גרונט־לערע עס איז, אז די עקאָנאָמישע פארהעלטנישען זענען די הויפטקראפט אינ'ם מענשליכען לעבען; אז אידעען זענען א נעבען זאך, וואָס שפּראָצען ארויס פון די עקאָנאָמישע שייכות'ען — איז דאָס אמת, אז מארקס האָט אזוי שטארק פון דער מאכט פון אידעען? אָדער אפשר איז עס גאָר דער יונגער מארקס, וואָס האָט אויפגעשריבען דיזע געדאנקען, וועלכע ער האָט שפּעטער, אין זיינע רייפערע יאָרען, פארלייקענט?

אין פארלויף פון דיזע אָפּהאנדלונגען וועט זיך ארויסצייגען, אז הגם מארקס האָט דיזע געדאנקען אויפגעשריבען נאָך אלס יונגער מאן, האָט ער זיי אָבער קיין מאָל ניט פארלייקענט. אדרבה, עס וועט זיך ארויסצייגען, אז גראָד מארקס איז דער פילאָזאָף, וועלכער האָט מער פון אלע אנדערע אָפּגעשאצט דעם ווערט פון דעם מענשען. גראָד ביי מארקס'ען שפּילט דער מענש א גרויסע ראָל. ניט מער, עס איז ניט דער פאראיינצעלטער מענש, וועלכער שעפּט זיינע אידעען פון די וואָלקענס, פון דעם הימעל, פון זיין „איך“, פון דעם שאפענדען „גייסט“, פון זיין „באוואוסטזיין“, א. א. וו. פון די אלע זאכען וויל מארקס ניט וויסען. ער באקעמפט זיי מיט א שניידענדיגער שארפקייט. ביי אים איז עס דער מענש — אלס מיטגליד פון דער געזעלשאפט. דער איינצעלנער מענש איז גאָר ניט. ער קאָן גאָר ניט אויפ־

*) געזאמעלטע שריפטען, באַנד 1, ז. 278.

טאָן. ער עקזיסטירט ניט און קאָן ניט עקזיסטירען. אפילו אָדם הראשון האָט איינער אליין גאָר ניט געקאָנט אויפטאָן. דאָס האָט, לויט דער תורה, דער באשעפער פון דער וועלט איינגעזעהן, און ער האָט באשאפען חוה. צוויי זענען שוין א געזעלשאפט.

די מיספארשטענדניש איבער מארקס׳ מיינונג וועגען אידעען קומט פון דעם, וואס פיעל מענשען פארמישען די באגריפען פון „אידעע" און „אידעאליזם" אלס פילאָזאָפישע לערע מיט „אידעען" און אידעאליזם ביי דעם איינצעלנעם מענשען. זיי נעמען דאדורך אָן, אז א מאטעריאליסט אין דער פילאָזאָפיע קאָן ניט זיין קיין אידעאליסט אין לעבען, און פארקערט. דער אמת איז, אז מען קאָן זיין א גרויסער אידעאליסט אין פריוואט לעבען און צו דערזעלבער צייט א מאטעריאליסט אין דער פילאָזאָפיע. מען קאָן, פארקערט, זיין אן אידעאליסט אין דער פילאָזאָפיע, און א גרויסער מיאוסער מאטעריאליסט אין לעבען.

פון דעם אלעם וועלען מיר שפעטער רעדען.

דערווייל איז גענוג צו זאָגען, אז אין פריוואטען לעבען איז מארקס געווען א גרויסער, אפשר דער גרעסטער, אידעאליסט. ער האלט זעהר שטארק פון אידעען. אָבער „די אידעען מוז מען זוכען אין דעם ווירקליכען לעבען". און דאָס „ווירקליכע לעבען" איז ביי איהם ניט דאָס לעבען פון ראָבינזאָן קרוזאָ. דאָס „ווירקליכע לעבען" איז דאָס געזעלשאפטליכע לעבען.

ווען מען האָט אין זינען די צוויי פונקטען, האָט מען דעם שליסעל צו דער פילאָזאָפיע פון מארקס.

קארל מארקס, דער באגרינדער פון דעם מאטעריאליזם אין דער געשיכטע, איז דער פילאָזאָף, וועלכער האָט אנטדעקט דעם באָדען אויף וועלכען די מענשליכע אידעען קאָנען געדייהען, דעם איינציגען באָדען, אויף וועלכען זיי ברענגען פרוכטען און ווערען שטארקער פון קאנאָנען, פון וועלכע מען קאָן זיך ניט ארויסרייסען, אויב מען וויל ניט צערייסען דאָס הארץ.

אויף וויפיל דאס איז אמת, איז די לערע פון מארקס דער בעסטער באווייז.

די אידעע, אז די וועלט דארף ווערען אָרגאניזירט אויף א נייעם אופן איז גאָר ניט ניי.

מיט אומגעפער צוויי טויזענט דריי הונדערט יאָר צוריק האָט דער גריכישער פילאָזאָף פלאַטאָן, אין זיין בוך „די רע־פובליק", אויסגעארבייט א וואונדערליכען פלאַן פון א קאָמו־ניסטישער געזעלשאפט. פלאטאָן איז ניט געווען דער ערשטער מיט אזא פלאַן. ער איז זיכער ניט געווען דער לעצטער.

אין דעם 19טען יאָרהונדערט האָבען זיך געפונען געניא־לע מענשען, וואָס האָבען א חוץ שרייבען ביכער וועגען קאָמי־ניזם, געמאכט פּראָבעס פּראקטיש איינצופירען א קאָמוניסטישע געזעלשאפט.

סאנט סימאָן, פוריע און קאבעט אין פראנקרייך; אָוען אין ענגלאנד; וויטלינג אין דייטשלאנד; האָראס גרילי, טשארלס דאנא, נאטהאניעל האוטהאָרן און פילע אנדערע אין אמעריקא, האָבען זיך פארנומען, און די מייסטע פון זיי האָבען אָרגאניזירט קאָמוניסטישע געזעלשאפטען אין אמעריקא, אלס מוסטער ווי אזוי די געזעלשאפט דארף זיין אָרגאניזירט.

די מייסטע פון די מענשען זענען געווען גרויסע טאַ־לאנטען; מאנכע ווי סאנט סימאָן, פוריע און האָטהאָרן, זע־נען געווען אמת'ע גאונים. זיי האָבען געארבייט פאר זייערע אידעאלען מיט באגייסטערונג און איבערגעבענהייט, מיט טאַ־לאנט און געשיקטקייט; אָוען האָט אויפגעאָפּפערט פאר זיין אידעאל א פארמעגען פון מיליאָנען, זיינע זעהר באדייטענדע פעהיגקייטען און זיין גרויסען איינפלוס צווישען די הערשער אין איירָאָפּא. פון דעם אלעם איז אָבער גאָר ניט געוואָרען. די וועלט האָט זיך ניט גערירט פון פלעק. מען האָט זיי ניט גע־ענטפערט מיט קאנאָנען, ווייל זיי זענען קיינמאָל ניט געוואָרען געפערליך.

דאן איז געקומען מארקס און מיט איהם ענגעלס.

„פראקטישע פּראָבעס פון קאָמוניזם זענען ניט קיין סכנה" פאר די הערשענדע קלאסען. און אויב זיי זאָלען ווערען א סכנה, קאָן מען זיי ענטפערען מיט קאנאָנען. אזוי שרייבט מארקס באלד אין דעם אָנפאנג פון זיין קאריערע. „די אמת'ע סכנה זענען די טעאָרעטישע אויספירונגען פון קאָמוניסטישע אידעען".

וואָס די טעאָרעטישע אויספירונגען זענען, ווייס נאָך

מארקס צו יענער צייט ניט. און ער זאגט דאס גאנץ אפען ארויס. ער „באזיצט ניט די קונסט מיט איין פראזע צו בענ־דיגען פראבלעמען איבער וועלכע עס ארביטען צוויי פעלקער", שרייבט ער. ער פארשפרעכט אבער „דיזע אידעען גרינדליך צו אונטערזוכען און צו קריטיזירען". און ער ציהט זיך צוריק אין זיין שטודירצימער. פון דארט ארויס איינצונעמען די וועלט.

פון זיין שטילען און באשיידענעם שטודיר־צימער נעמט ער שיקען זיינע געדאנקען פיילען, און „דיזע פיילען" מאכען א רושם און שמידען די „קייטען פון וועלכע מען קאן זיך ניט ארויסרייסען, אויב מען וויל ניט צערייסען דאס הארץ".

אין אנפאנג קוקט מען זיך ווייניג אום אויף איהם. פאר די הערשענדע מעכטע איז ער נאך ניט געפערליך. די עקזיס־טירענדע פילאזאפי באמערקט איהם ניט, אדער מאכט זיך, אז זי זעהט איהם ניט. די קאמוניסטען באקעמפען איהם.

עס דויערט ניט לאנג, און די גיזאס און די ביסמארקס נעמען זיך שרעקען פאר איהם. די וויסענשאפט הויבט זיך אן צו רייבען די אויגען, ווי זי וואלט נאר וואס אויפגעשטאנען פון א לאנגען שלאף, און נעמט מאכען גרימאסען. די קאמוניסטי־שע וועלט נייגט זיך אין גאנצען אויף זיין זייט.

מארקס איז דער זיגער. לאנגזאם אבער זיכער באזיגט ער די וועלט.

די קאמוניסטישע אידעען וואקסען און פארגרעסערען זיך מיט אן אומגעהויערער שנעלקייט. א כוואליע פון באגייסטע־רונג הויבט אן שלאגען הויך, איהר פארנעם ווערט האסטיגער פון מינוט צו מינוט און זי פארשלינגט אלץ מער און מער פון דער מענשהייט. אזוי, אז היינט צו טאג, פינף און דרייסיג יאהר נאך זיין טויט, האט מארקס ערוואבערט פאר זיין געדאנק, מען קאן זאגען, א העלפט פון דער מענשהייט.

דאס וואס די סאציאליסטען אין איינציגע לענדער האבען די לעצטע צייט ניט געהאנדעלט אין דעם זין פון מארקס' לערע, ענדערט ניט די זאך. דער פאקט איז, אז די היינטיגע וועלט, די ניט סאציאליסטישע אריינגערעכענט, דענקט מארקסיסטיש, הגם עס איז זעהר זעלטען, ווען די וועלט ווייס דאס, און נאך

זעלטענער, ווען זי וויל דאָס מודה זיין. נאָך מער, געראדע די לעצטע געשעהענישען צוזאמען מיט דער שטעלונג פון געוויסע סאָציאַליסטען צו זיי, האט בעסער ווי אלעס אנדערע באַשטעטיגט די לערע פון קאַרל מארקס, ווי דער שרייבער פון דיזען ארטיקעל האט באוויזען אין אן אנדער פּלאץ.*)

**2.**

איצט שטעלט זיך די פראגע: אין וואָס באשטעהט דער כח פון מארקס'ען? וועלכעס איז דער געדאנקענגאנג וואָס ער האָט געגעבען דער מענשהייט, וועלכער האָט איהם געמאכט אומשטערבליך?

געוויינליך ווערט אָנגענומען, אז מארקס' גרויסקייט באַשטעהט אין זיינע פּאָליטיש עקאָנאָמישע לערען.

די געשיכטסשרייבער פון פילאָזאָפי רעכענען איהם זעלטען צווישען די פילאָזאָפען, און גיבען איהם א קליינעם פּלאץ אין זייערע שריפטען. מארקס האָט ניט געבויט קיין פילאָזאָפישע סיסטעמען, ווי עס האָבען געטאָן די אנדערע פילאָזאָפען. ער האָט גיכער חרוב געמאכט אלע פילאָזאָפישע סיסטעמען. זיין גאַנצע פילאָזאָפיע האָט ער, נאָך פיעל יאָרען שטודירען, אויסגעדריקט אין א פאָררעדע פון עטליכע געדרוקטע בלעטלעך צו זיין בוך: „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע".

די היסטאָריקער פון דער פילאָזאָפי רעכענען איהם דאדורך צו די פּאָליטישע עקאָנאָמען. אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמי זענען אלע מודה, האָט ער זעהר פיעל אויפגעטאָן.

די סאָציאַליסטישע אגיטאטאָרען, און ספּעציעל די אידישע, לייגען זייער גאנץ געוויכט אויף מארקס' עקאָנאָמישע לערען. אויף טויזענט פארשידענע וועגען זוכען זיי, פאר די לעצטע דרייסיג יאָר, פּאָפּולער צו מאכען די עקאָנאָמישע לערען פון מארקס.

אין אן אנאָנסמענט, וואָס איז ניט לאנג צוריק ערשינען

---

*) זעה: „נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם", פון יעקב מילך. פארלאג מייזעל.

אין דער ענגלישער „קאַל“, וואו עס זענען אנאָנסירט געוואָרען לעקציעס וועגען: „פרייז, ווערט און מערווערט“, איז געווען געשריבען: „אויב איהר זייט באקאנט מיט דער טעאָריע פון ווערט און מערווערט, פארשטעהט איהר דעם מארקסיזם“.

דאָס איז א טעות. אויב איהר זייט באקאנט מיט דער טעאָריע פון ווערט און מערווערט, פארשטעהט איהר נאָך ניט דעם מארקסיזם.

עס איז גאָר קיין ספק ניט, אז מארקס' אנטדעקונג פון די געזעצען פון ווערט און מערווערט, די ראָל און די באדייטונג פון געלט, קאָנען גערעכענט ווערען צווישען די גרויסע וויסענשאפט־ליכע אנטדעקונגען פון דעם נייַנצענטען יאָרהונדערט.

עס איז אויך נאטירליך און פארשטענדליך, פארוואָס די סאָציאליסטען לעגען אזוי פיעל געוויכט אויף די עקאָנאָמישע לערען און באמיהען זיך אזוי שטארק אויפצוקלערען די ארביי־טער אין דיזע פונקטען.

די פּאָליטיש עקאָנאָמישע לערען פון מארקס'ען, ווען מען קאָן זיי איבערגעבען אין א פּאָפּולערע פאָרמע, אפעלירען צו די ארבייטער מער ווי די פילאָזאָפישע אבסטראקציעס פון מאטער־ריאליזם אין דער געשיכטע. זיי ווייזען דעם ארבייטער אויף וואָסער אופן ער ווערט בארויבט פון די פרוכט פון זיין ארבייט. עס דאכט איהם, ער האָט אין זיי געפונען די רפואה צו זיין מכה; א רפואה, וועלכע ער קאָן באלד, אויפ'ן שטעל, איינגעמען. וואָס ווייניגער דער ארבייטער פארשטעהט די לערע, אלץ מער געפעלט זי איהם, אלץ מער דאכט זיך איהם, אז אָט, אָט קומט די גאולה.

דאָס איז אָבער א גרויסער טעות.

מארקס' עקאָנאָמישע לערען שטעהען ניט פאר זיך אליין. דיזע לערען זענען א טייל פון זיין גאנצער „סיסטעמע“. נאָך מער: די לערע פון ווערט און מערווערט איז פונקט אזא פילאָ־זאָפישע אבסטראקציע ווי די מאטעריאליסטישע געשיכטס־אויפפאסונג. פראקטיש קאָן די לערע גאָר ניט אָנגעווענדט ווערען. נעמט צופאסען די טעאָריע פון ווערט און מערווערט צו איין גרופּע פון ארבייטער מיט א גרופּע קאפּיטאליסטען, און זי פארלירט איהר זין. די טעאָריע פון ווערט און מערווערט

איז א געזעלשאפטס לערע. זי האט מיט דעם יחיד גארניט צו טאן. ניט מיט דעם איינצעלנעם ארבייטער און ניט מיט דעם איינצעלנעם קאפיטאליסט. די מאטעריאליסטישע אויפפאסונג פון דער געשיכטע קאן מען נאר פארשטעהן ווען מען האלט אין זינען די גאנצע פארגאנגענהייט, אלע דורות. די ווערט און מערווערט׳ס טעאריע קאן מען נאר פארשטעהן, ווען מען האלט אין זינען די גאנצע געזעלשאפטליכע פראדוקציע. נאך מער, מען דארף האלטען אין זינען ניט גלאט די געזעלשאפטליכע פראדוקציע, נאר די געזלשאפטליך נויטווענדיגע פראדוקציע.

דער פונקט ווערט זעהר פיעל מיספארשטאנען. פון דעם קומט וואס זעהר פיעל מענשען, און ספעציעל אידען, וואס האבען זיך אנגעשמעקט מיט מארקס׳ עקאנאמישע לערען, ווערען אנ־טוישט און ערקלערען זיך ניט איינפארשטאנען מיט מארקס׳ען,

אזוי שנעל ווי זיי ארבייטען זיך ארויף און הויבען אן „צו מאכען א לעבען“.

עס איז דאדורך פאלש צו זאגען: ווער עס פארשטעהט די לערע פון ווערט און מערווערט, פארשטעהט קארל מארקס.

עס איז א סך ריכטיגער צו זאגען: ווער עס פארשטעהט די לערע פון ווערט און מערווערט, און פארשטעהט ניט די מא־טעריאליסטישע געשיכטסאויפפאסונג — דער פארשטעהט די לערע פון מארקס פאלש, מיט׳ן קאפ אראפ.

גרויס און געניאל ווי עס זענען די עקאנאמישע לערען, זע־נען זיי ניט דאס גרעסטע פארדינסט פון מארקס. דאס גרויסע פארדינסט באשטעהט אין דעם, וואס ער האט אנטדעקט די גע־זעצען לויט וועלכע דאס סאציאלע לעבען ווערט באשטימט. די עקאנאמישע לערען, די לערע פון ווערט און מערווערט, זענען די לאגיש און נויטווענדיגע אויספירונג פון יענע געזעצען.

מיט אביסעל אנשטרענגונג פון געדאנק קאן מען זיך פאר־שטעלען א צייט, ווען מארקס׳ לערע פון ווערט און מערווערט וועט ליגען אין דעם ארכיוו אלס מאנומענט פון א געניאלען דענקער. זיין פילאזאפישע לערע, די מאטעריאליסטישע גע־שיכטסאויפפאסונג, וועט קיינמאל ניט אונטערגעהן. וואסערע ענדערונגען דאס געזעלשאפטליכע לעבען זאל אין פארלויף פון

דער צייט ניט אננעמען, די מענשהייט וועט מער ניט פארגעסען דעם פילאזאפישען געראנקענגאנג פון קארל מארקס.

אין זיין בארימטער פאררעדע, וועלכע איז שוין אויבען דערמאנט געווארען, דערצעהלט מארקס, ווי אזוי ער איז געקומען דערצו זיך צו באשעפטיגען מיט פראגען פון פאליטישער עקאנאמי.

די ערשטע ארבייט, וואס איך האב אונטערגענומען צו לעזען די ספקות, וואס האבען מיך באשטורעמט, איז געווען א קריטישע רעוויזיע פון העגעל'ס רעכטס־פילאזאפי..... מיינע אונטערזוכונגען האבען מיך געפירט צו דעם שלוס, דאס רעכטס־פארהעלטניסע ווי שטאטס פארמען קאן מען ניט באגרייפען פון זיך זעלבסט, און אויך ניט פון די זאגענאנטע אנטוויקלונג פון דעם מענשליכען גייסט, נאר אז זייערעווארצלען שטעקען אין די מאטעריעלע שייכות פון לעבען. דעם סך הכל פון דיזע מאטעריעלע שייכות האט העגעל... צוזאמענגעפאסט אונטער דעם נאמען, די „בירגערליכע געזעלשאפט". די אנאטאמיע פון דיזער בירגערליכער געזעלשאפט מוז מען אבער זוכען אין דער פאליטישער עקאנאמיע.

דער גרויסער געדאנק פון מארקס'ען, לויט זיין אייגענע באשטעטיגונג, איז, אלזא דער געדאנק „אז רעכט'ס פארהעלטניסע און שטאטס פארמען... האבען זייערע ווארצלען אין די מאטעריעלע שייכות פון לעבען". צו דער פאליטישער עקאנאמי מוז מען זיך נעמען, ווען מען וויל אנאליזירען דיזע מאטעריעלע שייכות.

די פאליטישע עקאנאמי איז דער „טעארעטישער אויסדרוק" פון דיזע שייכות. ווען די מאטעריעלע שייכות ענדערען זיך, ווערט אויך פארענדערט איהר טעארעטישער אויסדרוק. די פאליטיש־עקאנאמישע לערען נעמען דאן אן אן אנדער געשטאלט.

ווען מען וויל פארשטעהן מארקס'ען, איז אלזא ניט גענוג צו פארשטעהן די לערען פון ווערט און מערווערט. פאר אלעם און איבער אלעם מוז מען פארשטעהן די מאטעריאליסטישע געשיכטסאויפפאסונג, די מאטעריאליסטישע פילאזאפי.

## סאָציאַליזם — א סאָציאַלע לערע

גרויסע אידעען ליידען אָפט אין זייער פּאָפּולאַריטעט צוליב דעם, וואָס זיי ווערען צו פּאָפּולער

אידעען אנטוויקלען זיך זעהר לאנגזאם. עס דויערט הונדערטער יאָרען, מאנכעסמאָל טויזענדער יאָרען, איידער א גרויסע אידעע שלאָגט זיך דורך א וועג און נעמט אָן א צורה, מיט וועלכער זי קאָן זיך ווייזען פאר דער וועלט.

ווען אזא אידעע קריגט ענדליך איר ריכטיגע פאָרמע, מוז זי ערשט דעמאָלט אָנהויבען קעמפען פאר איר אנערקענונג. א וועלט מיט שונאים באגעגענען איר אויף יעדען שריט און טריט. אלע אלטע און אָפּגעלעבטע אידעען, וועמעס פּלאץ זי וויל פארנעמען, לאָזען איר דעם קאָפּ ניט אויפהויבען.

די נייע אידעע, וואָס איז קרעפטיג, שטארק און פול מיט לעבען, לאָזט זיך ניט גובר זיין. זי קעמפט און שלאָגט רעכטס און לינקס, ביז זי פארניכטעט און באהערשט אירע שונאים.

אָבער ערשט דעמאָלט הויבען זיך אָן אירע צרות. זי נעמט ליידען פון אירע פריינד און אָנהענגער. זי ווערט דאן געוועהנליך פארגרייזט, פארדרעהט, שלעכט פארשטאנען, זעהר אָפט פאלש פארשטאנען.

די דארווינישע אנטוויקלונגס־לערע איז א גוטער ביישפּיל. מער פון צוויי טויזענד יאָר האָט געדויערט, איידער די אנטוויקלונגס־לערע האָט זיך אנטוויקעלט. געבוירען אין גריכענלאנד פאר איבער צוויי טויזענד יאָר, האָט זי געוואנדערט פון לאנד צו לאנד, איבערגעגאנגען פון מענש צו מענש, אָפּגעהאקט די שוועלען ביי פיעל פילאָזאָפען, ביז זי האָט זיך דערשלאָגען צו דעם גרויסען ענגלענדער טשארלס דארווין, וועלכער האָט איר געגעבען איר ריכטיגע פאָרמע, און אויפ׳ס ניי ארויסגעלאָזען אויף דער וועלט, אויסגעקליידט, אויסגעפוצט און באצירט, ווי א שעהנע יונגע כלה.

אָבער איר וועג איז ניט געווען אויסגעבעט מיט דיוואנען.

א שווערען קאַמף האָט זי געהאַט אויסצושטעהן מיט די אַלטע פאַרשימעלטע אידעען, וואָס האָבען דערפיהלט אז זייער שעה האָט געשלאָגען. צום סוף האָט זי גובר געווען. איר פּראַכט, שעהנקייט און יוגענד קראַפט האָט געזיעגט. זי האָט געקראָגען אנערקענונג, מען קאָן זאָגען, פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענשהייט.

אָבער איצט ערשט הויבט זי אָן צו ליידען. זי איז צו פּאָפּולער. אַלע רעדען פון איר. יעדער איז מיט איר „פּער דו", אָבער גאַנץ ווייניגע פאַרשטעהען איר אמת'ן כאַראַקטער.

ווער ווייסט ניט היינט, אז די וועלט אנטוויקעלט זיך? ווער איז ניט באַקאַנט מיט די געפליגעלטע ווערטער: „דער קאַמף אומס דאַזיין"; „דער מענש שטאַמט פון א מאַלפּע"; „די אַנפּאַסונגס טעאָריע"; „די שטאַרקסטע לעבען איבער" א. ז. וו.? און ווי ווייניגע פאַרשטעהען איר ריכטיג? וויפיל פאַרשטעהען איר פאַלש?

דער דייטשער פילאָזאָף העגעל האָט אַמאָל געזאָגט: פון אַלע מיינע תלמידים האָט מיך נאָר איינער פאַרשטאַנען, און דער איינער האָט מיך פאַלש פאַרשטאַנען.

דאָס פּאַסט ניט אין גאַנצען אויף דעם דאַרוויניזים. מען קאָן דאָס אָבער דרייסט זאָגען, ווען מען רעדט פון די גרויסע מאַסען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאַרוויניזם.

דאָסזעלבע קאָן מען זאָגען וועגען דעם סאָציאַליזם.

אויך דער סאָציאַליזם הויבט אָן זיין סדר היחוס פון די גריכען; אויך דער סאָציאַליזם האָט פיעל יאָהרהונדערטער ארומגעוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד, פון פילאָזאָף צו פילאָזאָף, ביז ער האָט זיך דערשלאָגען צו דעם אידישען גאון קאַרל מאַרקס, פון וועמעס הענט ער האָט געקראָגען זיין „תיקון".

נאָך דעם דאַרוויניזם, איז דער סאָציאַליזם די גרעסטע אידעע פון דער מאָדערנער צייט. נאָך דעם דאַרוויניזם, האָט דער סאָציאַליזם די גרעסטע צאָל אָנהענגער און נאָכפאָלגער.

ווען דער סאָציאַליזם האָט נאָך ביז היינט ניט געקראָגען דיזעלבע אַלגעמיינע אנערקענונג וואָס דער דאַרוויניזם, איז דאָס צוליב א ספּעציעלער אורזאַכע:

די דאַרווינישע לערע האָט אָנגערירט די יסודות פון דער

רעליגיאָן. אנשטאַט דעם אַלגעמיינעם גלויבען אין דער וועלט־באשאפונג (בריאת העולם) און „השגחה פרטית" האָט זי אויפגעשטעלט דעם כלל פון אנטוויקלונג.

די סאָציאַליסטישע לערע רירט אָן די יסודות פון פריוואַט אייגענטום. אַנשטאַט אַ געזעלשאַפט וואָס איז באגרינדעט אויף פּריוואַט אייגענטום, וויל זי האָבען אַ געזעלשאַפט וואָס איז געבויט אויף געזעלשאַפטליכעס אייגענטום.

ווי שטאַרק דאָס רעליגיעזע געפיהל זאָל ניט זיין איינגעוואָרצעלט אין דער מענשהייט, זענען די אינטערעסען, וואָס שפּרינגען ארויס פון פּריוואַט אייגענטום, ווי עס שיינט, פיעל שטאַרקער. עס איז אַ סך לייכטער פאַר דער מענשהייט צו ענדערען איר מיינונג אָדער זיך צוצופּאַסען צו אַ מיינונג און זאכען, וואָס זענען נוגע דאָס הייליגסטע און דאָס טייערסטע, איידער צו ענדערען אירע פּאַרמעגענס פאַרהעלטניסע. דער קאַמף נעגען דעם סאָציאַליזם איז דערפאַר אויך קרעפטינער און לעבעדיגער.

ווען דער סאָציאַליזם האָט נאָך ביז איצט ניט באוויזען צו קריגען די אַלגעמיינע אנערקענונג, וואָס דער דאַרוויניזם האָט נעקראָגען, גלייכט ער זיך אָבער אויס אין דעם, וואָס ער ליידט פון צופיעל פּאָפּולאַריטעט, — פונקט ווי דער דאַרוויניזם.

ווער ווייסט ניט היינטיגע צייטען פון דער „מאַטעריאַליסטישער וועלט אנשויאונג"? ווער האָט ניט געהערט די געפליגעלטע ווערטער: „מעהרווערטס טעאָריע", „קלאַססענקאַמף", „פּאָליטישער קאַמף" אָדער „אינטערנאַציאָנאַליזם"? און ווי ווייניג פאַרשטעהן די ריכטיגע באדייטונג פון דעם אַלעם, און וויפיעל פאַרשטעהען דאָס שלעכט, פאַרקעהרט און פאַלש.

עס איז כמעט ניטאָ איין מענש אין דער ציוויליזירטער וועלט, וואָס רעדט ניט היינט פון סאָציאַליזם, דערפאַר אָדער דאגעגען. מען לויבט אים און מען זידעלט אים. אייניגע מאַכען פון סאָציאַליזם אַ רעליגיאָן, אנדערע — אַ ביזנעס; אייניגע שטאָלצירען און פּאַראַדירען מיט דעם סאָציאַליזם, אנדערע שעמען זיך און זאָגען זיך אָפּ פון אים.

צו דערזעלבער צייט הערט מען אָפט מיינונגען און ער־

קלערונגען, אָדער גאָר קריטיקען, איבער סאָציאַליזם, און דאָס אָפט פון געבילדעטע מענשען, צייטונגס רעדאַקטערע, זאָגאר פראָפעסאָרען פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, פון וועלכע (קרי־טיקען) מען ווייס ניט צי מען דארף רויט ווערען פון שאַנדע, אָדער לאַכען פון פאַרדרוס.

דאָס ערגסטע איז, וואָס צווישען די סאָציאַליסטען אליין, די נאָכפאָלגער און פארשפּרייטער פון דער לערע, הערט מען זעהר אָפט דיזעלבע אומוויסענהייט, ווי צווישען ניט־סאָציאַליס־טען. מען הערט מאַנכעסמאָל ערקלערונגען פון סאָציאַליסטישע אגיטאַטאָרס, אז עס ווילט זיך אויסרופען: „גאָט באַהיט דעם סאָציאַליזם פון זיינע פריינד!" מיט די שונאים, אויב זיי זענען נאָר עהרליך, און אפילו ווען זיי זענען ניט עהרליך, וועט דער סאָציאַליזם זיך שוין ווי עס איז אַן עצה געבען. ער איז הילפלאָז געגען די פריינד און אָנהענגער, וואָס צעקאַליעטשען אים אויס ליבע.

ערגער פון אַלץ שטעהט עס אין אונזער אייגען וועלטעל.

ווען אין דער גרויסער, ברייטער וועלט, הערשט נאָך א גרויסע אומוויסענהייט בנוגע צום סאָציאַליזם, איז אָבער, פון דער צווייטער זייט, אויך פאראַן א גרויסע געלערזאַמקייט. עס זענען געווען, און עס זענען דאָ פיעל געלערטע, געגנער פון סאָציאַליזם, שוין ניט צו רעדען פון די אָנהענגער וואָס האָבען דעם סאָציאַליזם גרינדליך שטודירט, פארשטאַנען און ערקלערט. דיזער שטודיום, אמת, איז זעהר אָפט געמאַכט גע־וואָרען מיט דעם צוועק צו קאָנען אים בעסער באַקעמפען, ווי עס האָבען געטאָן די דייטשע געלערטע שעפלע, בעהם־באַווערק, סאָמבארט, שמאָלער און פיעל אַנדערע אין דייטשלאַנד; אָדער ווי עס האָט געטאָן דער באריהמטער פּראָפעסאָר מאַזאריק, דער אמעריקאַנער איד זעליגמאַן, אָדער גאָר הערבערט ספּענ־סער. דערווייל אָבער האָבען מאַנכע פון דיזע געלערטע, ווי שעפלע אין זיין „קווינט עסענס פון סאָציאַליזם" אָדער זעליגמאַן אין זיין „עקאָנאָמישע אינטערפּרעטאַציע" געגעבען אויסגעצייכענטע אבהאַנדלונגען איבער פארשידענע זייטען פון דער סאָציאַליסטישער לערע.

אין דער גרויסער, ברייטער וועלט זענען א חוץ דעם

פאַראַן אוניווערזיטעטען, וואו דער יונגער דור האָט א געגעלע־גענהייט, אויב ער האָט נאָר דעם חשק, צו שעפּען דעם סאָ־ציאַליזם פון די אורשפּרינגליכע קוועלען, מיט דער הילף פון קאָמפּעטענטע לערערם און מפרשים. דאָס, וואָס דער עלטערער דור פאַרגעסט, אָדער פאַרוואַרפט, קאָן דער יונגער דור ווידער לערנען און אויפנעמען.

ביי אונז פעלט דאָס אַלץ.

פון וואַנען זאָל אונזער יונגער דור זיך לערנען סאָציאַ־ליזם? פון אונזערע אוניווערזיטעטען? פון אונזערע ביכער? וואו זענען זיי?

זאָל עס זיך לערנען פון דעם אַלטען דור? דאָ איז די צרה. דער אַלטער דור האָט פאַרגעסען וואָס ער האָט אמאָל געקאָנט, און דאָס ביסעל וואָס איז פאַרבליבען, האָט ער פאַרוואָרפען. און דעם אמת צו זאָגען, אָרימקייט איז א וועה־טאָג אָבער ניט קיין שאַנד, דער אַלטער דור אַליין האָט ניט פיעל געקאָנט.

אמאָל, פאַר פינף און צוואַנציג יאָר, האָט מען נאָך ביי אונז געזוכט צו לערנען דעם סאָציאַליזם, מען האָט גערעדט, געשריבען, געפּרעדיגט, מיט איין וואָרט: מען האָט זיך באַ־שעפטיגט מיט דער טעאָריע פון סאָציאַליזם.

היינט איז דאָס אַנדערש. מיר זענען אַלע געוואָרען פּראַקטישע מענשען. פון טעאָריע לאַכט מען זיך אויס. מיר זענען היינט באשעפטיגט מיט די אויסגאַבען פון צייטונגען פאַר „פּראַקטישען" סאָציאַליזם; מיט קריגען א סך שטימען, מיט שפּילען הויכע פּאָליטיק, אז פאַר טעאָריע איז מער קיין צייט ניטאָ.

מיר זענען אפילו דאַן געווען „פּראַקטישע" מענשען. פאַר טעאָריע האָבען מיר קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט. חוץ דעם זענען די צושטענדע געווען אזעלכע, אז מיר האָבען בעסער ניט געקאָנט טאָן. ווער האָט עס געהאַט צייט צו שטודירען דעם סאָציאַליזם, אז מען האָט באַדאַרפט מאַכען די סאָציאַלע רעוואָלוציע?

מיר האָבען דאַדורך דעם סאָציאַליזם קיינמאָל ניט שטו־דירט ווי א פילאָזאָפיע, ווי א וויסענשאַפט. מיר האָבען גע־

פּרעדיגט סאָציאַליזם כדי באַלד, אויפ׳ן אָרט, צו געווינען — סטרייקס.

ביי אונז איז דער סאָציאַליזם ניט געווען א טעאָריע, וואָס זוכט איבערצובויען און אוועקצושטעלען דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען אויף א נייעם פונדאַמענט. ביי אונז איז די לערע אויסגענוצט געוואָרען צוליב מאָמענטאַנע צוועקען.

פון דעם קומט, וואָס מיר האָבען געהאַט פיעל סאָציאַליסטען און ווייניג פּארשטענדניס; וואָס אַלע האָבען ווידערהאָלט די ווערטער „קלאַסענקאַמף“, „מערווערט“ א. ז. וו. און נאָר גע־צעהלטע האָבען פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די ווערטער. פון דעם קומט, וואָס דאָס וואָרט „וויסענשאַפטליכער סאָציא־ליזם“ איז געוואָרען א שימף וואָרט. פון דעם קומט וואָס ביי אונז געפינען זיך „קריטיקער“ און חוזק מאַכער פון מאַרקס, וואָס האָבען קיינמאָל זיינס א ווערק אין האַנט ניט געהאַלטען. פון דעם קומט, וואָס ביי אונז האָט אן „אַנאַרכיסטישער“ רע־דאַקטאָר זיך פאַרגונען צו שרייבען: „דער מאַרקסיזם ליגט שוין לאַנג אויף דעם מיסט“. ועל כולם, פון דעם קומט, וואָס מיר האָבען אַזויפיל „געוועזענע“.

אויב דער סאָציאַליזם איז ניט מער ווי א טעאָריע פון געווינען סטרייקס שוין היינט, פון קריגען מער ברויט, דאַן מוזען יענע מענשען, אזוי שנעל ווי זיי קריגען ברויט, און דאַרפען ניט מער סטרייקען, ביי זיך באַשליסען: צו וואָס דאַרף איך סאָציאַליזם? איך האָב געוואָלדעוועט ווי לאַנג איך בין געווען הונגעריג. היינט איז יענער הונגעריג, זאָל ער שרייען.

מיר האָבען דאַדורך היינט צו טאָג א גרויסע צאָל „אַלל־רייטניקעס“, געוועזענע סאָציאַליסטען, וואָס זענען די ערגסטע עקספּלואַטאַטאָרס, ערגער פון געבוירענע קאַפּיטאַליס־טען. פּערזענליך זענען זיי אפשר גאָר ניט קיין שלעכטע מענ־שען, אָבער זיי גלויבען צו האַנדלען לויט זייער „סאָציאַליסטי־שע“ טעאָריע.

דער אמת׳ער סאָציאַליזם וויל אָבער פון די אַלע זאַכען גאָר ניט וויסען. דער סאָציאַליזם, ווי יעדע וויסענשאַפט, איז זעהר פּראַקטיש, ער האָט אָבער מיט דער „פּראַקטישקייט“ פון

דעם טאָג גאָר ניט צו טאָן. די וויסענשאַפט מוז זיין פּראַקטיש, די וויסענשאַפטלער טאָרען דאָס ניט זיין. אויב די וויסענשאַפטלער ווערען פּראַקטיש, ווערט זייער וויסענשאַפט אומפּראַקטיש. זי ווערט אוים וויסענשאַפט. דער סאָציאַליזם באַשעפטיגט זיך מיט סטרייקס און פּאָליטישע באַוועגונגען. אָבער סטרייקס און פּאָליטישע באַוועגונגען זענען ניט די לערע פון סאָציאַליזם.

לויט דעם סאָציאַליזם קאָנען זיין אזעלכע סטרייקס וואָס זענען דער היפּוך פון קלאסענקאמף. דאָס זעלבע איז מיט דעם פּאָליטישען קאמף. ווען סעמיועל גאָמפּערס האָט צו זיבעצען יאָר, ווי ער האָט ניט לאַנג צוריק דערצעהלט, געפירט א סטרייק געגען פרויען ארבייטער, איז דאָס געווען דער היפּוך פון קלאסענקאמף, און ווען דער זעלבער גאָמפּערס, צו זיבעציג יאָר, פירט אן א פּאָליטישע באַוועגונג געגען אימיגראַציע פון ארבייטער, איז דאָס ניט קיין פּאָליטישער קאמף. עס איז דער היפּוך פון דעם.

ניט יעדער סטרייק איז כשר נאָר צוליב דעם, ווייל עס איז א סטרייק, אזוי איז דאָס פארדאמען פון דעם אָדער יענעם קאפּיטאליסט ניט סאָציאַליזם.ביידע זאכען זענען אָפט דאָס פּארקערטע.

קארל מארקס זאָגט דאָס אויסדריקליך.

אין זיין פּאָררעדע צו דער ערשטער אויסגאבע פון דעם ערשטען באנד פון „קאפּיטאל“, שרייבט מארקס:

כדי צו פארמיידען מעגליכע מיספארשטענדניסע, איין וואָרט: די געשטאַלטען פון דעם קאפּיטאליסט און פון דעם גרונדבאזיצער, האָב איך בשום אופן ניט געמאָלען מיט ראָזעווע פארבען. אָבער דאָ האנדעלט זיך וועגען איינצעלנע פּערזאָנען נאָר אויף אזויפיל, אויף וויפיעל זיי שטעלען מיט זיך פאָר (פּערזאָנאָפיצירען) עקאָנאָמישע קאַטעגאָריעס; אויף וויפיעל די פּערזאָנען זיינען דער אויסדרוק (אויף וויפיל זיי זיינען די טרעגער) פון באַשטימטע קלאסענפארהעלטניסע און אינטערעסען. מיין שטאַנדפּונקט, וועלכער האַלט די אנטוויקלונג פון עקאָנאָמישע געזעלשאַפטס פאָרמאַציעס פאר א נאַטורגעשיכטליכען פּראָצעס, קאָן ווייניגער ווי יעדער אנדערער, מאַכען דעם איינצעלנעם פאראַנטווארטליך פאר פארהעלטניסע, וועמעס סאָציאַלע שאַפּונג ער מוז בלייבען, וויפיעל ער זאל זיך ניט וועלען אויפהויבען איבער זיי.

די עקאָנאָמישע פאָרמעס, וואָס די געזעלשאַפט נעמט אָן זענען דער רעזולטאַט פון א נאַטירליכער און היסטאָרישער אַנט־וויקלונג (נאַטורגעשיכטליכער פּראָצעס). שקלאַפעריי, למשל, איז אַן עקאָנאָמישע געזעלשאַפטס־פאָרמע. קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע איז אַנאַנדער עקאָנאָמישע געזעלשאַפטס פאָרמע. דער איינצעלנער מענש, דער יחיד, קאָן זיך פון דעם פּראָצעס ניט אַרויסרייסען. ער מעג עס נאָך אַזוי שטאַרק וועלען. ער איז געבונדען צו די פאַרהעלטניסע. מען קאָן דאַדורך דעם איינצעלנעם ניט האַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר צושטענדע, וועלכע ער האָט ניט באַשאַפען, נאָר וועלכע האָבען אים באַ־שאַפען.

דאָס איז דער וויכטיגסטער פּונקט פון סאָציאַליזם.

דער סאָציאַליזם איז א געזעלשאַפטס לערע. דאָס איז אויך דער פּונקט, וואָס טיילט אָפּ דעם אַנאַרכיזם פון סאָציאַ־ליזם. דער אַנאַרכיזם איז א לערע פון דעם „איינצעלנעם און זיין אייגענטום“, ווערענד דער סאָציאַליזם איז די לערע פון דער „געזעלשאַפט און איר אייגענטום“. עס איז א לערע פון סאָציאַלע אַנטוויקלונג, א לערע לויט וועלכער דער איינצעלנער שפּילט די ראָלע פון א קליין שרייפעל אין א גרויסער מאַשין. דאָס „שרייפעל“ האָט איר באַדייטונג און איר ווערט, אָבער עס האָט א ווערט נאָר אַזוי לאַנג ווי לאַנג עס איז א טייל פון דער „מאַשין“, און ווי לאַנג עס דרעהט זיך צוזאַמען מיט דער מאַשין.

און אָט די לערע, אַלס לערע, האָט גאָרניט צו טאָן מיט דעם היינטיגען טאָג, און האָט נאָר צו טאָן מיט דעם מאָרגען. זי איז א ברייטע וועלט אַנשויאונג, וואָס זוכט צו ערקלערען אַלע לעבענס פּראָבלעמען. איך זאָג, די לערע אַלס א לערע, האָט ניט צו טאָן מיט דעם היינטיגען טאָג, ווייל איך וויל אָפּ־טיילען די טעאָריע פון דער פּראַקטיקע. נאַטירליך, האָט די סאָציאַליסטישע לערע באַשאַפען א גרויסע, באַוואוסטזיניגע באַוועגונג, וואָס זוכט דורך פּאָליטישע טעטיגקייט און דורך עקאָנאָמישע קעמפּפע שוין היינט צו ענדערען פיעל, אָבער דיזע טעטיגקייט און באַוועגונג האָט אויך געקאָנט קומען, און האָט

עקזיסטירט און עקזיסטירט היינט, אָהן דער סאָציאַליסטישער טעאָריע.

די ארבייטער באוועגונג אין די מייסטע לענדער, שטעהט ווייט פון דעם סאָציאַליזם. אין ענגלאנד האָט די ארבייטער באוועגונג עקזיסטירט און זיך אנטוויקעלט פאר דעם סאָציאַליזם; אין אמעריקא שטעהט די באוועגונג נאָך היינט פיינדליך געגענאיבער דעם סאָציאַליזם. דער פּאָליטישער קאמף פון דער ארבייטער קלאס איז אויך ניט אלע מאָל געוועזן א רעזולטאַט פון סאָציאַליזם. דער געדאנק פון זעלבסטשטענדיגער פּאָליטיק פון דעם ארבייטער קלאס האָט געפּרעדיגט נאָך פאר דעם סאָציאַליזם. אפילו דאָ אין אמעריקא איז שוין געוועזן אזא באַוועגונג, נאָך איידער קארל מארקס איז געבוירען געוואָרען. אָהן דער סאָציאַליסטישער לערע פעהלט די באוועגונגען דער באוואוסטזיניגער ציעל; אָהן דיזער לערע, פעהלט זיי די נשמה, דער גרויסער אידעאל; אָהן דעם סאָציאַליזם זענען זיי טרוקענע, אלטעגליכע, ניט אינטערעסאנטע, מאנכעס מאָל ברוטאלע באַוועגונגען, אָבער זיי זענען געוועזן, און זיי זענען דאָ, דער סאָציאַליזם האָט זיי ניט באשאפען.

וויכטיג ווי די פּראקטישע זייט איז, איז דאָס אָבער ניט דער עיקר פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע. דער עיקר פון דעם סאָציאַליזם איז, וואָס ער איז א געזעלשאפטס לערע, א לערע פון געזעלשאפטליכע עוואָלוציע, א לערע וואָס ערקלערט אייגענטליך דעם אורשפּרונג, דעם זין און דעם צוועק פון די אלע באוועגונגען.

אָט דער הויפּט פּונקט פון דעם סאָציאַליזם איז אין גאנצען פארנאכלעסיגט געוואָרען, ספּעציעל ביי אונז. ביי אונז האָט מען נאָר געלערנט איינצעלנע טיילען. מען האָט מייסטענס ערקלערט דעם עקאָנאָמישען טייל פון דער לערע. און דאָס אויך נאָר האלב; מען האָט ערקלערט די מערווערטס טעאָריע, לויט וועלכער עס קומט אויס, אז דער ארבייטער באַשאפט אלע רייכטימער און קאָן אליין דערפון ניט געניסען.

פאר פּראקטישע צוועקען איז דאָס אפשר געוועזן גוט, הגם ניט אלע מאָל איז עס געוועזן פּראקטיש. פאר דער ריכטיגער פארשטענדניש פון סאָציאַליזם איז דאָס געוועזן א גרויסע

שאָדען. און עס האָט זעהר פיעל געשעדיגט דערזעלבער באַוועגונג וועלכע האָט דאָס געוואָלט באַשאַפען און העלפען.

וויל מען באַגרייפען דעם סאָציאַליזם, מוז מען איהם שטודירען אין זיין גאַנצקייט, מיט זיין „גוף" און מיט דער „נשמה".

דער סאָציאַליזם איז אַזאַ לערע. דאָס איז אַ גאַנצע וועלט פאַר זיך. וויל מען זיך באַקאַנען מיט דער וועלט, מוז מען אַריינדרינגען טיף אין איהר אינערען. דער „גוף" פון דער לערע איז צוזאַמענגעשטעלט פון פילאָזאָפיע, היסטאָרישע און עקאָנאָמישע וויסענשאַפטען, איהר „נשמה", דאָס איז דער גרויסער אידעאַל וואָס שפּראָצט אַרויס, און וואָס איז דער זאַפט פון דער לערע. דאָס איז דער אידעאַל, וואָס זוכט די מאַטעריעלע און גייסטיגע גליקזעליגקייט פאַר דער גאַנצער מענשהייט, וואָס זוכט צו מאַכען אַ סוף צו אַלע געזעלשאַפטליכע פּלאָגען.

אַנשטאַט צו באַשאַפען אַן אידעאַל פון אַ צוקונפטיגער געזעלשאַפט, און דעם אידעאַל דאַן באַקרעפטיגען מיט דער סאָציאַליסטישער לערע, מוז מען טאָן פאַרקערט. מען מוז פריהער שטודירען די לערע פון סאָציאַליזם, דער אידעאַל ערשיינט דאַן פון זיך אַליין אין זיין גאַנצער פּראַכט און גלאַנץ.

וואָרים די לערע פון סאָציאַליזם איז, אין אמת'ן געזאָגט, אַ שטודיום פון קאַפּיטאַליזם און די היסטאָרישע אורזאַכען וואָס האָבען געפירט דערצו.

## קען מען איבערמאַכען אַ וועלט?*)

„סאָציאַליזם איז אַ טעאָריע, וואָס צילט זיך איבערצו־בויען די געזעלשאַפט, צו פאַרגרעסערען איהר רייכטום, איינ־צואָרדנען אַ מעהר גלייכע פאַרטיילונג פון די אַרבייטס־פּראָ־דוקטען דורך דעם, וואָס ער וויל איינפירען געמיינשאַפטלי־כעם אייגענטום פון קאַפּיטאַל און לאַנד“.

אזוי פאַרטייטשט דער „סטענדארד דיקשיאָנערי“ דאָס וואָרט סאציאליזם.

די טייטש דעקט ניט די גאַנצע פראגע. סאָציאַליזם איז מער ווי דאָס, פיעל מער. אויסער די אַלע זאַכען וויל נאָך דער סאציאליזם — און דאָס זאָגט דער דיקשיאָנערי ניט — אויסבעסערען די מאראַל פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, שאַפען גערעכטיגקייט, איינפירען ליבע, אמת׳ע ליבע, ליעבע, וואָס איז ניט געבויט אויף געלט אינטערעסען; בריינ־גען די וויסענשאַפט און די קונסט צום גרויסען עולם, אָבשאַ־פען פאַרברעכען און פאַרברעכער, און נאָך טויזענט ענליכע זאַכען.

אָבער דאָס אַלעס צוזאַמענגענומען, איז דער סוף פון דער סאציאַליסטישער טעאָריע, ניט דער אנהויב. דער אנהויב, איז, און דאָס איז דאָס וויכטיגסטע, וואָס דער סאציאַליזם איז אַ טעאָריע פון געזעלשאַפטליכע עוואָלוציע.

פאר דעם צוועק פון דעם ארטיקעל איז דער טייטש פון דעם דיקשיאָנערי פון דעסטוועגען גענוגענד.

דער סאציאַליזם וויל איבערבויען די געזעלשאַפט. ער וויל איבערמאַכען די וועלט.

צו וואס דארף מען איבערמאַכען די וועלט? נאָך וואס איבערבויען די געזעלשאַפט? פאַרוואָס טויג ניט די געזעל־שאַפט ווי זי איז?

---

*) „פאָרווערטס“, פעברואר, 1917.

צו ענטפערען שוין דאָ, באַלד אין אנהויב, אויף דער פראגע, וועט זיין כאפען די פיש פאר דער נעז. די פראגע איז דאָ געשטעלט ניט גלייך איר צו פארענטפערען, נאָר כדי ארויסצוברייגנגען דעם פונקט, אז דאָס איז אין אמת'ן דאָס ערשטע געפיהל, וואָס באהערשט יעדען איינעם, וועלכער ווערט א סאָציאליסט. איידער א מענש ווייס צי מען קאָן די וועלט איבערמאכען, ווייס ער שוין, און פיהלט, אז מען דארף זי איבערמאכען.

די וועלט איז שלעכט איינגעאָרדענט. צופיעל פאלשקייט, צופיעל אָרימקייט, צופיעל אומגערעכטיגקייט הערשט אויף דער וועלט. דאָס איז דאָס ערשטע געפיהל, וואָס באהערשט יעדען מענשען, נאָך איידער ער ווערט א סאָציאליסט. די אלטע פראגען: צדיק ורע לו, רשע וטוב לו? (פאר וואָס געהט דעם צדיק שלעכט און דעם רשע גוט?)

דער וואָס ליידט אליין פון דער פאלשקייט, אָרימקייט און אומגערעכטיגקייט, קאָן דאָס נאטירליך גיכער פיהלען, אָבער עס איז גאָר ניט נויטווענדיג אליין צו ליידען. פיעל, גאָר פיעל מענשען, האָבען דאָס געפיהל זעהענדיג ווי אנדערע ליידען. עס זענען דאָ אייגענטליך ווייניג מענשען, וואָס זענען פאלשטענדיג צופרידען מיט דער וועלט ווי זי איז. די מייסטע מענשען פיהלען, אז מען דארף זי איבערמאכען. אלע רעלי־גיעזע רעפאָרמער, אין אלע צייטען, האָבען דאָס פארלאנגט.

דער געדאנק, אז די וועלט איז שלעכט, אז מען דארף זי איבערמאכען און אויסבעסערען איז ניט ניי.

ווי אזוי די וועלט זאָל ווערען אויסגעבעסערט, דאָס שטעהט שוין אין אנאנדער פסוק. אין דעם אונטערשיידען זיך די היינטיגע סאָציאליסטען פון אלע אנדערע מענשען. זיי אונ־טערשיידען זיך אויך פון די פריהעריגע סאָציאליסטען, ווארים עס איז אויך ניט ניי דער געדאנק, אז די געזעלשאפט דארף ווערען איבערגעמאכט אויף א קאָמוניסטישען אופן.

מיט אומגעפער צוויי טויזענט, דריי הונדערט יאָהר צוריק האָט דער גריכישער פילאָזאָף פלאטאָן אין זיין „רעפובליק" אויסגעאַרבייט א פלאַן פון א קאָמוניסטישער געזעלשאפט.

פלאטאן איז ניט געווען דער ערשטער, וואס האט געהאט אזעל־
כע אידעען. ער איז געווים ניט געווען דער לעצטער.

אין דעם 19־טען יאהרהונדערט האבען זיך געפונען מענ־
שען, מענשען מיט גרויסע קעפ און גרויסע הערצער, וואס
האבען א חוץ שרייבען ביכער וועגען א קאמוניסטישער געזעל־
שאפט, געזוכט דיזע געזעלשאפט פראקטיש איינצוארדנען. זיי
האבען זיך אונטערגענומען איבערצומאכען די וועלט.

פיעל צווישען דיזע מענשען זענען געווען זעהר באגאבט,
מאנכע צווישען זיי געניאל, און זיי האבען געארבייט פאר זייער
אידעאל מיט גרוים באגייסטערונג און איבערגעבענהייט, מיט
גרויסען טאלאנט און געשיקטקייט. זיי האבען געגלויבט, אז די
וועלט קאן ווערען איבערגעמאכט.

די גאנצע ארבייט און איבערגעבענהייט האט אבער גאר
ניט געהאלפען. אלע פלענער האבען זיך אויסגעלאזען מיט גאר
ניט. די גרויסע און ערהאבענע אידעאלען; די פיינע און
שעהנע סענטימענטען, געשטיצט און פראפאגאנדירט פון גרוי־
סע, געניאלע טאלאנטען מיט א גוואלדיגער בארעדזאמקייט,
האבען גאר ניט געקאנט אויפטאן. די מענשהייט האט זיך ניט
גערירט פון ארט. איר וועט די וועלט ניט איבערמאכען, איז
געווען דער שוויינענדיגער ענטפער.

נאך זיי זענען געקומען מארקס און ענגעלס און האבען
איבערגעדרעהט די יוצרות. די הויכע אידעאלען וועלען ניט
און קאנען ניט איבערמאכען די וועלט; עס קאן טרעפען פאר־
קערט. די איבערגעמאכטע וועלט וועט באנוצען און באפעסטי־
גען די הויכע און ערהאבענע אידעאלען, האבען זיי געלערענט.

דער זאץ איז דער תמצית פון דער נייער לערע פון
מארקס און ענגעלס. און מערקווירדיג! גראד דאן האבען די
מענשליכע הערצער זיך געעפענט פאר די גרויסע אידעאלען.

ערשט נאכדעם ווי מארקס און ענגעלס האבען אט די הויכע
אידעאלען ארויפגעשטעלט אויף א וויסענשאפטליכען פונדא־
מענט; ווען די אידעאלען, ווי מאנכע מיינען פאלש, זענען אב־
געדרוקט געווארען אן א זייט, ערשט דאמאלסט האט אנגעהויבען
צו שלאגען א כוואליע פון באגייסטערונג פאר א נייער און
פרייער וועלט. דער סאציאליזם האט זיך גענומען פארשפרייטען

מיט א שנעלקייט, וועלכע קיין אנדער אידעע האט ניט אויפ־צואווייזען. מען האט זיך גענומען מיט אן ערנסט איבערצו־מאכען די וועלט. הפנים, די אידעאלען, סענטימענטען און בא־גייסטערונג האבען א האפט נאר דאן, ווען זיי ווערען געשטיצט פון דער מענשליכער לאגיק, וואס איז געבויט אויף דעם ווירק־ליכען לעבען. אהן דיזער שטיצע, האבען די אידעאלען, מעגען זיי נאך אזוי שעהן קלינגען, קיין האפט און קיין מאכט.

צוזאמען מיט דער נייער באוועגונג פאר סאציאליזם האט זיך אויך אנגעהויבען די געגנערשאפט. ווי לאנג דער סאציא־ליזם איז געווען א שעהנער חלום, איז קיינער ניט געווען דער־פאר, און קיינער האט ניט געקעמפט דאגעגען מיט ביטערקייט. זייט מארקס און ענגעלס האבען אויך די געגנער דערקענט דעם סאציאליזם. זיי האבען דערפיהלט א מאכט, וואס מוז דער־שטיקט ווערען.

איז דער היינטיגער סאציאליזם א גאנץ נייע זאך, זענען אבער די טענות, אויף וויפיעל די געגנער באגניגענען זיך מיט טענות, געבליבען די אלטע.

„מען קאן קיין וועלט ניט איבערמאכען“; „סאציאליזם איז געגען דער מענשליכער נאטור; „ס זיינען אלע מאל געווען רייך און ארעם, און עס וועט אייביג בלייבען“. דאס זענען נאך ביז היינטיגען טאג די הויפט ארגומענטען געגען סאציאליזם.

דער ערשטער פונקט, און דער הויפט פונקט, מיט וואס דער נייער סאציאליזם באשעפטיגט זיך, איז דערפאר דער ענטפער אויף די פראגען: צי קאן מען איבערמאכען די וועלט, און צי קאן מען ענדערען די מענשליכע נאטור.

מארקס און ענגעלס האבען די פראגען פארענטפערט. דער ענטפער איז דאס, וואס אונטערשיידט דעם היינטיגען סאציאליזם פון אלע פריהעריגע; וואס מאכט דעם סאציאליזם פאר א פילאזאפיע און א וויסענשאפט.

וואס ענטפערען מארקס און ענגעלס אויף די פראגען?

דער ענטפער אין קורצען לויטעט:

די מענשליכע נאטור דארף מען ניט איבערמאכען; די וועלט קען מען ניט איבערמאכען.

אלע וואס נעמען זיך אונטער איבערצומאכען די וועלט, לויט זייער ספּעציעלען מוסטער, מוזען האָבען א דורכפאל.

די, וואס פארשטעהען דעם סאציאליזם פאלש, אָדער פארקעהרט, און אזעלכע זענען דא זעהר פיעל, וועלען זיך דא אָפּשטעלען מיט קשיות. עס וועט אויסקומען קאמיש, אז דער באגרינדער פון סאציאליזם, זאָל האלטען, אז מען קען ניט איבערמאכען די וועלט. אויב מען קאן ניט איבערמאכען די וועלט, ווי אזוי קאן מען האָפען אויף סאציאליזם?

די קשיות וועלען ווערען לייכט פארענטפערט מיט עטליכע אנדערע קשיות.

קאָן מען פאָרען אין א וואָגען אָהן פערד זעכציג מייל א שטונדע? קאן מען אריבערשפרייזען דעם ים הגדול אין פינף טעג, מיטנעמענדיג מיט זיך טויזענרער טאָן משא און ניט דערטרונקען ווערען? איז מעגליך פאר א מענשען צו פליהען? קען מען רעדען אזוי, אז מען זאל הערען פאר טויזענד מייל? איז מעגליך מען זאל זינגען אויף א שטיק וואקס, און דאָס וואקס זאָל צוריק זינגען מיט אלע קנייטשעלעך, מיט דעם קלענסטען בויג פון דעם ניגון? איז עס מעגליך צו שרייבען אזוי, אז די צייכענס זאָלען זיך ווייזען אויף טויזענדער מיילען ווייט אין דער זעלבער סעקונדע?

מען קאן פרעגען נאָך א סך אזעלכע קשיות, וועלכע באווייזען אויפ'ן שטעל, אז דאָס אלעס איז אוממעגליך און געגען די נאטור. נאָר א משוגענעם קאָנען איינפאלען אזעלכע זאכען. די נאטור קאן מען ניט איבערמאכען.

פון דעסטוועגען ווייסען מיר היינט, אז ניט נאָר זענען די אלע זאכען מעגליך, נאָר אז זיי זענען פאקטען, וואָס געשעהען יעדע מינוט אין טאָג.

ווי אזוי איז מען געקומען צו דעם אלעם? האָט מען געביטען די נאטור? ניין! די נאטור קאן מען ניט ענדערען. די נאטור כחות זענען די זעלבע, און זיי „ארבייטען" אויף דעם זעלבען אופן ווי זיי האָבען אלע מאָל געארבייט. ניט מער, די מענשען, נאָך לאנגע שטודירען און פּרובירען, האָבען זיך דערוואוסט די סודות פון דער נאטור. זיי האָבען געלערענט די נאטור כחות, און ווי אזוי זיי אויסצונוצען פאר די אייגענע

צוועקען. די נאַטור קאַן מען ניט ענדערען, מען לענקט זי נאָר אויף א געוויסען וועג, לויט איר אייגענעם כאַראַקטער, און אירע אייגענע געזעצע, די פיזיקאַלישע, כעמישע און מעכאַנישע וויסענשאַפטען מאַכען ניט איבער די נאַטור. זיי האָבען נאָר געלערענט אירע כחות און אירע געזעצען.

דאָס זעלבע איז אמת בנוגע דער געזעלשאַפט.

אויב דער ענטפער: „מען קען ניט איבערמאכען די וועלט", איז אמת פאר דער צוקונפט, מוז ער אויך זיין גילטיג פאר דער פארגאנגענהייט; אויב מען קאָן היינט ניט איבערמאכען, די וועלט, האָט מען זי קיינמאל ניט געקענט איבערמאכען. מיר מוזען אזוי ארום קומען צום שלוס, אז די וועלט איז אלע מאָל געווען און וועט אלע מאָל בלייבען דיזעלבע.

דאָס איז אבסורד פון אויבען אויף.

מען דאַרף גאָר ניט זיין קיין גרויסער היסטאָריקער צו וויסען, אז די וועלט איז היינט אנאנדערע ווי זי איז געווען פריהער. דאָס ארבייטען, דאָס האנדלען, דאָס פאמיליען לעבען, די רעגירונגען, דאָס געזעלשאפטליכע לעבען, פיעל באגריפען, א סך גרויסע אידעען און אידעאלען זענען אין פיעל פּרטים אנדערש ווי זיי זענען געווען מיט הונדערט יאָר צוריק; און מיט הונדערט יאָר צוריק זענען זיי געווען אנדערש ווי מיט פינף הונדערט יאָר צוריק א. א. וו. אידען זענען היינט אין גלות, צו נעמען נאָר איין ביישפּיל, פּונקט ווי זיי זענען געווען אין מצרים. פונדעסטוועגען וועט אפילו דער גרעסטער ציוניסט מודה זיין, אז דער גלות מצרים איז געווען גאַנץ אנדערש ווי דער היינטיגער גלות.

דאס באווייזט, אז די וועלט איז ביז היינט געוואָרען איבערגעמאכט. האָבען מיר וועלכע עס איז אורזאך צו דענקען, אז פון היינט אן און ווייטער וועט שוין ניט פארקומען קיין ענדערונג? קען מען דענקען, אז היינט איז דער לעצטער שטאפּעל פון אנטוויקלונג? קיין מענש, וואָס האָט נאָר מארך אין קאָפּ, וועט זיך ניט אונטערנעמען צו מאכען אזא באהויפּטונג. דאָס וואָלט דאָך געווען דער טויט פון דער וועלט. מוז מען אלזא זאָגען, אז די וועלט וועט זיך ווייטער ענדערען,

זי וועט ווערען איבערגעמאכט, ווארים די וועלט מאכט זיך כסדר איבער.

די געזעלשאפט קאן מען ניט ענדערען, לויט דעם ווילען פון וועמען עס איז. אָבער די געזעלשאפט ענדערט זיך און אנטוויקעלט זיך לויט אירע אייגענע געזעצען. דיזע געזעצען דארף די סאָציאלע וויסענשאפט זיך באמיהען צו דערגעהן פונקט ווי דער לופטפליהער דארף וויסען די באוועגונגען אין דער אטמאָספערע, די לופט, די ווינטען, און די געזעצען פון דער מעכאניק, אזוי מוז דער, וואָס וויל פליהען אין א נייער אָרדנונג, שטודירען די געזעלשאפט „אטמאָספערע", אירע „ווינטען", איר „מעכאניק", און לענקען די געזעלשאפט שיף לויט דיזע געזעצען. דער קאפיטאן, וואָס ווייס ניט די אלע געזעצען, נאָר נעמט זיך פליהען ווייל עס איז א גוטע זאך, ווייל עס איז א יושר, דיזער קאפיטאן וועט פאלען און ברעכען דאָס געניק. דאָסזעלבע איז מיט דער מענשליכער נאטור. מען דארף זי ניט איבערמאכען, און מען קאָן זי ניט איבערמאכען, מען דארף נאָר שטודירען אירע געזעצען.

נון, שטעלט זיך איצט די וויטערע פראגע: אויב די וועלט האָט זיך ביז איצט געביטען, און וועט זיך אויך ווייטער בייטען, איז אפשר מעגליך זיך פארצושטעלען, וואסער מארשרוט די ענדערונג וועט אָננעמען? אויף וואסער אופן זי וועט זיך ענדערען?

אין דעם שטעקט דער גרויסער אויפטו פון מארקס. ער האָט אנטדעקט די כחות פון דער געזעלשאפט. ער האָט אָנגעוויזען די געזעצען לויט וועלכע די וועלט ענדערט זיך, ער האָט אונז געוויזען די „מעכאניק" פון דער וועלט, און אויף וואָסער אופן מען דארף זי לענקען.

א פארשטעלונג פון דעם ווי אזוי די וועלט דארף זיך ענדערען קאָן מען נאָר האָבען, ווען מען ווייס וועלכע כחות עס האָבען פאראורזאכט די ביז־איצטיגע ענדערונגען. דאן איז

אפשר אויך מעגליך צו לענקען די געזעלשאַפטליכע ענדערונגען, זי זאָל געהן אויפ'ן וועג צום סאָציאַליזם.

ווען מען פארשטעהט די געזעצען, קאָן מען לייכט איינזעהען פאר וואס די אלע גוטהערציגע מענשען, מיט זייער גרויסען טאַלאַנט, באגייסטערונג און אויפאָפּערונג, האָבען געליטען שיף־ברוך, ווערענד דער מארקסיסטישער סאָציאַליזם האָט אין דער קורצער צייט פון 40—50 יאָר געוואונען אן אנהעננערשאפט פון אומגעצעהלטע מיליאָנען אין אלע עקען וועלט.

מיר זענען איצט אָנגעקומען צו די פאָלגענדע פונקטען :

1) די וועלט קאָן מען ניט איבערמאכען לויט דעם אייגענעם ווילען.

2) די וועלט ענדערט זיך כסדר לויט איר אינערליכער נאַטור, באַשטימט פון געוויסע סאָציאַלע געזעצען.

3) עס איז ניטאָ קיין אורזאַך צו דענקען, אז די געזעלשאַפט וועט זיך אויפהערען צו ענדערען.

4) ווען די מענשהייט וועט דערגעהן די געזעצען פון סאָציאַלער ענדערונג, וועט זי זיין אימשטאנד איינצושפּאַנען די געזעלשאַפטליכע כחות, און לענקען די אנטוויקלונג אויף א געוויסען וועג.

פונקט ווי דזשאָרדזש סטעפענסאָן האָט איינגעשפּאַנט די פערע אין וואָגען, און זי געצוואונגען דעם וואָגען צו שלעפּען; פונקט ווי ראָבערט פולטאָן האָט דיזעלבע פערע איינגעשפאַנט און זי געמאַכט שלעפען א שיף אויף דעם וואסער; פונקט ווי טהאָמאַס עדיסאָן האָט איינגעשפאַנט די עלעקטרישע קראַפט און זי געצוואונגען צו לייכטען און צו ווארעמען; צו דרעהען רעדער און פרעסען וועש; איינצופּעקלען די שטימע פון קארוזאָ און אויסצוקערען די שטוב; צו צווינגען פאָטאָגראַפיעס זיי זאָלען זיך באַוועגען און „רעדען"; פונקט אזוי קאָן מען „איינשפאַנען" די סאָציאַלע קרעפטען, זיי זאָלען ברענגען גליק, אנשטאָט אומגליק צו דער מענשהייט.

דאָס איז אלץ געזאָגט, ווען מען איז מודה, אז די געזעלשאַפט בייט זיך און אנטוויקעלט זיך לויט באַשטימטע

געזעצען. פון וואנען אָבער ווייסען מיר, אז עס זענען איבער־הויפּט דאָ געזעצען, וועלכע די געזעלשאַפט מוז פאָלגען אין איר אנטוויקלונג? מען קאן די מענשליכע געזעלשאפט ניט פארגלייכען מיט די אנדערע „טויטע" זאכען, וועלכע האָבען ניט קיין ווילען, און קיין ווילען. אין דער געזעלשאפט זענען טעטיג לעבעדיגע מענשען, מיט א ווילען, מיט אינסטינקטען, מיט שכל, און די לעבעדיגע ווילענס טראָגען אריין דאָס זייעריגע אין דער געזעלשאפטליכער פירונג. די געזעלשאפט וועט זיך דאדורך ניט לאָזען אונטערוואַרפען צו „מעכאנישע, לעבלאָזע געזעצע.

דאָס איז די וויכטיגסטע איינווענדונג, וואָס ווערט גע־מאכט געגען דער סאָציאַליסטישער טעאָריע. גובר זיין די איינ־ווענדונג קאָן מען נאָר דאן, ווען מען איז באקאנט מיט דער פילאָזאָפיע פון מאטעריאַליזם. פארטיפען זיך אין דער פראגע דאָ, איז אוממעגליך. אָבער דאָס, וואָס איז דאָ געזאָגט ברענגט ארויס בולט דעם פונקט, אז דאָס וויכטיגסטע אין דער לערע פון סאָציאַליזם, איז די פילאָזאָפיע. איך האָב די פראגע באַ־האנדעלט אויספירליך אנדערשוואו.

## מאַטעריאַליסטישע ליטעראַטור קריטיק

מיר ווילען זיך דאַ נאָכאמאָל באשעפטיגען מיט דער קריטיק איבער דעם יאנואר נומער „צוקונפט“. אָבער מיר ווידערהאָלען: עס איז ניט די קריטיק וואָס מיר ווילען דאַ פארענטפערען. מיר ווילען ניכער קלאָר מאכען דעם מארקסיס־טישען שטאנדפונקט אין ליטעראַטור. די קריטיק איבער דעם פונקט גיט אונז די בעסטע געלעגענהייט דערצו.

ל. בודינ׳ס ארטיקעל איבער „לעבען און קונסט“ האָבען אונזערע קריטיקער גאָר ניט געקאָנט אראָפּשלינגען. א שטאנד־פונקט אין ליטעראַטור קריטיק! און נאָך א מארקסיסטישער שטאנדפונקט — וואו איז דאָס אזעלכעס געהערט געוואָרען? פאר אזא פארברעכען איז מען חיב מיתה.

און דער „קריטיקער“ פון דער פרייער ארבייטער שטי־מע“ האָט מיט זיין גאנצער טיפקייט און פארשטענדניס פון ליטעראַטור־קריטיק, זיך פאָרגענומען איין מאָל פאר אלע מאָל, און גרינדליך, צו פארניכטען דעם גאנצען מארקסיזם, ווי פיעל אנדערע, גרעסערע פון אים, האָבען דאָס שוין אזוי פיעל מאָל געטאָן, און האָבען יעדעס מאָל אויסגעפונען, אז זיי מוזען אָנ־הויבען פון דאָס ניי.

ער שרייבט אזוי:

> קונסט, די אמת׳ע קונסט, איז ניט אַ נאָכפּלאפּערקע פון אלטע געדאנקען און געפיהלען, נאָר זי איז די באשעפעריין פון נייע געדאנקען, פון נייע וועלטען פון געפיהלען, און וואָס די אינדיווידואליטעט פון דעם קינסטלער איז גרעסער, דאָס הייסט, וואָס מער ער הויבט זיך אַרויס פון דער אַרומריגגלענדער וועלט, דאָס גרעסער איז זיין קונסט, און דאָס מעכטיגער זיין נאָכוויר־קונג.

דאָס איז זעהר, זעהר קלוג געזאָגט. קענט איר אונז אָבער

---

*) די „צוקונפט“, מערץ, 1907.

ניט זאָגען, ליבער הער קריטיקער, ווער איז דאָס „די קונסט“, וואָס זי איז אזא מחבל, אז זי איז „די באשעפערין פון נייע געדאנקען, פון נייע וועלטען פון געפיהלען“? וואָסער מין באַשעפעניש איז דאָס „די קונסט“? פון וואנען נעמט זיך צו איר אזא גבורה? און ווי אזוי דערקענט מען זי?

מיר האָבען אימער געמיינט, אז די געדאנקען און געפיהלען באשאפען די קונסט, צום סוף קומט דער קריטיקער און זאָגט אונז פונקט פארקערט: די קונסט איז גאָר „די באשעפערין פון די געדאנקען און געפיהלען“.

אונז שיינט, ווען דער קריטיקער וואָלט אביסעל נאָכגעדענקט איבער דיזע פראגען, אָדער ווען ער וואָלט, ניט נאָכדענקענדיג, כאָטש איבערגעלעזען, למשל, דאָס קליינע ביכעל פון טאָלסטאָי: „וואָס איז קונסט“, וואָלט ער ניט מיט אזא לייכטען הארץ אויפגעשריבען די אויבען ציטירטע ווערטער, ער וואָלט זיך דאן דערוואוסט, אז די פראגע: „וואָס איז קונסט“, האָט באשעפטיגט די פילאָזאָפען פון אלע צייטען און לענדער, און אויף דער פראגע זענען דאָ אזויפיעל פארשידענע ענטפערס, וויפיל עס זענען געווען פילאָזאָפען.

אז דער קריטיקער וויים אפילו ניט וועגען וואָס עס האנדעלט זיך, באווייזט טאקע דערזעלבער זאץ. ער הויבט אָן: „ד י ק ו נ ס ט איז ניט קיין נאָכפּלאפּלערקע פון אלטע געדאנקען“, און ער ענדיגט: „וואָס די אינדיווידואליטעט פון דעם ק י נ ס ט ל ע ר איז גרעסער... דאָס גרעסער איז זיין קונסט“. עס איז שוין אלזאָ ניט „די קונסט“, וואָס האָט אזא בייזע גבורה צו באשאפען נייע געדאנקען, עס איז גאָר דער קינסטלער, וואָס באשאפט די קונסט. מיר האָבען שוין אלזאָ צו טאָן ניט מיט „די קונסט“, נאָר מיט די קינסטלער. און מיט זיי וועלען מיר שוין ווי עס איז פארטיג ווערען. קינסטלער, לעבעדיגע מענשען וואָס זיי זענען, לאָזען זיך אמאָל יידען.

אין דעם פונקט באשטעהט די גאנצע חכמה פון אונזער קריטיקער: ער פארמישט די קונסט מיט די קינסטלער. ל. בודיאנאָוו־בודין זאָגט: ער וויל ערקלערען „לעבען און קונסט“ פון מארקסיסטישען שטאנדפונקט, און דער קריטיקער פרעגט: קאָנט איר אונז ערקלערען פון מארקסיסטישען שטאנדפונקט

„ווארום לעסינג האָט געשריבען „נאטהאן דער ווייזע" און ניט מענדעלזאָהן? ווארום וואגנער איז געבוירען געוואָרען אין דייטשלאנד און ניט אין ענגלאנד? ער שרייבט אזוי:

למשל, דייטשלאַנד האָט געגעבען דער וועלט אַ וואַגנער, אַ מייערבעער, אַ בעטהאָווען און פילע אַנדערע מוזיקאלישע גאונים. ענגלאַנד איז נאָך ביז היינטיגען טאָג געבליבען אַן עקרה אין דיזער הינזיכט. קאָן אונז דער ווערטער בודיאנאָוו־בודין מיט זייז מאַרקסיסטישער טעאָריע ע־הר׳ן עז, וואַ־ום דאָס איז אַזוי?

די מאַרקסיסטישע תורה לערנט אונז, אַז אַלעס אין אונזער לעבען און נאטירליך אויך די קונסט, הענגט אָפּ פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען, ד. ה., פון דער ארט און ווייזע פון דער פּראָדוקציאָן. נון, מיר גלויבען קוים, אויב די ארט און ווייזע פון דער פּראָדוקציאָן אין דייטשלאַנד האָט אַזוי געוואלטיג זיך אונטערשיידט אין יענער צייט פון דער ארט און ווייזע פון דער פּראָדוקציאָן אין ענגלאנד, און דאָך האָט ענגלאַנד ניט אָנצואווייזען אויף קיין איינציגען וואגנער! זאָל זיין, אז דער אונטערשיד אין פּראָדוקציאָן איז דאן געווען א גוואלטיגער, אָבער עס איז דאָך געווען אמאָל אויך א צייט, ווען אין ענגלאנד איז געשטאנען די פּראָדוקציאָן אויף דעמזעלבען שטייגער, ווי אין דייטשלאַנד, טו ווארום האָט זי דאן ניט ארויסגעבראכט פון זיך איין מוזיקאלישען זשעניע?

עס איז לייכט צו זאָגען, דאָס לעבען איז ניט קיין רייהע פון צופעליגקייטען, אָבער, ווערטער ליטעראטור־קריטיקער, אז מען קוקט זיך צו צום לעבען, שיינט דאָך פיעל צו זיין גאַנץ צופעליג.

אָט האָט לעסינג, דער גוי, אָנגעשריבען „נאטהאן דער ווייזע". וואָלט ניט מער שכל׳דיג געווען, אז אזא מין זאך זאָל אָנשרייבען דער איד מענדעלזאָהן? וואו איז דאָ געווען די עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט, אז לעסינג זאָל עס אָנשרייבען? פאר וואָס איז די פּאָעזיע פון געטהע און שילער אַזוי פאַרשידען, כאָטש זיי האָבען געלעבט אין איין צייט, ווען די ארט און ווייזע פון פּראָדוקציאָן איז געווען איינע און דיזעלבע פאר זיי ביידען? ווארום האָט סינקלעיר געמוזט אָנ־

שרייבען דעם „דזשאַנגעל“, און ווארום ניט קיין אנדערער פון די פיעל שונד־שרייבער, צו וועמעס קאָמפּאַניע ער האָט גע־הערט? ווארום האָט ענגלאנד ארויסגעבראכט נאָר איין וויליאם מאָריס, איין שעלי? ווארום האָט עס עדווין מארקהאם גע־מוזט אָנשרייבען נאָכדעם, ווי ער האָט אָפּגעלעבט זיינע יאָרען, אלס אומבאקנטער פּאָעט, זיין „מען וויטה דהי האָו“, וואָס האָט אים מיט איין מאָל אַזוי בארימט געמאַכט? קאָנט איר אויף די אלע פראגען געבען אייער געוועהנליכען ענטפער: עקאָנאָ־מישע אומשטענדען?

ניין! מיר קאָנען אויף די פראַגען ניט געבען „אונזער געוויינליכען ענטפער: עקאָנאָמישע אומשטענדען. „מיר פרעגען גאָר ניט די פראגען, זיי אינטערעסירען אונז ניט, ווייל די פראגען אליין זענען נאריש. דער קריטיקער פון דער „פ. א. ש.“, ווי עס שיינט, פרעגט אָבער יאָ די פראַגען, וואָלט טאקע געווען „אינטערעסאנט“ צו וויסען וואָסער ענטפער ער קאָן געבען אויף די פראגען פון א געוויינליכען, אָדער אומגעוויינליכען שטאנד־פונקט. קאָן ער אונז זאָגען, ווארום גראד סינקלעיר האָט אָנ־געשריבען דעם „דזשאָנגעל“ און ניט קיין אנדערער? קאָן ער אונז אפשר זאָגען פון וואנען עס קומט וואָס סינקלעיר קאָן אי־בערהויפּט שרייבען ראָמאנען, און אונזער קריטיקער — קריטיק איבער ראָמאנען? עס וואָלט געווען זעהר „אינטערעסאנט“ צו וויסען.

עס וואָלט אויך געווען „אינטערעסאנט“ צו וויסען ווארום וואגנער איז געבוירען געוואָרען אין דייטשלאנד און ניט אין ענגלאנד? איבריגענס, קאָן טאקע זיין, אז דער קריטיקער האָט רעכט, אז עס איז נאָר געווען א צופאל. עס קאָן זיין, ווען וואגנער'ס עלטערן וואָלטען צו יענער צייט געלעבט אין ענגלאנד, וואָלט ער טאקע דאָרט געבוירען געוואָרען. די מארקסיסטען קענען דעם פאקט, וואָס וואגנער איז געבוירען געוואָרען אין דייטשלאנד, ניט ערקלערען מיט „עקאָנאָמישע אומשטענדען“.

און צוליב דעם פרעגען די מארקסיסטען ניט אזא נארישע קשיה. זיי פרעגען אָבער אן אנדער קשיה: ווי וואָלט געווען, פרעגען זיי, ווען וואגנער וואָלט ביי צופאל טאקע געווען געבוי־רען געוואָרען אין ענגלאנד, וואָלט ער דאן אויך געווען א מו־

זיקר אָדער ניט? און אויב יאָ, וואָלט ער דאן געשריבען די־זעלבע מוזיק אָדער ניט? דאָס איז אָבער נאָך ניט די וויכ־טיגסטע קשיה פון די מארקסיסטען. אונזער גרויסער קריטי־קער זאָגט זיך אָפּ מיט א לייכט הארץ: דייטשלאנד האָט ארויסגעגעבען מוזיקער און „ענגלאנד איז נאָך ביז היינטיגען טאָג געבליבען אן עקרה", און ער מיינט, אז ער האָט געזאָגט א גרויסע חכמה. די מארקסיסטען אָבער פרעגען, פון וואנען קומט דאָס טאקע, וואָס ענגלאנד איז ביז היינטיגען טאָג „געבליבען אן עקרה" אין מוזיקער? איז דער מענשען־מאטעריאל אין ענגלאנד אנדערש ווי אין דייטשלאנד? פון וואנען קומט דאָס, וואָס גראָד דאָס זעלבע ענגלאנד איז זעהר שטארק פארטראָטען אין דער מאטעריאליסטישער פילאָזאָפיע? וואָס גראָד בעקאָן, דער באגרינדער פון דער עמפּירישער וויסענשאפט, איז געבוירען געוואָרען אין ענגלאנד? וואָס גראָה די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז באגרינדעט געוואָרען אין ענגלאנד? וואָס אפילו קארל מארקס, דער דייטשער איד, אָדער דער אידישער דייטש, האָט באגרינדעט זיינע עקאָנאָמישע לערען אין ענגלאנד? איז ניט אפשר א סברה, אז אויך אין ענגלאנד ווערען געבוירען „וואג־נערס", נאָר דאָרט ווערען זיי „איבערזעצט„ אין בעקאָנס, אין אדאם סמיטהס און אין דארווינס?

די מארקסיסטען פרעגען ניט די קשיה, ווארום סינקלעיר האָט געשריבען דעם „דזשאָנגעל"? דאָס אינטערעסירט זיי ניט, און דאָס קאָנען זיי ניט ענטפערען. זיי ווילען אָבער וויסען וואר־רום האָט זיך גראד היינט געפונען א סינקלעיר, וואָס האָט געשריבען דעם „דזשאָנגעל", א ראָמאן, אין וועלכען עס ווערט געשילדערט דער קאפּיטאליזם מיט אלע זיינע שרעקען, און מיט פופציג יאָר צוריק האָט זיך געפונען א פרוי, הארי‌אָט ביטשער סטאָוו, וואָס האָט אָנגעשריבען „אָנקעל טאָם'ס קעבין", וואו די שקלאפעריי מיט אלע איר שרעקען און נידערטרעכ־טיגקייטען זענען געווען געשילדערט? וואָלט מעגליך געווען אזא ראָמאן, ווי דער „דזשאָנגעל", זאָל דאן ווערען געשריבען, און „אָנקעל טאָם'ס קעבין" זאָל היינט געשריבען ווערען? ווען גאָגאָל וואָלט געלעבט, וואָלט ער היינט אויך געקענט שרייבען זיינע „טויטע זעלען"?

ווייטער, וואָס איז דער אונטערשיד, למשל, צווישען געטהע און שעקספּיער? ווער איז א גרעסערער קינסטלער? ביי ווּעמען פון די צוויי וועלט־בארימטע פּאָעטען איז די „אינדיווי־דואליטעט“ געווען גרעסער? ווער האָט זיך „מער ארויסגע־הויבען פון דער ארומרינגלענדער וועלט“? אונזרע גרויסע קריטיקער קאָנען די פראגען ניט ענטפערען. און בודיאנאָוו־בודין האָט פאָלשטענדיג רעכט, ווען ער זאָגט, אז אלץ וואָס די „קריטיקער“ ווייסען איז צו געברויכען הויכע פראזען. געטהע איז געווען א פּאָעט איי, איי, און שעקספּיער איז געווען א פּאָעט איי, איי, איי. אפילו אזא געניאלער קאָפּ, ווי וויק־טאָר הוגאָ, איז אויך, געשטרויכעלט געוואָרען אין דער פראגע. אין זיין בוך איבער שעקספּיער שטעלט ער אוועק די פראגע: „ווי קאָן מען מעסטען די גרויסקייט פון די פארשידענע פּאָעטען, און ער ענטפערט: עס איז ניטאָ קיין מאָס, גראָד ווי מען קאָן ניט מעסטען דעם ברען פון קאָכיגע וואסער, ווען די היץ האָט דערגרייכט א געוויסען גראד, אזוי קאָן מען נישט מעסטען די גרויסקייט פון די פּאָעטען, ווען זיי דערגרייכען א געוויסע שטופע. די מארקסיסטען אינטערעסירט די פראגע לחלוטין ניט. דער אונטערשיד פון שעקספּיער ביז געטהע אין גראד פון קונסט ארט זיי ניט. פאר זיי איז אָבער זעהר וויכטיג צו וויסען דעם אונטערשיד פון האמלעט ביז פויסט, — פון האמלעט'ס פילאָזאָפיע ביז פויסט'ס פילאָזאָפיע.

דער גריכישער פּאָעט האָמער, וואָס האָט געלעבט מיט א 4 טויזענט יאָר צוריק, איז אנערקענט אלס דער גרעסטע־ פּאָעט אין דער וועלט. ער האָט זיך אלזאָ מער ווי אלע אנדערע, „ארויסגעהויבען פון דער ארומרינגלענדער וועלט“, און גע־שריבען האָט ער זאכען וואָס קלינגען היינט ווי קינדערשע מעשה'לעך. וואָלט האָמער, ווען ער וואָלט היינט געלעבט, אויך יעצט געשריבען מעשה'לעך פון די געטער און האלב־געטער, פון אוליזעס און זיין וואנדערונג, ווי ער איז אריינגעפאלען אין די הענט פון די סייקלאָפּס, אזעלכע אומגעהייערע ריזען מיט איין אויג אין שטערען, און נאָך אזעלכע וואונדערבארע זאכען? אפילו דער „גרויסער“ קריטיקער פון דער „פרייער ארב. שטימע“ וועט דאָס ניט וואגען צו באהויפּטען. עס איז אלזאָ ניט די פראגע

פון דעם קינסטלער, עס איז די פראגע פון קונסט. ווארום גראד האמער האט געשריבען „איליאד“ און „אדיססעי“, און שעקספיר — „האמלעט“; ווארום לעסינג, דער גוי, האט געשריבען „נאטהאן דער ווייזע“, וואו ער זוכט צו פארטיידיגען די פרייהייט פון רעליגיאן און אויך פון דער אידישער, און מענדעלזאהן, דער איד, האט געשריבען דעם „פעדאן“, וואו ער וויל באווייזען „השארת הנפש“ אויף דעם אופן פון דעם גריכישען פילאזאף סאקראט — די קשיות לאזען מיר פאר דעם קריטיקער פון דער „פרייער ארבייטער שטימע“. די מארקסיסטען זעהען אין דעם אלעם איין זאך: זיי זעהען, אז די קונסט, (ניט די קינסטלער) בייט זיך. די פארמען פון דער קונסט ווערען אנדערש. וואס פאראורזאכט די ענדערונג? דאס איז די פראגע. פון וואנען נעמט זיך, וואס האמער'ס גאונות האט זיך אויסגעדריקט אין באשרייבען די געטער און האלב־געטער, און געטהע אין פאוסט? ווארום האט גאגאל'ס קונסט זיך אויסגעדריקט אין זיינע „טויטע זעלען“; טאלסטאי'ס אין „קרייצער סאנאטא“, „אנא קארענינא“; הויפטמאנ'ס אין די „וועבער“; האריאט ביטשער סטאוו'ס אין „אנקעל טאמ'ס קעבין“ און סינקלעיר'ס אין „דזשאנגעל“?

ווען מען שטעלט די פראגע אויף אזא אופן, און אלע גרויסע קריטיקער שטעלען זי אזוי אוועק, דאן מוז מען קומען צום שלום, אז עס איז דא עפעס א זאך צו וועלכער די קונסט און די קינסטלער זענען אונטערווארפען. כל זמן עס האט אזוי פאסירט, אז גראד האמער, דער גרעסטער פאעט פון אלע צייטען, האט באשריבען מעשיות פון געטער, מיט מענשען מיט איין אויג, מיט א גראז, וואס האט געהייסען לאטאס, וואס האט פאר'כישופ'ט די מענשען, וועלכע האבען עס געגעסען; און סערוואנטעס — „דאן קיכאט“ — דעם העלד, וואס האט זיך געשלאגען מיט ווינדמילען, און לעסינג, — „נאטהאן דער ווייזע“, און הויפטמאן „די וועבער“, און פרץ „די צוויי בערג“, וואו ער מאלט א חסידישען רבי'ן מיט א מתנגד'ישען רב, מוז עפעס זיין א זאך וואס פאראורזאכט, אז די גרויסע פאעטען זאלען ארויסגעבען זייער קונסט אין איין פארמע און ניט אין אן אנדערער.

די קונסט מיט איר „אינדיווידואליטעט“ באוועגט זיך אלזא אין געוויסע ראמקעס, פון וועלכע זי קאן זיך ניט ארויס־רייסן. און די ראמקעס זענען פארשידען אין פארשידענע צייטען און פארשידענע לענדער. וואס זענען די ראמקעס?

פיעל ענטפערס זענען געגעבען געווארען אויף דער פראגע. אמאל פלעגט מען זאגען, און אזעלכע „קריטיקער“ ווי אונזערע זאגען עס נאך היינט, אז דער „גייסט“ אנטוויקעלט זיך. די מיינונג איז שוין לאנג אויפגעגעבען געווארען. ווען מען זאל זיך האלטען ביי די „גייסט־טעאריע“, וואלט מען געמוזט קומען צום שלוס, אז דער „גייסט“ האט גאר ניט פראגרעסירט. אזעל־כע פאעטען, ווי האמער און שעקספיר, אזעלכע רעדנער ווי ישעיהו הנביא, אזעלכע מאלער ווי ראפאעל אדער רעמבראנדט, האבען מיר ניט היינט צו טאג. די „טעאריע“ מוז מען דא־דורך אין גאנצען פארווארפען, ווייל עס איז ניט אמת, אז דער „גייסט“ איז אפגעשטארבען. דער גייסט איז היינט אזוי שטארק און אזוי מעכטיג ווי אמאל, ניט מער, ער „ארבייט“ אויף אן אנדער שטייגער. און דא קומט אריין וואס בודיאנאוו־בודין האט געזאגט אין זיין ארטיקעל:

„צוערשט האט מען אנערקענט, אז ביידע, לעבען און קונסט, זענען ניט קיין רייה פון צופעליגקייטען, זאנדערען אן אנטוויקלונגס־פראצעס, דער רעזולטאט פון געוויסע אורזאכען“. דאך, הגם די פארשער האבען אלע מאל אנערקענט, אז צווישען לעבען און קונסט איז דא א געוויסער צוזאמענהאנג, האבען זיי פון דעסטוועגען דאס באטראכט אלס צוויי באזונדערע זאכען. „ביז איפפאליט טעין, דער גרויסער פראנצויזישער קונסט און ליטעראטור־היסטאריקער, האט באוויזען, דאס עס זענען אי־בערהויפט ניט פאראנען קיין צוויי באזונדערע אנטוויקלונגס־פראצעסען, זאנדערן איין פראצעס — דער אלגעמיין מענשליך־היסטארישער פראצעס, און דאס די אנטוויקלונג פון קונסט אין אלגעמיין און ליטעראטור באזונדערס איז ניט מער ווי א טייל פון׳ם אלגעמיינעם מענשליכען אנטוויקלונגס פראצעס... מיט אנדערע ווערטער: קונסט און ליטעראטור קאן מען נאר פארשטעהן, ווען מען פארשטעהט דעם פראצעס פון דער גאנצער מענשליכער אנטוויקלונג.“

און טעין זאָגט: „דער הויפּט פּונקט פון דער מעטאָדע, וועלכע מיר ווענדען דאָ אָן, באַשטעהט אין דעם וואָס מיר אנער־קענען, דאָס אַ קונסטווערק איז נ י ט ק י י ן פ א ר א י י נ ־ צ ע ל ט ע ע ר ש י י נ ו נ ג, און כדי דאָס צו פארשטעהן מוז מען שטודירען די אומשטענדען, פון וועלכע עס קומט ארויס און דורך וועלכע עס ווערט ערקלערט". און ער קומט צום שלום: „אום צו באגרייפען אַ קונסטווערק, אַ קינסטלער, אָדער אַ גרופּע פון קינסטלער, מוזען מיר קלאָר באגרייפען די אלגעמיינע סאָ־ציאלע און אינטעלעקטועלע אומשטענדען פון דער צייט, צו וועלכע זיי געהערען."

די גרויסקייט פון דעם קינסטלער באַשטעהט אַלזאָ ניט אין דעם, וואָס ער „הויבט זיך ארויס פון די ארומרינגלענדע אומשטענדען", ווי דער קריטיקער פון דער „פרייער ארבייטער שטימע" וויל האָבען. עס איז פּונקט פארקערט: זיין גרויס־קייט באַשטעהט אין דעם, וואָס ער פאראייניגט אין זיך און גיט דעם שארפסטען אויסדרוק צו די „ארומרינגלענדע אומ־שטענדען". ווארום האלטען מיר נאָך היינט האָמער'ן פאר דעם גרעסטען פּאָעט? דאָס וואָס ער האָט געשריבען קומט היינט ביי אונז אוים קינדיש. ער איז גרויס צוליב דעם, ווייל ער האָט אזוי שארף, אזוי בולט אויסגעדריקט די „ארומרינגלענדע אומשטענדען" פון זיין צייט, אז מיר קענען היינט זעהן ווי די מענשען האָבען דאן געלעבט, און אין וואָס זיי האָבען געגלויבט. סיר הענרי מעין, דער גרויסער אויטאָריטעט אין „אלטערטימ־ליכע געזעצגעבונג" זאָגט אין זיין בוך „ענשיענט לאָו" (אלטער־טום געזעצען): „עס זענען פאראן ניט ווייניג דאָקומענטאַ־רישע באריכטען, וועלכע גיבען אונז כלומר'שט אינפאָרמאציאָן איבער די אלטערטימליכע געזעצגעבונג; אָבער ביז די פילאָ־לאָגיע (שפּראַכען־לערע) וועט אונז ניט געבען אַ פולשטענדיג פאנאנדערגלידערונג פון דער סאנסקריטישער ליטעראטור, וועלען די האָמערישע פּאָעמאס בלייבען אונזער בעסטע קוועלע צו לערנען... דעם צושטאנד פון דער געזעלשאפט, וואָס דער שרייבער האָט אם בעסטען געקענט."

דאָס איז אָבער נאָך אלץ ניט קיין מארקסיזם? וועט מען מיר זאָגען. דאָס איז אמת. אָבער דאָ ערשט קומט אריין דער

מארקסיסטישער פונקט. „ווען קונסט און ליטעראטור קאָן מען נאָר פארשטעהן דאן, ווען מען פארשטעהט דעם פראָצעס פון דער גאנצער מענשליכער אנטוויקלונג", פרעגט זיך: וועלכעס איז דער כח, וואָס איז די סבה, וואָס פאראורזאכט די גאנצע מענשליכע אנטוויקלונג? ווען מיר וועלען אויסגעפינען דעם כח וואָס פאראורזאכט די מענשליכע אנטוויקלונג, וועלען מיר דאן וויסען די אורזאכען פון דער ענדערונג אין דער קונסט און ליטעראטור. מיר וועלען וועניגסטענס האָבען די מעגליכקייט נאָכצושפירען און אויסצופאָרשען די פארענדערונגען. איפּפּאָליט טעין האָט זיך געשטעלט דיזעלבע פראגע, און ער האָט זי פארענטפערט אויף זיין אופן. לויט אים, זענען דאָ דריי כחות, וואָס פאראורזאכען די מענשליכע אנטוויקלונג. דאָס זענען: די ראַסע, דער קלימאַט און די „ארומרינגלענדיגע אומשטענדען". פון דעם שטאַנדפונקט אויס, אונטערזוכט ער די מענשליכע אנטוויקלונג, און ער זוכט דאן צו באווייזען, אז די דריי כחות ווירקען אויך אין דער קונסט און ליטעראטור, און אנטוויקלען זיך און פארענדערען זיך אזוי ארום צוזאמען מיט דעם גאנצען לעבען. איפּפּאָליט טעין האָט ניט אנטדעקט דיזע פילאָזאָפיע. טהאָמאַס באָקל האָט זי שוין פריהער געהאַט אויסגעארבייט, און ער איז אויך ניט געווען דער ערשטער. טעין האָט נאָר די פילאָזאָפיע אָנגעווענדט אויף דער ליטעראטור. און דאָ האָט דער מארקסיזם עפּעס איינצואווענדען. דער מארקסיזם לייקענט ניט אָפּ די ווichטיגקייט פון די דריי כחות, ער באהויפּטעט אָבער, אז די דריי פאַקטאָרען זענען אליין אונטערוואָרפען צו אן אנדער כח, צו אן אנדער סבה. זיי זענען דאדורך ניט די ערשטע סבה, ניט די סבה כל סבות; די ערשטע סבה זענען די עקאָנאָמישע אומשטענדען. דער מארקסיזם באהויפּטעט: צו וואָסער ראסע די מענשען זאָלען ניט באלאנגען, אין וואָסער קלימאַט זיי זאָלען ניט לעבען, וואָסערע „ארומרינגלענדע אומשטענדען" זיי זאָלען ניט האָבען, מוזען זיי אלץ לעבען, מוזען זיי אלץ פּראָדוצירען צוזאמען צום לעבען, און מוזען אלץ פארטיילען צווישען זיך די פּראָדוקטען. די עקאָנאָמישע אומשטענדען זענען דאדורך די הויפּט סבה וואָס פאראורזאכען די מענשליכע אנטוויקלונג, זיי זענען אויך די הויפּט סבה, וואָס

פאראורזאכען די פארענדערונג אין דער קונסט און ליטעראטור. און אין דער קונסט קאָן מען דאָס צום בעסטען זעהן: גריכענ־לאנד איז דאָס לאנד פון די גרעסטע פּאָעטען, פון די גרעסטע סקולפּטאָרס, פון די גרעסטע פילאָזאָפען פון די אלטע צייטען, און אפשר פון אלע צייטען. וואו זענען די היינטיגע פּאָעטען, קינסטלער און פילאָזאָפען פון יענעם לאנד? מען הערט עפּעס גאָר ווייניג פון זיי. אין אמעריקא קענען מיר גרעקען, וואָס פּעדלען מיט באנאנעס, בלומען און צוקערקעס. האָט זיך די גריכישע ראסע פארענדערט? איז דער קלימאט אין גריכענ־לאנד אנדערש געוואָרען? דער הימעל, די לבנה און די שטערען זענען דיזעלבע ווי זיי זענען געווען ווען האָמער, טהאלעס, סאָ־קראט און אריסטאָטעל האָבען געלעבט. אראביען איז געווען א לאנד פון וואונדערבארער קולטור. דער רמב"ם האָט געשריבען זיין פילאָזאָפיע אין אראביש; אזוי איז אויך געווען פערסיען. וואו איז די אראבישע פילאָזאָפיע און ד פערסישע פּאָעזיע פון היינט? און די ראסע און דער קלימאט האָבען זיך ניט געענ־דערט. מען דארף אָבער גאָר ניט געהן אזוי ווייט: האָלאנד איז אין דעם 16טען יאָרהונדערט געווען דאָס בארימטעסטע לאנד אין מאלעריי. ווער געהט היינט אין האָלאנד שטודירען די מאָ־לער קונסט? און דער הימעל איז דערזעלבער, און די לבנה איז דיזעלבע, און די שטערען זענען דיזעלבע אין האָלאנד. די ראסע און דער קלימאט און די „ארומרינגלענדע אומשטענדען" זענען נאָך דעם מארקסיזם דאדורך אונטערוואָרפען דעם עקאָנאָמישען צוזאמענלעבען, און נאָר פון דעם עקאָנאָמישען צוזאמענלעבען קאָן מען ערקלערען די מענש־ליכע אנטוויקלונג, און פּאָלגליך אויך די קונסט... איך געברויך דאָ דאָס וואָרט: „עקאָנאָמישעם צוזאמענלעבען", ווייל, ווי עס שיינט, ווערט דאָס וואָרט: „עקאָנאָמישע אומשטענדען" מיס־ברויכט און מיספארשטאנען. אונזערע חכמים זעצען דאָס איבער מיט: „פינאנציעלע אינטערעסען". דאדורך קענען פיעל מענשען ניט פארשטעהן אין וואָס עס האנדעלט זיך, דאדורך טוען פיעל מענשען אל־דאָס־בייז, און מיינען, אז לויט דעם סאָ־ציאליזם מעג מען עס טאָן. איינער פרעגט: קונסט און עקאָ־נאָמישע אומשטענדען. ווי קאָנען זיי געהן צוזאמען? אן אנ־

דער ענטפערט אויף אלעם וואס ער טוט: עקאנאמישע אומ־שטענדען, און דער קריטיקער פון דער „פ. א. ש." וויל וויסען, וועלכע „עקאנאמישע אומשטענדען" האבען געמאכט וואגנער זאל געבוירען ווערען אין דייטשלאנד? ס'איז דאס ע ק א־נ א מ י ש ע צ ו ז א מ ע נ ל ע ב ע ן פון דער געזעלשאפט אום וואס עס האנדעלט זיך דא. ווער עס מיינט אבער, אז דיזער תירוץ איז אזעלכער וואס נעמט אוועק דעם חשק צו דענ־קען, דער באווייזט, אז ער וויים אפילו ניט אז ער וויים ניט. פרובירט, למשל, וועלען באווייזען דעם אונטערגאנג פון פילא־זאפיע אין גריכענלאנד מיט די עקאנאמישע אומשטענדען, און צוויי לעבענס פון פארשען און שטודירען וועט אייך ניט געני־גען. עס זענען אונזערע געגנער וואס מאכען די זאך לייכט. אויף יעדער וויכטיגער פראגע האבען זיי א באקוועמען תירוץ: עס איז א צופאל! עס איז דער מענשליכער גייסט! דער גייסט אנטוויקעלט זיך; דער גייסט שאפט; „די קונסט איז ניט קיין נאכפלאפלערקע, די קונסט איז א באשעפערין", א. א. וו. פונקט ווי די רעליגיאן פארענטפערט אלע פראגען מיט: גאט! אזוי פארענטפערען אונזערע חכמים אלע פראגען מיט: דעם גייסט! מיט: דעם צופאל. די טעאריע פון „עקאנאמישע צוזאמענלעבען", לאזט זיך ניט אזוי לייכט אפ'פטר'ן, זי וויל באווייזען ווערען.

דאס איז אבער אין דעם מאמענט, נאך אלעם, ניט וויכ־טיג. וויכטיג איז דאס: מיט דעם מארקסיזם זענען נאך ניט אלע איינפארשטאנען. פיעל געלערטע האלטען אים אין איין באקעמפען און פארניכטען. מיט די דיסקוטירען מיר איצט ניט. אפשר האבען זיי רעכט. אבער דאן מוזען זיי באקעמפען דעם גאנצען מארקסיזם. ארויסצוכאפען די קונסט און ליטע־ראטור, און זאגען: „צו דעם טאר זיך דער מארקסיזם ניט צו־רירען, הייסט אפטיילען די קונסט און ליטעראטור פון דער גאנצער מענשליכער טעטיגקייט, הייסט זיך שטעלען אויפ'ן גאנץ אלטען און נארישען שטאנדפונקט, אז די קונסט האט גאר ניט צו טאן מיט דעם לעבען, און זי הויבט זיך ארויס פון דעם לע־בען. וועגען אלעם אין דער וועלט, הייסט עס, מעגען מארק־סיסטען פילאזאפירען, אזוי שנעל אבער ווי איינער שרייבט אן

עטליכע קורצע שורה׳לעך, און דאָס לעצטע וואָרט פון איין שורה׳לע קלינגט פונקט ווי דאָס לעצטע וואָרט פון דער צווייטער שורה׳לע — טאָר זיך שוין א מארקסיסט ניט צורירען. דאָ זאָגט מען אים: א זאש! דערביי פארגעסען אָבער די קריטיקער אַז די קונציגע קלינגענדיגע שורה׳לעך, וואָס מען שרייבט היינט צו טאָג צו אדווערטייזען שמעקעדיגע זייף...

## סאַנין און „פרייע ליעבע".*)

### .1

ניט לאַנג צוריק איז אין רוסלאַנד ערשינען א גאַוועלע מיט דעם נאָמען „סאַנין", פארפאסט פון מ. ארציבאַשעף.

דער ראָמאַן האָט אָנגעמאַכט א נייעם שטורם אין דער ליטעראַרישער וועלט. מען שרייבט און מען „פילאָזאָפירט" איבער סאַנין, איבער זיין „פילאָזאָפי", זיין לעבען, זיין מאָראַל, זיינע האַנדלונגען א. א. וו., א. א. וו. עפּעס ווי סאַנין וואָלט אַראָפּגעבראַכט א נייע תורה פאַר דער זינדיגער מענשהייט. מען זאָגט זאָגאַר, אז אין רוסלאַנד האָבען זיך געגרינדעט גאַנצע „סעקטעס" מיט דעם נאָמען „סאַנינצי".

ביי אונז דאָ, אין אונזער קליין וועלטעל, שווייגט מען נאַטירליך אויך ניט, עפּעס א קלייניגקייט, סאַנין!

די „צוקונפט" האָט געדרוקט אַן ארטיקעל איבער „סאַנין", געשריבען פון „צבֿיון"; די „פ. א. ש." האָט געשריבען איבער „סאַנין"; דער „פאָרווערטס" האָט פארעפענטליכט א סעריע ארטיקלען; דער „פאָרווערטס" האָט זאָגאַר אַנאָנסירט צו פאַרעפענטליכען דעם גאַנצען ראָמאַן אין איבערזעצונג, האָט אָבער, איך ווייס ניט פארוואָס, דעם געדאַנק אויפגעגעבען; און די ערשטע זאַך, וואָס די שיקאַגאָ'ער „אידישע ארבייטער וועלט" טוט, איז מזכה צו זיין אירע לעזער מיט אן איבערזעצונג (ווי איך הער א שלעכטע איבערזעצונג) פון „סאַנין"; און די בחורים מיט די מיידלעך, וואָס פארשטעהען רוסיש, האַקען דערווייל אָפּ די טירען פון די בוכהענדלער, זוכענדיג סאַנינ'ען.

א גליקליכער מענש דיזער סאַנין! ער האָט איינגענומען די „וועלט". אלע אינטערעסירען זיך מיט איהם; אלע, ווי עס

*) ערשינען אין „צוקונפט", סעפּטעמבער, 1908.

שיינט, ווילען זיך באקענען מיט דער נייער תורה, וואס ער האט צו פארקינדיגען; אלע ווילען הערען דאס נייע ווארט.

וואס'ער תורה טראגט ער אין זיין שוים? וואס איז דאס נייע ווארט, מיט וועלכען ער וויל באקליגען די מענשהייט?

די „קריטיקער" (איך רייד פון די אידישע; די רוסישע זענען מיר ניט געקומען צום האנט) — אלזא, די „קריטיקער" זאגען אונז, דאס איז די תורה פון „פרייע ליבע", וועלכע סאנין איז געקומען פרעדיגען צו דער פארשמאכטער און פארשקלאפטער מענשהייט. און דערביי דערצעהלען זיי אונז אזעלכע שרעקליכע זאכען פון דעם „העלד" סאנין, אז עס איז גאר קיין וואונדער, וואס דער יונגער דור זוכט אים אזוי שטארק — דער יונגער דור, וועלכער איז אזוי צוגענגליך צו „נייע" אידעען. די „קריטיקער" דערצעהלען אונז, אז סאנין ברענגט א נייע „פילאזאפיע" וועגען דעם געשלעכטליכען צוזאמענלעבען; אז ער געהט אזוי ווייט אין דער נייער „לערע", דאס ער איז בארייט צו פארקערען מיט זיין אייגענער שוועסטער, און די פאנטאזיע פון די יונגע לייטלעך צערייצט זיך, און זיי דענקען מי יודע וואס'ערע סודות זיי וועלען דארט דערגעהן.

די ארימע לייט! זיי ווערען אלע אנטוישט. פון דעם אלעם איז אין דעם בוך גאר ניט דא. איך לייקען עס אפ. סאנין איז ניט קיין געפערליכער מענש; ער ברענגט ניט קיין נייע תורה, קיין נייע אידעע, קיין ניי ווארט. און די הויפטזאך, סאנין אליין טוט קיין שלעכטס ניט; ער איז דער אנשטענדיגסטער מענש אין דעם גאנצען ראמאן.

עס איז אמת, דער גאנצער ראמאן איז דורכגעפלאכטען מיט אומפארשעמטע גראבקייטען; מיט ציניזמען, וואס האבען קיין גלייכען צו זיך; מיט אויסדרוקען, וועלכע מען קאן ניט ווידערהאלען צווישען אנשטענדיגע מענשען. אבער אין דעם אלעם איז ניט שולדיג סאנין, דער העלד, זאנדערען ארציבאשעף, דער פארפאסער פון דעם ראמאן, דער באשעפער פון דעם העלד. דאס הייסט, אז די אלע גראבקייטען און ציניזמען און נבול פה קומען ניט ארויס נויטווענדיג פון סאנינ'ס כאראקטער, נאר אז דאס האט ארציבאשעף איהם מיט א כיון אנגעהאנגען. סאנין וואלט געקאנט זיין וואס ער איז, ער וואלט

געקאָנט ארויסקומען גראַד אזוי נאטור־טריי — ניין, ער וואָלט ערשט געוועז נאטור־טריי — אָהן די אומערהערטע גראָבקייטען; צום סיפור המעשה זענען זיי געווים ניט נויטווענדיג.

די באהויפּטונג קאָן ביי מאנכע אויסקומען פּאראדאָקס. וואָס מאכט עס אוים, וועט מען פרעגען, צי סאנין איז דער גראָבער יונג, צי ארציבאשעף? אלע ווייסען, אז ארציבאשעף האָט באשאפען סאנינ'ען, און אז סאנינ'ס גראָבקייטען זענען סוף כל סוף ארציבאשעפ'ס? דאָס איז ניט נויטווענדיג. דער פארפאסער איז ניט אימער דאָסזעלבע וואָס זיין העלד. דער פארפאסער שילדערט פארשידענע כאראקטערען, און ער קאָן דאָך ניט זיין, וואָס אלע כאראקטערען זענען. דער אונטערשיד, נאָך מיין מיינונג, באשטעהט אין דעם, וואָס סאנין איז נאָר דער אינדירעקטער אויסדרוק פון דעם היינטיגען צושטאנד אין רוסלאנד, דאָס ער איז באשאפען געוואָרען מיט דער טענדענץ, ניט צו פרעדיגען, נאָר צו פארטיידיגען אַן אומנאָרמאלען צושטאנד, אז די „סאנינצי" זענען ניט די נאָכפאָלגער פון סאנין, נאָר אז ארציבאשעף האָט געוואָלט געבען א „פילאָזאָפיע", א בארעכטיגונג פאר די עקזיסטירענדע „סאנינצי". און ווייל סאנין איז באשאפען געוואָרען אלס פארטיידיגונג פאר א פארקערט, אומנאָרמאל און עקעלהאפט לעבען, קומט ער ארוים פלאך, רעדט ער גראָבקייטען, וועז ער דארף עס גאָר ניט, איז ער ביי זיין גאנצער חכמה נאריש, ביי זיין גאנצער אויסגעלאסענהייט אַן אנשטענדיגער מאַן, איז זיין „ניי" וואָרט ניט מער ווי אלטע אויסגעדראָשענע פראזען, און זיין ציניזם, אַנשטאָט צו רייצען די נערווען, ווירקט אָפּשטויסענד; אַנשטאָט אויפצורעגען די בלוטען, רופט עס ארוים אַן עקעל...

---

עס איז שוין פיעל מאָל באמערקט געוואָרען, דאָס ביים לעזען א דראמא האָט מען מער פארגניגען, ווי ווען מען זעהט דיזעלבע אויף דער סצענע. ספּעציעל איז דאָס אמת מיט די ווירקליך גרויסע דראמען, ווי שעקספּיער'ס, געטהע'ס אָדער איבסען'ס. דאָס, שיינט מיר, האָבען מיר צו פארדאנקען אונזער אייגענער פאנטאזיע. דער כח הדמיון פון דעם מענשען איז אומבאשרענקט. מיט אונזער פאָרשטעלונג קאָנען מיר פליהען

אין די העכסטע הימלען אריין. מיר קאָנען אפּטאָן די אומ־מעגליכסטע זאכען, מיר קאָנען גלויבען דאָס אומגלויבליכסטע, קיין זאך שטערט ניט דער פאנטאזיע, ווען זי איז מיט זיך אליין. אונזער פאנטאזיע הערט אויף אזוי שנעל, ווי עס מישט זיך אריין די פיזישע קראפט, ווייל די פיזישע קראפט איז גאנץ באשרענקט. דאָס אומענדליכע ענדיגט זיך.

ווען מיר לעזען אין שעקספּיער'ס „ריטשארד דער דריטער" אן אויסגעשריי: „א קעניגרייך פאר א פערד!" שטעלען מיר זיך פאָר אין אונזער פאנטאזיע, אז דער מאן וואָלט ווירקליך איבערגעקערט וועלטען, ווען ער וואָלט געקראָגען א פערד. אָבער ווען מיר זעהען אויף דער סצענע דעם לעבעדיגען מענשען און הערען אים שרייען: „א פערד, א פערד, א קעניגרייך פאר א פערד!" מאכט עס אויף אונז קיין איינדרוק ניט; און אז נאָט העלפט נאָך, דער אקטיאָר פארטשעפּעט זיך, אָדער זיין שטימע איז כריפּלע, אָדער ער האָט זיך מיט א מינוט פריהער צעווערטעלט מיט א קאָריסטקע הינטער די קוליסען, און ער איז ניט אויפגעלעגט, קומט אונז דער געשריי פאָר לעכערליך. אונזער פאנטאזיע, וועלכע איז אומבאשרענקט, ווערט דאָ איבערגעהאקט פון דעם אקטיאָר'ס פיזישער קראפט, וועלכע איז באַגרענעצט. ביים לעזען שטעלען מיר זיך פאָר דעם קעניג ריטשארד ווי א נביא, מיט א כח פון א לעמפּערט און א געשריי פון א לייב — דעם כח פון דעם לעמפּערט און דעם געשריי פון לייב פארגרעסערען מיר אויך אין אונזער פאנטאזיע, ווערענד אויף דער סצענע קאָנען מיר דאָס ניט. דאָסזעלבע איז מיט איבסען'ס נאָרא. ווען איר לעזט די דראמא, שטעלט איר זיך פאָר מי יודע וואָס'ער קראפט עס שטעקט דאָס אין דער פרוי, אָבער ווען איר זעהט זי אויף דער סצענע, אוועקגעהענדיג פון דעם מאן מיט א פאטשיילקע אויף דעם קאָפּ אין א שווארצען איינפאכען קליידעל, פארלירט איר די העלדין און איר זעהט פאר זיך נאָר א שוואכע, הילפלאָזע פרוי, וואָס איז אראָפּ פון איר גדולה, און אנשטאט צו באוואונדערען דעם מוט און די קראפט פון דער פרוי, באדויערט איר די אומגליקליכע, וואָס מוז פארלאָזען איר הויז און אירע קינדער. די פיזישע באשרענקטקייט פון דער אקטריסע האָט איבערגע־

שלאָגען אונזער אומבאגרענעצטע פאנטאזיע. א קונסטווערק קאָן מען אלזא צום בעסטען געניסען, ווען עס וועקט אין אונז די אייגענע פאנטאזיע. די פאָרשטעלונג פון א זאך מאכט א שטארקערען איינדרוק ווי די זאך גופא. דאָס איז אמת אין אלע הינזיכטען, אויך ביי גראָבקייטען. יעדער מענש, ער מעג זיין נאָך אזא צדיק, קאָן פארטראָגען און הנאה האָבען פון א ציניִשען וויץ, אָבער נאָר דאן, ווען איר גיט אים דעם וויץ פארשטעלט, מיט אן אָנצוהערעניש, מיט פינטעלעך... נעמט דעמזעלבען וויץ און צעלייגט אים אויף קליין געלט, און ער עקעלט אָפּ זאָגאר דעם, וואָס איז ניט אזא צדיק. די פאנטאזיע הערט אויף צו שפילען, און דער איינדרוק איז א פארקערטער.

מיט „סאנין“, דעם בוך, איז דיזעלבע זאך: אלעס איז דאָרט געזאָגט אזוי דייטליך, אזוי בולט, אזוי אָפען, אזוי ברוטאל אָפען, אז ניט נאָר רייצט עס ניט די נערוועז און וועקט ניט די נייגירדע, נאָר פּונקט פארקערט: עס עקעלט אייך אָפּ, די פאנטאזיע האָט קיין ארבייט. איר לעזט דאדורך דעם גאנצען ראָמאן ווי א פילאָזאָפישע אָפּהאנדלונג (שלעכטע פילאָזאָפיע נאטירליך); איר קאָנט אויפהערען צו יעדער צייט, איר קאָנט איבערהיפּען בלעטלעך, איר קאָנט עס לאָזען אומגעענדיגט. פון אלע העלדען אין דעם ראָמאן ווערט א תל: לידא געהט זיך דערטרינקען; סעמיענאָף שטארבט פון שווינדזוכט; זארודין שיסט זיך; סאָלאָווייטשיק הענגט זיך; יורי שיסט זיך; סאנין אליין האָט זיך ניט וואו אהינצוטאָן, אָבער איר בלייבט קאלט. איר האָט אויף זיי קיין רחמנות ניט, זיי זענען אייך ניט קיין שאָד; איר באדויערט זיי ניט און זיי געפעלען אייך ניט — איר זייט מיט זיי קיין מחותן. פרעמד זענען זיי אייך געוועזען, און פרעמד בלייבען זיי אייך.

---

ניט בעסער שטעהט עס מיט דער „נייע אידעע“ פון „פרייע ליבע“.

פרייע ליבע, זאָגען אונז די קריטיקער, איז דער שליסעל צום גאנצען ראָמאן. זיי קאָנען דאָך אָבער יענע „פרייע ליבע“ ניט אראָפּשלינגען, שרייען זיי: זנות! אין אמת'ען האנדעלט עס זיך אין דעם ראָמאן ניט פון פרייער ליבע און ניט פון זנות.

די סאָציאַליסטען רעדען מאנכעס מאָל פון פרייער ליבע. די געגנער פון סאָציאַליזם, די הייליגע מענשען, וואָס ווילען אויפהאַלטען די היינטיגע געזעלשאַפט מיט אלע אירע פאַר־דאָרבענהייטען, פאַרטייטשען דאָס וואָרט „פרייע ליבע“ מיט זנות, און זיי מאַכען א געוואַלד, אז די סאָציאַליסטען ווילען צעשטערען די הייליגע פאַמיליע, ווילען פאַרניכטען דאָס טייערסטע וואָס די מענשען האָבען זיך איינגעשאַפט. אָבער דאָס איז א בלבול אויף די סאָציאַליסטען. „פרייע ליבע“ אין מויל פון א סאָציאַליסט, מיינט פונקט דאָס פאַרקערטע, ווי דאָס וואָס די שונאים פון סאָציאַליסטען באַהויפּטען. עס זענען די סאָציאַליסטען, וואָס באַשולדיגען די גאַנצע היינטיגע וועלט אין פּראָסטיטוציע. זיי זאָגען, אז דאָס צוזאַמענלעבען פון מאַן און פרוי אין דער היינטיגער געזעלשאַפט איז אומנאָרמאַל און אומאָנשטענדיג.

דאָס צוזאַמענלעבען פון מאַן און פרוי איז נאַטירליך, נאָר־מאַל און אָנשטענדיג, ווען צו דעם נאַטירליכען טריב פון די מענשען קומט צו ליבע און געגענזייטיגע אכטונג פון די באַטרעפענדע געשלעכטער; עס איז ברוטאַל, גראָב, אומאַנשטענ־דיג און טיריש, ווען מער ווי דער נאַטירליכער טריב איז ניטאָ; עס איז עקעלהאַפט, ווילד און פאַרברעכעריש, ווען איין זייט באַפרידיגט די נאַטירליכע פּאַדאַרפנישען געגען דעם ווילען פון דער צווייטער זייט. דעם סאָרט צוזאַמענלעבען רופען די סאָציאַליסטען פּראָסטיטוציע — פּראָסטיטוציע, וואו איין טייל פאַרקויפט זיך צום צווייטען אויף אימער. און ניט נאָר זאָגען די סאָציאַליסטען, איז אזא צוזאַמענלעבען אוממאָראַ־ליש, עס פאַראורזאַכט נאָך א פּערמאַנענטען שאָדען דער געזעל־שאַפט: עס פירט צו דעם, וואָס דאָס לעבען פון א גרויסען טייל פון דער מענשהייט איז פאַראומערט און פאַרביטערט; עס פירט צו עפענטליכע סקאַנדאַלען, צו שכרות, צו מאָרד און זעלבסטמאָרד; עס דערנידריגט די מענשען אין זייער אייגענעם ווערט; עס ווירקט געפערליך אויף די מאָראַלע דערציהונג פון דעם יונגען דור; עס מאַכט פייגלינגען און היפּאָקריטען פון דעם אַלטען דור.

און די גאַנצע הייראַט־סיסטעם אין דער היינטיגער געזעל־

שאפט, באהויפטען די סאָציאַליסטען איז אזעלכע. זעלטען ווען מענשען פארהייראטען זיך אויס ריינער ליבע, און נאָך זעלטע־נער בלייבען זיי צוזאמען אויס ליבע: עס זענען מייסטענס עקאָנאָמישע אורזאכען, וועלכע זענען דער אָנפאנג און דער צוועק פון דעם הייראטען. עס זענען מייסטענס עקאָנאָמישע אורזאכען, וועלכע האלטען די אויף אזא אופן פארהייראטעטע צוזאמען, טראָץ זייער ווילען, טראָץ זייער נעגענזייטיגען האס.

דאָס אמת׳ע פאמיליען־לעבען אָבער דארף זיין געבויט אויף געגענזייטיגער ליבע און אכטונג. און די ליבע דארף זיין פריי, ניט געצוואונגען, ניט דורך אָפּהענגיגקייט, ניט מיט קייטען.

פון דעם פאָלגט, ערשטענס, אז מענשען דארפען זיך פארהייראטען נאָר אויס ליבע, און, צווייטענס, אז ווען אין פארלויף פון דער צייט האָבען די באטרעפענדע זיך אויפגע־הערט צו ליבען, האָבען זיי ניט נאָר דאָס רעכט, נאָר עס איז זייער פליכט זיך צו שיידען: און די שיידונג דארף געמאכט ווערען אָהן שוועריגקייטען.

אויסגעקלערט האָבען דאָס ניט די סאָציאַליסטען, ביי אי־דען איז דאָ א שפריכוואָרט: „בעסער פיר אין פריידען, איי־דער צוויי אין ליידען". די אידישע תורה ווייס אויך שוין דער־פון; די גאנצע ציוויליזירטע וועלט פּראקטיצירט עס. די סאָ־ציאַליסטען האָבען נאָר דעם געדאנק דערווייטערט און עס באַ־גרינדעט מיט א נייעם פּרינציפּ, מיט דעם ריינעם מענשליכען פּרינציפּ.

די אידישע תורה שרייבט פאָר דעם גט. עס ווערט אלזאָ אין דער תורה אנערקענט דער פּרינציפּ פון שיידען זיך. אָבער אין דער תורה קומט די אידעע ארויס פון דער אידעע פון פרויען־שקלאפעריי. די „פרייע ליבע" אין דער תורה איז איינ־זייטיג. „ווען א מאַן האָט גענומען א ווייב", שטעהט אין דער תורה, „און ער האָט זי פיינד געקראָגען... „וכתב לה ספר כריתות, ושלחה מביתו!", וועלכעס הייסט אין א פרייער איבער־זעצונג, ער קאָן איר געבען דעם לויף־פּאַס און זי שיקען צום טייוועל. דאָס ווייב קאָן גאָרניט טאָן. אויב זי האָט דעם מאַן פיינד געקראָגען, מוז זי ליידען, מוז זי אים ליב האָבען.

די קריסטליכע וועלט, מיט דער אויסנאַם פון דער קאַטוילישער קירך, איז אין דער היינזיבט פיעל ליבעראַלער. דאָ קאָן שוין דאָס ווייב אויך שיקען דעם מאַן צום טייוועל. אָבער דאַן מוז איינער פון די צוויי באַגעהן עהע־ברוך. אַזוי איז צום וועניגּ־סטען אין פיעל פלעצער. אָבער דאָ איז דער פּרינציפּ אַ פאַר־קערטער. ניט דער וואָס האָט אויפגעהערט צו ליבען, קען פאַר־לאַנגען דעם גט, נאָר דער וועמען מען האָט אויפגעהערט צו ליבען. ווי די מעשה זאָל ניט זיין: די גאַנצע וועלט אנערקענט, אַז עס קאָן קומען אַ צייט, ווען מאַן און פרוי האָבען אַ רעכט זיך צו שיידען. נו, קומען די סאָציאַליסטען און זאָגען: די צייט דאַרף זיין, ווען מען הערט זיך אויף צו ליבען. דער פאַקט אליין, אַז מען האָט זיך אויפגעהערט צו ליבען, איז גענוג מען זאָל ניט טאָרען צוזאַמענלעבען.

דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מען האָט אַ רעכט אוועקצו־וואַרפען דאָס ווייב, אָדער דעם מאַן, אַזוי שנעל ווי עס דאַכט זיך אים, אָדער איר, אַז זיי ליבען זיך מער ניט. עס איז אמת, עס זענען פאַראַן אומשטאַנדען וואו דאָס צוזאַמענלעבען ווערט אַ פאַרברעכען. אין די מייסטע פאַלען אָבער דאַרפען די פליכטען זיין פיעל שטאַרקער ווי די „ליבע“. ספּעציעל אין די היינטיגע אומשטאַנדען, ווען די פרוי איז עקאָנאָמיש אבסאָלוט אָפּהענגיג פון דעם מאַן, ווען זי איז אין די מייסטע פאַלען הילפ־לאָז, געבונדען מיט קינדער אויף אירע הענט. עס איז ניט קיין העלדענמוט צו זאָגען: איך האָב מיין ווייב מער ניט ליב, און איך האָב קיין רעכט מיט איר צוזאַמענצולעבען; עס איז גיכער שוואַכהייט און פּייגהייט — די פּייגהייט, וואָס זוכט זיך אָפּצוטרייסלען פון די אייגענע פליכטען. ווייל, נאָך אַלעם איז די טעאָריע פון „פרייע ליבע“ נאָר אַ טעאָריע, גראַד ווי די לערע פון פּריוואַט אייגענטום איז דערווייל נאָר אַ לערע. פּריוואַט־אייגענטום איז אומגערעכט, אָבער דאָס מיינט ניט, אַז יעדער מעג גנב'ענען ביים צווייטען. די סאָציאַליסטען צייגען נאָר אָן, אַז אין דער היינטיגער געזעלשאַפט איז קיין אידעאַלע הייראַט ניט מעגליך, גראַד ווי עס איז ניט מעגליך די אַרבייטער זאָלען ניט ווערען עקספּלואַטירט. און גראַד ווייל די אידעאַלע הייראַט איז ניט מעגליך, זענען די פליכטען נאָך שטאַרקער.

אין דער צוקינפטיגער געזעלשאפט, וואו די פרוי און דער מאן וועלען זיין גלייכגעשטעלט אין אלע הינזיכטען, וועט דאס צע־שיידען זיך ניט זיין אזא עולה, אפילו ווען איין זייט וועט ליי־דען, הייגט אבער איז דאס פראקטיצירען פון „פרייע ליבע“ איינפאך א פארברעכען.

„פרייע ליבע“ מיינט ניט אזא צושטאנד וואו דער מאן אדער די פרוי, ספעציעל אבער דער מאן, האט א רעכט אוועק־צוואארפען איינער דעם צווייטען, ווען אים אדער איר פאר־גלוסט זיך; פרייע ליבע וויל ניט צעשטערען די פאמיליע, אדרבא, זי וויל פארפעסטיגען, מאכען זי ריין, אידע־אל און זויבער; פרייע ליבע מיינט איינצופירען א פאמיליען־לעבען געבויט ניט אויף עקאנאמישען צוואנג, נאר אויף אומ־געצוואונגענער ליבע און געגענזייטיגער אכטונג.

צו רעדען פון סאנין אלס פרעדיגער פון „פרייע ליבע“ איז א גרויס מיספארשטענדנים. אין דעם בוך איז פון דעם אלעם א ווארט ניטא. עס איז איבערהויפט כאראקטעריסטיש פאר סאנין, פאר ארציבאשעף, פאר דעם ראמאן און פאר די הייג־טיגע צושטאנדען אין רוסלאנד, וואס אין דעם גאנצען בוך איז ניטא קיין איין פארהייראט פאר פאלק, אפילו ניט קיין חתן־כלה. עס זענען אינגלעך מיט מיידלעך. אט די אינגלעך מיט מיידלעך, וואס האבען זיך פריהער אזוי געקאכט וועגען דער רעוואלוציע, און וואס האבען איצט ניט מער צו טאן ווי צו געהן שפאצירען אויף דעם בולוואר, פון צייט צו צייט מאכען א הוליאנקע מיט אפיצירען — וואס פילען אוים דעם גאנצען ראמאן.

צו רעדען פון סאנין אלס פרעדיגער פון זנות, איז גראד אזוי פאלש, ווייל, ווי שוין געזאגט, איז סאנין, מיט דעם אויס־נאם פון יורי, דער אנשטענדיגסטער מאן פון דער גאנצער חברה. אז סאנין איז געוועזען בארייט צו לעבען מיט זיין שווע־סטער, וואלט איך די קריטיקער ניט ראטען צו ווידערהאלען אין זיין געגענווארט, ווייל סאנין איז א געזונטער בחור און ער קאן געבען א גוטען פראסק.

אין אייניגע שטעלען, אמת, זענען דא גראבע אנצוהערע־נישען וועגען קוקען אויף דער שוועסטער מיט אויגען פון תאוה,

אָבער די אָנצוהערענישען, איך ווידערהאָל, קומען פון ציבאַ־
שעף, ניט פון סאנין. ער גיט אזעלכע אָנצוהערענישען אויף וועַ־
גען דער שוועסטער. דאָס איז אָבער נאָר איינער פון די פּיעל
פעלערען אין דעם ראָמאַן. דער פּראָפעסער פאַרלאַנגט מען
זאָל אים אַלעס גלויבען אויף דעם וואָרט. פון סאנינ׳ס כאַ־
ראַקטער קומט דאָס ניט אַרויס. דער שרייבער דערצעהלט
אונז, אז דער און דער האָט אזוי געדענקט, און דערביי געברויכט
ער אזא שווינערישע שפּראַך, אַז עס נעמט זיך אַן אַן עקעל.

קומען פון איין זייט די גראָבקייטען נאָר פון אַרציבאַשעף,
איז פון דער צווייטער זייט די „פילאָזאָפיע" פון סאנין אזא
פלאַכע, אזא אויסגעדראָשענע, אזא אַלט־מאָדישע, אז מען מוז
זיך וואונדערען ווי אזוי אינטעליגענטע מענשען קאָנען זיך אויף
איר אָפּשטעלען.

ווער איז סאנין? מיט וואָס באַשעפטיגט ער זיך? וואָס
האָט ער געטאָן אײדער מיר האָבען זיך מיט אים באַקענט?
וואו איז ער געווען אין צייט פון דער רעוואָלוציע? איז ער אַן
אינטעליגענט, א סטודענט, אַן אַרבייטער אָדער גאָר א הולי־
גאַן? דאָס אַלעס ווייסען מיר ניט. מיר קענען ניט זיין פאַר־
גאַנגענהייט, מיר ווייסען ניט זיין געגענוואַרט, און מיר וועלען
קיין מאָל ניט דערגעהן זיין צוקונפט. ער פאַלט אַרונטער ווי
פון הימעל. ער קומט צופאָרען, מיר ווייסען ניט פון וואַנען,
און ער ווערט פאַרשוואונדען מיר ווייסען ניט וואוהין. זיינע
יונגע יאָרען האָט ער פאַרבראַכט ניט אין דער היים. אויף דער
פראַגע: וואָס ער האָט געטאָן די גאַנצע צייט, ענטפערט ער
זיין מוטער: „איך האָב געטרונקען, געגעסען, געשלאָפען,
אַמאָל געאַרבייט און אַמאָל גאָרניט געטאָן". ער דערצעהלט
ווייטער, אז ער האָט פיעל געליטען, פיעל געהונגערט, געווען
פאַרוויקעלט אין געפערליכע רעוואָלוציאָנערע אונטערנעמונגען,
און האָט דאָס אוועקגעוואָרפען אזוי שנעל, ווי עס האָט אים
דערעסען. דאָס אַלץ דאַרפען מיר אים גלויבען אויפ׳ן וואָרט.

ווי דענקט ער איצט צו לעבען? „ווי עס איז!" ענט־
פערט ער. וואָס דאַרף ער זאָרגען? עס וועט זיך שוין לעבען!
ער איז איבערהויפּט א מענש, וואָס נעמט זיך ניט פיעל צום
האַרצען, א „מלכה בעז דאגה". אים אינטערעסירט אפילו ניט צו

זיין ערצעהלונג מאכט אן איינדרוק. דאָס ווייכטיגסטע ביי אים איז: לעבען א גוטען טאָג, הנאה האָבען פון לעבען, עסען, טרינקען, שלאָפען, זיך לאָזען וואוילגעהן מיט מיידלעך — דאָס איז דער צוועק פון לעבען. אלעס אנדערע איז ניט ווערט קיין דרייער. זיין „אָפענהערציגקייט", זיין גראָבקייט, זיין זאָגע־נאנטע „פרייע ליבע" קומט ביי אים ניט ארויס צוליב וועלכע עס איז אידעען, אָדער אידעאלען, אָדער פון אויסגעלאסענהייט, ניין! צו געניסען שעהנע מיידלעך איז א טייל פון לעבען, און מען דארף זיך ניט אָפּזאָגען, ווען עס מאכט זיך א גוטע געלע־גענהייט. בראָנפען טרינקען איז ביי אים גראָד אזא אידעאל. פליכטען? אין דעם גלויבט ער ניט. אויב איינער האָט אָפּגע־טאָן אן אקט מיט א מיידעל, און זי איז בעת מעשה געווען צו־פרידען, האָבען זיי איינס צו ס'אנדערע קיין פאראנטוואָרטליכ־קייט. אי, די רעזולטאטען? די רעזולטאטען זענען דאָך אָפּט אזעלכע, וועלכע מאכען דעם מאַן קיין שוועריגקייטען, ווערענד דאָס מיידעל ווערט פאראומגליקט אויפ'ן גאנצען לעבען? ווע־גען דעם דענקט ער גאָר ניט. עס איז ניט זיין שולד, וואָס די מענשען זענען נאריש און נעמען אויף זיך צרות. פאר דעם ערגסטען פאל איז דאָ אן אָפּעראציע.

אזוי שטעלט אונז ארציבאשעף פאָר זיין סאנין: א גע־זונטער, שטארקער מענש, וועלכער וויל געניסען דאָס לעבען, ניט נעמענדיג אויף זיך די פליכטען פון לעבען — אפילו ניט די פליכטען פון זיין אייגענעם גענוס.

אין דעם אליין שטעקט שוין א ווידערשפּרוך. געניסען דאָס לעבען איז פארבונדען מיט פליכטען. גענוס אָהן פליכטען איז אן אוממעגליכקייט. שוין דאָס אליין, וואָס מען מוז זיך דעם גענוס פארשאפען, צווינגט ארויף פליכטען. בראנפען, און סאנין האָט ליב אביסעל בראָנפען, קאָן מען נאָר קריגען, ווען מען ערפילט געוויסע פליכטען. געניסען דאָס לעבען קאָן מען ניט אליין, מען מוז צו דעם האָבען געזעלשאפט, און געזעל־שאפט צווינגט ארויף פליכטען. גענוס אָהן פליכטען איז ניטאָ; אָדער מען ערפילט פליכטען, אָדער מען קאָן ניט געניסען. דער וואָס וויל געניסען אָהן פליכטען, דער מוז אין פאָראויס זיין א שווינדלער און א באַטריגער, ער מוז פארשפּרעכען און נאכהער,

דורך ליגען, זיך ארויסדרעהען פון זיינע פליכטען. אין פאַל פון צוזאמענלעבען מיט א פרוי, מוז מען אין פאַראויס זיין א קאַלט־בלוטיגער גזלן, א פארדאַרבענער מענש ביז׳ן ביין. עס איז לייכט צו זאָגען אין אזא פאַל: דער בחור מיט דעם מיידעל האָבען דיזעלבע פאראנטוואָרטליכקייט, אָבער עס איז ניט אמת. פון אָנפאנג אָן זענען די פאָלגען פאר דער פרוי אומגעהייער שווערע, ווערענד דער מאן שפּילט זיך נאָך אמאָל אוים אלס פיי־נער יונג. סאנינ׳ס עצה פון א קרימינעלער אָפּעראציע איז גאָרניט אזא קליינינגקייט. סאנין וואָלט גאָרניט געווען אזא חכם, ווען נאָך יעדען שארלאטאנסקען אקט זיינעם, וואָלט ער זיך געמוזט לאָזען מאכען אן אָפּעראציע, ביי וועלכער מען שפּילט מיט דעם לעבען. די „פילאָזאָפיע" פון גלייכער פאראנטוואָרטליכקייט זעצט אלזאָ פאָראוים א פאַרדאָרבענעם, כאראקטערלאָזען מענ־שען. און סאנין איז דאָס ניט. סאנין, ווי שוין געזאָגט, איז אפשר דער אָנשטענדיגסטער מאן אין דעם גאנצען ראָמאן. דאָ־דורך, ווען עס קומט אוים דורכצופירען די „פילאָזאָפיע" אין פּראקטישען לעבען, האנדעלט סאנין פּונקט פארקערט. ער האנדעלט ווי אלע געוויינליכע מענשען. און דאָס באווייזט, אז זוכענדיג צו פארטיידיגען אן אומנאָרמאלען צושטאנד, וועלכער לאָזט זיך ניט פארטיידיגען מיט גראָבע ווערטער, האָט ארציבאשעף באשאפען א שטרויענעם מענשען, א מענשען, וואָס רעדט ווי א סאָלדאט און האנדעלט ווי א דזשענטעלמאן. נעמט אוועק ארציבאשעפ׳ס גראָבקייטען, און סאנין איז א געוויינ־ליכער אָנשטענדיגער מענש.

סאנין האָט א שוועסטער, לידיא, א געזונט, שעהן, לע־בעדיג און פרעהליך מיידעל. אין דיזער שוועסטער איז פארליבט דער דאָקטאָר נאָוויקאָוו. לידיא ווייס פון דער ליבע. זי האָט אייגענטליך גארניט געגען אים, און זי וואָלט אים אודאי אויך זעהר ליב געהאט, ווען.... ווען עס וואָלט זיך ניט אונטערגערוקט דער אָפיציר זארודין. פון זארודין האָט לידיא ניט זעהר קיין גוטע מיינונג, נאָוויקאָוו שטעהט ביי איר פיעל העכער, אָבער זארודין איז א שעהנער, געזונטער און מענליכער פון נאָוויקאָוו׳ן. דערצו איז ער אן אָפיציר, א ראָטנע קאָמאנ־דיר. ער קומט מיט דעם שעהנעם מונדיר, מיט די קלינגענדיגע

שפּאָרען, מיט די פאַרדרעהטע וואָנסעלעך, אז עס ברענט אונטער אים. נו, איז זי אין אים „פאַרליבט“. דאָס איז אפילו נאַריש פון איר, אָבער אזעלכע נארישקייטען האָבען מיידלעך באַגאַנגען זייט עס זענען דאָ, און וועלען באַגעהן ווי לאַנג עס וועלען זיין אָפיצירען אויף דער וועלט. דער אָפיציר זארודין, ווי געוויינליך אַן אָפיציר, איז אַ גרויסער שאַרלאַטאַן. ער האָט לידיא ניט ליב, ער ווייס אפשר גאָרניט וואָס הייסט ליבען, ער האָט אָבער אַ שטאַרקע תאוה צו מאַכען דאָס שטאָלצע, לוסטיגע און לעבעדיגע מיידעל פאַר „זיינע“. עס קומט אים אזש די סלינע אין מויל אריין, ווען ער פאַנטאַזירט פון דעם וואָס וועט פאָרקומען, ווען לידיא וועט ווערען „זיינע“. און, ווי עס פירט זיך אויף דער וועלט, ער האָט איר גובר געווען; און אזוי שנעל, ווי ער האָט איר גובר געווען, און אזוי שנעל, ווי ער ווערט געוואָר, אז זי איז שוואַנגער פון אים, וויל ער זיך פון איר פּטור'ן. ווען זי זאָגט אים, אז איר איז נאָר געבליבען זיך צו נעמען דאָס לעבען, האָט ער גאָרניט איינצוואַווענדען. עס וואָלט אפשר טאַקע געווען אַ גלייכע זאַך: עס וואָלט אים אראָפּ אַ קלאַפּאָט פון קאָפּ, און ער וואָלט אויסגעמידען אַ סקאַנדאַל.

לידיא איז פאַרצווייפעלט. איר איז פינסטער און ביטער. זי קאָן זיך קיין עצה ניט געבען. וואָלט זי געווען אַ פאַרנינפטיג מיידעל; וואָלט זי אליין ניט געווען קיין צעלאָזענע, און וואָלט זי זיך פאַרבונדען מיט זארודין אוים ליבע, וואָלט זי וואַרשיינליך געזאָגט ווי געטהע'ס מיידעל „פאַר דעם געריכט“:

פאָן וועם איך'ס האבע, דאָס זאָג איך אייך ניכט.  
דאָס קינד אין מיינעם לייב, —  
פּפוי! שפּייט איהר אויס, די הורע דאָ!  
בין דאָך איין עהרליך ווייב.

לידיא איז אָבער ניט קיין פאָרטגעשריטענע. פון דעם אלעם, וואָס איז אין דער לעצטער צייט פאָרגעקומען אין רוסלאַנד, האָט זי אפנים גאָרניט געהערט, און דאָס איינציגע, וואָס איר בלייבט צו טאָן, איז זיך צו דערטרינקען.

סאנין, איר ברודער, האָט גראָד גע'שכור'ט און געשפּילט אין קאָרטען ביי זארודין אין שטוב, ווען לידיא איז

געקומען זיך ערקלערען מיט איר פאַרפירער, און טראָץ דעם, וואָס אים אַרט, דאַכט זיך, ניט קיין זאַך, האָט ער פון דעסט־וועגען ניט געקאָנט רוהען. ווען דער דינער האָט געמאָלדען, אַז אַ יונג מיידעל איז געקומען, האָט ער געוואוסט, אַז דאָס איז זיין שוועסטער לידיא, און ער האָט ניט געקאָנט איינרו־הען. ער האָט זיך פאַר'גנב'עט אונטער דעם פענסטער פון זאַ־רודינ'ס צימער, און האָט זיך איינגעקוקט און איינגעהערט, וואָס דאָרט קומט פאָר. לידיא, ארויסגעהענדיג, האָט באַשלאָ־סען זיך צו דערטרינקען, אָבער ווי עס פירט זיך אין ראָמאַנען, האָט זי אַזוי לאַנג „פּסיכאָלאָגיזירט" ביז, ביז... ביז זי האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן איר ברודער סאַנין. און, נאַטירליך, ער האָט זי ניט געלאָזען זיך טרינקען. דאָ הייבט זיך אָן זיין זאָגע־נאַנטע פילאָזאָפיע. ער זאָגט איר, און גאַנץ ריכטיג, אַז זי האָט ניט קיין אורזאַך זיך צו נעמען דאָס לעבען; אַז מיט איר טאַט האָט זי קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן; זי איז די איינציגע, וואָס קאָן ליידען דערפון, און עס איז ניט קיינעמס דאגה וואָס זי האָט געטאָן מיט זיך. דאָס, וואָס זארודין האָט מיט איר ניט חתונה, איז גראָד גוט, ווייל זי דאַרף וויסען, אַז ער איז אַ פּאַרך און אַ פּאָדליעץ. אויסער דעם איז זי נאָך אַזוי שעהן און אַזוי רייצענד, אַז עס איז פשוט אַן עבירה זי זאָל זיך נעמען דאָס לעבען א. א. וו.

וואָס זאָל זי אָבער טאָן איצט? זי קאָן זיך דאָך אויפ'ן גאַס ניט ציינען. אויף דעם האָט ער אַ לייכטע עצה: זיך מאַ־כען אַ קרימינעלע אָפּעראַציע און זיך פּטר'ן פון דעם אומגע־בעטענעם גאַסט, פּונקט ווי זארודין. ווען לידיא האָט דער־צעהלט זארודינ'ען איר צרה, איז זיין ערשטער געדאַנק געוועזן: איר געבען געלט, זי זאָל זיך לאָזען מאַכען אַן אָפּעראַציע. לידיא וויל אָבער פון דעם ניט הערען. זי קאָן זיך אויף אַזאַ זאַך ניט באַשליסען. ביי איר איז ליבער זיך צו נעמען דאָס אייגענע לעבען.

ווילסט ניט, זאָגט ער, האָב איך אַן אַנדער עצה. מיר וועלען די גאַנצע זאַך האַלטען בסוד. איך וועל זעהן זארודין זאָל פון דאַנען אוועקפאָרען, און נאָוויקאָוו זאָל מיט דיר חתונה האָ־בען. וואָלסט זיך דאָך פאַרליבט אין נאָוויקאָוו'ען, ווען זארודין

דין וואָלט זיך ניט געוועז אונטערדרוקען. און אויב נאָוויקאָוו וועט ניט וועלען, וועט עס זיין זיין אייגענע שולד. ער וועט קעמפפען מיט דיזעלבע פאָראורטיילען, אין וועלכע ער גלויבט אליין ניט. „ווען ער וואָלט געוועז ווירקליך קלוג, וואָלט איס ניט געארט, וואָס דו ביזט מיט איינעם געשלאָפען, אנטשולדיג דעם גראָבען אויסדרוק.“

אזוי טענה'ט סאנין מיט זיין שוועסטער. ער איז, דאכט זיך, גאָר ניט אזוי גיי, און ער איז גאָרניט אזוי געפערליך. ער געפינט זאָגאר פאר נויטיג זיך צו אנטשולדיגען פאר א גראָבען אויסדרוק, א זאך, וואָס פאלט ארציבאשעפ'ן קיין מאָל ניט איין, ווען ער רעדט אליין.

סאנין געהט ענדליך צו נאָוויקאָוו'ן, און פארפארטיגט אים ביסלעכווייז, ביז ער זאָגט אים ענגליך אויס דעם גאנ־צען אמת. און נאָכדעם זאָגט ער פאָלגענדעס: „הער אויס, מיר איז אלץ איינס, צי דו וועסט חתונה האָבען מיט לידיא'ן, צי דו וועסט געהן צום טייוועל, אָבער איך וויל דיר זאָגען: ביזט אן אידיאָט! — ווען אין דיין שארבען וואָלט געוועז כאָטש איין איינציגער גראדער און ריינער געדאנק, וואָלסט דו דען געוועז אזוי געליטען און וואָלסט געמאכט אומגליקליך זיך און אנדערע נאָר צוליב דעם, וואָס א „זי“, א פרייע און א יונגע, אויסקלייבענדיג זיך אן „ער“, האָט געמאכט א טעות, און איז געוואָרען ווידער פריי ערשט נאָכדעם געשלעכטליכען פאר־קער, און ניט פריהער... איך זאָג דיר — אָבער דו ביזט ניט דער איינציגער. אייערע אידיאָטען, וואָס מאכען דאָס לעבען אן אוממעגליכע תפיסה, אָהן זון און פרייד — זענען דאָ אין די מיליאָנען!“ נאָך דעם זאָגט ער אים נאָך עטליכע אמת'ן אויף א זעהר גראָבען אופן, און ענדיגט: „וואָס ארט דיך איר פארגאנגענהייט? אפנים דיך פארדריסט, וואָס אן אנדערער, און ניט דו, האָט איר בארויבט איר אומשולד?“ אזוי ארום וויל ער אים איינשמועסען חתונה צו האָבען מיט לידיא'ן. ער פארלאנגט אָבער צו דערזעלבער צייט, אז נאָוויקאָוו זאָל זיך ניט איינרעדען אז ער טוט עפּעס א גרויסע זאך. ער פארלירט אין דעם גאנצען עסק — גאָרניט. לידיא איז פונקט דיזעלבע, ווי פריהער.

דאָ האָבען מיר ווידער שטאַרקע ווערטער, גרויסע גראָב־קייטען, וועלכע זענען אָבער נאָר ניי מיט זייער גראָבקייט. דאָס וואָס סאַנין טוט דאָ, טוט יעדער איינפאַכער מענש, יע־דער פרומער איד. ניט מער, ער רעדט אַביסעל איידעלער.

וואָס טוט אַ פרומער איד, אַ איד אַ נגיד, ווען מיט זיין מיידעל טרעפט זיך אַן אומגליק? ער געפינט אויס אַ יונגען מאַן, איז מוסיף עטליכע טויזענטער, און שטעלט אַ שנעלע חופה. דער פרומער איד איז אָבער דערביי געטריי צו זיך, און איז פיעל לאָגישער פון סאַנין. אַז זארודין דער אָפיציר האָט ניט חתונה מיט לידיא, פון דעם איז סאַנין צופרידען, ווייל זארודין איז אַ פאַרך און אַ פּאַדליעץ. וואָס אָבער פאַרלאַנגט ער פון נאָוויקאָוו'ן? דער ארגומענט, וואָס ער גיט נאָוויקאָוו'ן מעג זיך זיין אין גאַנצען אמת, ער פּאַסט זיך אָבער ניט דאָ אהער. וואָלט נאָוויקאָוו געווען אַ גאַנץ פרעמדער, וואָלט זיך שוין געפּאַסט אים צו פרעגען: וואָס אַרט דיך איר פאַר־גאַנגענהייט? נאָוויקאָוו איז אָבער געווען אין לידיא פאַרליבט פון פריהער, זי האָט דערפון גאַנץ גוט געוואוסט; זי וואָלט געווען מיט אים צופרידען, ווען ניט דער שאַרלאַטאַן זארודין. סאַנין האָט זיך פריהער ניט אריינגעמישט. איצט, ווען זי האָט זיך געלאָזט פאַרפירען פון דעם שאַרלאַטאַן — איצט קומט ער אים פּרעדיגען צו זיין ליבעראַל.

נאָוויקאָוו לאָזט זיך איינריידען. און פּונקט ווען ער קומט צו לידיא, קומט אויך אריין זארודין. סאַנין מאַכט ניט קיין לאַנגע שהיות און טרייבט אים ארויס ווי אַ הונט און עס איז קיין וואונדער: זארודין האָט געקאָנט קאַליע מאַכען דעם גאַנ־צען עסק, וואָס סאַנין האָט אַזוי ביטרע אָפּגעאַרבייט.

זיין „פילאָזאָפיע" האָט ער אַלזאָ ניט דורכגעפירט, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען זיין שוועסטער.

נאָך ווייניגער פירט ער דאָס דורך, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אים אליין:

**אין דער גאַנצער צייט**, וואָס מיר קענען זיך מיט סאַנין, טוט ער קיין עולה ניט. ער רעדט פון צייט צו צייט גראָבע ווער־טער, אמאָל קלוגע, אמאָל נארישע, אָבער ביים ריידען בלייבט עס. איינמאָל האָט אים געטראָפען אַן אומגליק [illegible] זיין באַ־

קאנטער, קארסאווינא, זעהר א שעהן מיידעל, וועלכע איז אויך געווען האלב אויסגעלאסען. קארסאווינא איז געווען פארליבט אין יורי, אין סאנינ'ס געזעלשאפט האט זי זיך פונדעסטוועגען גע..לט גאנץ באקוועם. סאנין האט אבער אימער געהאנ־דעלט ווי א דזשענטעלמאן. איינמאל דורך א ריינעם צופאל, האט ער זי בייגאכט אפגעפירט אהיים אויף א לאדקע. און דאן איז געשעהן, וואס האט ניט באדארפט געשעהן. אבער אין דעם פאל איז דאס מיידעל פיעל מער שולדיג געווען פון אים. און ווי האט ער נאכהער געהאנדעלט? באלד אין דער פריה איז ער געלאפען צו איר. ער האט איר גענומען אויסריידען, ער האט איר געוואלט פארשלאגען איר צו געבען זיין נאמען. ער איז געווען בארייט צו טאן אלעס פאר איר, און ווען דאס אלעס האט זיך ניט איינגעגעבען, ווייל זי איז געווען פארליבט אין יורי, געהט ער ענדליך אוועק מיט די ווערטער: „אויב איר וועט זיך ווען עס איז נויטיגען אין הילף, דאן קומט צו מיר". און נאך דעם אלעם, האט ער זיך ערשט ניט געקאנט געפינען קיין ארט אין שטעטעל, און ער פארט אוועק.

.2

פון אלעם דעם, איז לייכט צו זעהען, אז סאנין איז ניט דאס, וואס ארציבאשעף האט געוואלט פון אים מאכען; אז ער איז ניט דאס, וואס אונזערע „קריטיקער" זאגען אונז ער איז. ניט נאר איז ער ניט וואס זיי ווילען פון אים מאכען, ער קאן דאס ניט זיין לויט זיין נאטור. די כלומר'שטע „פילאזאפיע" פון „געגנוס אהן פליכטען" איז אזא, וואס קאן נאר דורכגעפיהרט ווערען, און דאס אויך נאר טיילווייז, ביי א גאנץ פארדארבענעם מענשען. און סאנין איז ניט קיין פארדארבענער מענש, און ער טאר דאס ניט זיין. דער גאנצער ראמאן וואלט קיין ווערט ניט געהאט, סאנין וואלט ניט געווען דער העלד, וואס ער איז, ווען ער זאל ווערען ארויסגעשטעלט אלס לומפ. ארציבאשעף איז געצוואונגען ארויסצושטעלען סאנינ'ען אלס גוט־הארציגען, ארענטליכען מענשען, און אלס אזעלכער איז זיין „פילאזיפיע" קיין פילאזאפיע און זיין „לערע" קיין שמעק טאבאק ניט

ווערט. דאָס פּיקאַנטע, דאָס אומאַנשטענדיגע, דער ציניזם, די גראָבקייטען און וואולגאַריטעט, אויף וועלכע דער עולם האָט זיך אָפּגעשטעלט; מיט איין וואָרט: די אַלע זאַכען, וועלכע, ווי איינינע מיינען, גיבען דעם בוך זיין ספּעציעלען ווערט, זענען גראָדע די זאַכען, וואָס מאַכען דעם בוך אַבשטויסענד, וואָס נעמען אַוועק זיין יעדען ווערט.

ווען דאָס ווערק איז ביי אַלעם דעם אַ וויכטיגע ליטעראַרי־שע ערשיינונג, און דאָס קאָן מען ניט אָפּלייקענען, איז עס ניט צוליב די גראָבקייטען, נאָר צום טראָץ פון זיי, איז עס ניט צו־ליב די „נייע לערע", נאָר צום טראָץ פון איר... עס איז ניט סאַנין'ס „פילאָזאָפיע", וואָס מאַכט דאָס בוך וויכטיג, נאָר די אינהאַלטסלאָזיגקייט פון דער „פילאָזאָפיע"; עס איז ניט די „לערע" פון סאנין, נאָר דער געגצליכער באַקראָט פון דער לערע, וואָס גיט דעם בוך זיין ווערט. עס איז ניט סאַנין'ס חכמה, נאָר זיין נאַרישקייט; ניט זיין לאָגיק, נאָר זיין אונקאָנ־זעקווענץ; ניט זיין רעדען, נאָר זיין האַנדלען, דאָס האַנדלען, וואָס שטעהט אין ווידערשפּרוך צום רעדען, וואָס מאַכט עס ווערט מען זאָל פון דעם ווערק איבערהויפּט רעדען.

ווען איינער זאָל מיט איין איינציג ווערק וועלען אי־בערציינען, אַז די קונסט איז ניט קיין בת השמים, וואָס האָט מיט אונזער זינדיגער וועלט ניט צו טאָן, נאָר אַז זי איז ניט מער ווי אַן אָפּשפּיגלונג פונ'ם לעבען; ווען איינער זאָל מיט איין איינציג ליטעראַריש ווערק וועלען איבערציינען, אַז דער קינסטלער קאָן זיך ניט אַרויסהויבען פון זיין אומגעבונג, און אַז די ליטעראַטור־קריטיק באַלאַנגט הויפּטזעכליך צו דער אַפּטיילונג פון סאָציאַל־פילאָזאָפיע — דאַן וואָלט ער ניט גע־קאָנט אויסוועהלען קיין בעסער ווערק ווי אַרציבאַשעף'ס „סאַנין". עס איז אוממעגליך צו רעדען וועגען „סאַנין", ניט באַרירענדיג דערביי די צושטענדע אין רוסלאַנד. דער, וואָס קען ניט די צושטענדע אין רוסלאַנד, פאַר דעם איז „סאַנין" אַ בוך מיט זיבען זיגלען.

ווען מען באַטראַכט דאָס בוך פון דעם שטאַנדפּונקט, איז סאַנין'ס פילאָזאָפיע ניט וויכטיג פאַר דעם ראָמאַן. דאַן איז סאַנין אַפילו ניט דער הויפּט העלד פון דעם ראָמאַן. דאָס

וואָס ארציבאַשעף רופט דאָס בוך „סאנין", מיט וועלכען ער וויל אונז זאָגען, אַז סאנין איז זיין הויפּט־העלד — מיט דעם באווייזט אונז דער פּראָפעסאָר נאָר, אַז ער אליין געפעלט זיך בעסער אלס ציניקער, אלס „גראָבער יונג". דאָס מאַכט אָבער ניט סאנינ'ען פאר די וויכטיגסטע פיגור. דאָס בוך האָט גראָד אזוי גוט געקענט הייסען „סאנין און יורי", אָדער „יורי" אליין, ווייל יורי שפּילט גראָדע אזא גרויסע און אפשר נאָך א גרע־סערע ראָלע אין דעם ראָמאַן, ווי סאנין, און זאָגאר דאָס קליינ־טשיקע, דאַרינקע אידעלע סאָלאָווייטשיק, וועלכען מען זעהט קוים ארויס, שפּילט ניט קיין קליינע ראָלע, ווען ניט אין דעם ראָמאַן גופא, אָבער אין דעם, וואָס גיט דעם ראָמאַן זיין גרויסען ווערט...

---

מענשען, וואָס זענען רעוואָלוציאָנער געזאָנען, ווערען גע־ווייגליך באַגייסטערט, ווען מען דערמאָנט זיי דאָס וואָרט רע־וואָלוציע. זיי באטראכטען די רעוואָלוציע אלס דעם ערלעזער פון דער מענשהייט, אלס די אורזאכען פון דעם גאַנצען מענש־ליכען פאָרטשריט, אלס די זאַך, וואָס וועט אין דער צוקונפט באפרייען די מענשהייט פון אלע צרות און ליידען, אונטער וועל־כע זיי זענען נאָך יעצט אונטערוואָרפען. דאָס אלעס מעג זיך זיין גאַנץ אמת. מיר פארגעסען אָבער איין זאַך. מיר פארגעסען, דאָס ווערענד עס איז אמת, אז די ענדליכע רעזולטאַטען פון א רעוואָלוציע זעענן וויכטיג און הייל ברענגענד פאר דער מענש־הייט, איז אָבער די רעוואָלוציע גופא א שווידערליכע אונטער־נעמונג, א ביטערע ערפאַרונג, אין בעסטען פאל, א געפער־ליכע, הגם נויטיגע, אָפּעראַציע; אַן אָפּעראַציע, וועלכע פאר־שאפט די טיילנעמער שווערע שמערצען — אַן אָפּעראַציע, וועלכע שוואַכט אָפּ אויף א לאַנגער צייט דעם גאַנצען געזעל־שאַפטליכען קערפּער, אפילו דאַן, ווען זי געלינגט, און וועלכע ברענגט טויט און פאַרווּיסטונג, ווען זי גיט זיך ניט איין.

דאָס איז ניט קיין אפּיקורסות געגען רעוואָלוציע. דאָס וויל איך נאָר מאַכען אַן אונטערשייד צווישען נאָך דער רעוואָלוציע און די רעוואָלוציע גופא, צווישען נאָך א געלונגענער רעוואָלוציע, און נאָך א רעוואָלוציע, וואָס איז ניט געלונגען.

און די שלימסטע פאַלגען פון א ניט זיגרייכער רעוואָלוציע, זענען ניט די קרבנות, זענען ניט תליות, זענען ניט די טורמעס. גרויזאם און שוידערליך ווי די זאכען זענען אין זיך אליין און פאר די אומגליקליכע אָפּער, זענען זיי ווייט ניט אזוי שלעכט ווי דאָס, וואָס א גאנצער דור, דער דור וואָס האָט זיך באטייליגט אין דער געגעבענער רעוואָלוציע, ווערט דע־מאָראַליזירט, רואינירט און פארניכטעט אויף אייביג, קערפּער־ליך ווי גייסטיג; וואָס דאָס נאָרמאַלע לעבען פאנגט זיך ניט ווידער אָן, ביז עס וואקסט ניט אויס א צווייטער, און אפשר א דריטער דור.

פאר אלעם איז עס די יוגענד.

עס איז נאטירליך די יוגענד זאל זיך אריינוואַרפען אין דער רעוואָלוציע מיט איר גאנצען יוגענדליכען פייער. ווען די רעוואָלוציע ענדיגט זיך מיט א נידערלאגע, ליידט דערפון צום מייסטען אָט דער יונגער דור. ניט נאָר האָט דער דור פארלאָרען דער קאמף, ער האָט אויך פארשפּילט די יאָרען, אין וועלכע מענשען פארפארטיגען זיך געוויינליך צום קאמף אומס דאזיין. מיר זעהען דאָס היינט צו טאָג אין רוסלאנד: טויזענדער יונגע לייט האָבען צוליב דער רעוואָלוציע פארשפּילט זייער לעבען. א טייל סטודענטען האָבען אוועקגעוואָרפען זייער סטודיום, אנדערע זענען פארטריבען געוואָרען פון די אוניווערזיטעטען. די ארבייטער האָבען אויפגעגעבען זייער ארבייט. פיעל האָבען קיין צייט ניט געהאט זיך צו צופּארטיגען צום אוניווערזיטעט, אָדער זיך אויסצולערנען אן ארבייט. די רעוואָלוציע איז געוואָרען די באשעפטיגונג פון טויזענדער יונגע לייט. און יעצט, ווען אלעם האָט זיך דערווייל געענדיגט, און געענדיגט מיט א ני־דערלאגע, זענען די מייסטע פון זיי צו אלט און צו שוואך, אנדערע ניט צוגעפערטיגט ווידער אויפצונעמען דעם סטודיום, אָדער זיך אויסצולערנען א מלאכה, אָדער וועלכע עס איז פּראָ־פעסיע. דער רעזולטאט איז, אנטוישונג, פעסימיזם, אומצופרי־דענהייט מיט זיך און מיט דער וועלט.

דאָס איז די מאטעריעלע זייט. ניט בעסער שטעהט עס מיט דער גייסטיגער זייט. די צייטען פון דער רעוואָלוציע זענען הייסע. מענשען לעבען מיט דער נשמה אין האנט. די כוואליעס

שלאָגען הויך. די אידעאַלען און די אונטערנעמונגען זענען רי־
זיגע. לעבען איז ביליג. מען געהט אויף סכנות, טאַנצענדיג, און
די מענשען וואקסען ביי זיך אוים זעהר גרוים. זיי פיהלען, אז
זיי ריזיקירען מיט זייער לעבען, אז זיי געהען אויף דער תליה
פאר ערהאבענע אידעאַלען, פאר דער באפרייאונג פון זייער פאָלק
אָדער זייער לאַנד, און זיי פארגעסען דאן אן די אידעאַלען און
אָן די קרבנות פון דעם טאָג־טעגליכען לעבען. דאָס אַלטעגליכע
לעבען קומט ביי זיי אוים וואָכעדיג, גשמיות׳דיג אומאינטערע־
סאַנט, איינפאך און גראָב. ווען זייער אייגענע טעטיגקייט ענ־
דיגט זיך, און ווען עס ענדיגט זיך מיט א נידערלאגע, דאן
ווערט דאָס גאַנצע לעבען גשמיות׳דיג, פראָסט, אומאינטערע־
סאַנט, דאן איז ניטאָ צו וואָס צו לעבען... אזוי ווי דער צו־
שטאַנד געהט האַנט אין האַנט מיט דער אומפעהיגקייט און אומ־
מעגליכקייט צו פארדינען אויף א לעבען, ווערט דער פעסימיזם
און אומצופרידענהייט אזוי אלגעמיין, אז ניט נאָר איז ניטאָ צו
וואָס און מיט וואָס צו לעבען, עס איז אויך ניטאָ קיין כח צו
לעבען, און קיין מוט צו שטאַרבען...

די גרעבערע, די פּראָסטערע נשמות, די וועלכע זענען מיט־
געשלעפּט געוואָרען מיט דעם שטראָם צוליב דער אוואַנטיורע, די
פאר וועמען די געפאר אליין איז אָנציהענד — אָט די
מענשען וועלען פאר א געוויסער צייט פּרובירען צו פארטויבען
דעם צושטאַנד מיט שכרות. זיי וועלען זאָגען ווי קהלת:
הבל הבלים! און וועלען אויסנוצען זייער לעצטע מעגליכקייט צו
פרעסען, זויפען און ניאוף... ווערענד די איידעלערע מענשען
וועלען אריינפאלען אין א מרה שחורה, אין א פעסימיזם, אין
א צווייפלען אין אלע אידעאַלען, אין דער גאַנצער מענשהייט, אין
זיך אליין, ביז זיי וועלען קומען צום שלוס, אז „דאָס לע־
בען איז ניט ווערט צו לעבען". עס וועלען דאן אנטשטעהן פאר־
שידענע טעאָריעס, דער רעזולטאַט פון אָן אומנאָרמאַלען לעבען.

אז דער צושטאַנד הערשט יעצט אין רוסלאַנד, ווייס
יעדער אינטעליגענטער מענש. דאָס גאַנצע לעבען איז ארויס
פון די זאַוויעסעס. טויזענדער יונגעליט האָבען זיך ניט צו וואָס
צו נעמען. א י י ן  ט י י ל  ה אָ ט  ז י ך  נ י ט  א ו י ס ג ע ־
ל ע ר ע נ ט  א ר ב י י ט ע ן, א  צ ו ו י י ט ע ר  ט י י ל

האָט פארגעסען צו אַרבייטען, אָדער האָט ניט ביי וואָס צו ארבייטען. יונגע און שעהנע מיידלעך זענען פארעלטערט און מיאוס געוואָרען, ווי האָבען זיך אָבגעריסען פון די אינגערע, זיי האָבען פארלאָרען זייער געלעגענהייט... צו דער זעלבער צייט הערשט די רעאקציע. די הויכע אידעאלען זענען ניט נאָר ניט דורכגעפירט געוואָרען, עס זעהט אויס, אז זיי וועלען שוין קיינמאָל ניט אויסגעפירט ווערען. און די פראגע אנטשטעהט: צו וואָס לעבען? צו וואָס זיך מקריב זיין? פאר וועמען פאר וואס? און, פון דער צווייטער זייט: ווי קאָן מען לעבען אזא פראָזאאישען, איינפאכען, אלטעגליכען לעבען, וואָס ברייננגט ניט קיין אויפרעגונג, וואָס גיט ניט די מעגליכקייט צו באגעהן העלדענטאטען? אָדער די פראגע שטעלט זיך גאר: צו וואס זיך מקריב זיין? צו וואס דער ליארעם? וועמען טוט מען גוטס? איז ניט גלייכער צו לעבען א גוטען טאָג, עסען און טרינקען און זיך לאָזען וואויל־געהן? יענעם טוט מען קיין שלעכטס און זיך — גוטס. דער רעזולטאט איז: פון איין זייט פארמערען זיך די זעלבסט־מאָרדען, פון דער צווייטער — די אויסגעלאסענהייט.

אָט דער צושטאנד, דער גייסטיגער פעסימיזם און קער־פערליכע צעלאָזענקייט, שילדערט ארציבאשעף אין זיין ראָמאן „סאנין“, און די שילדערונג גיט דעם בוך זיין ווערט.

אז סאנין רעפרעזענטירט מיט זיך איין זייט פון דעם צושטאנד, האָבען מיר שוין געזעהן. מיר האָבען אויך געזעהן, אז סאנינ'ס פאָזיציע איז ניט קיין אויסגעהאלטענע, אז ער אליין האנדעלט אנדערש ווי ער רעדט. נאָך אינטערעסאנטער אָבער איז, אז אין זיין רעדען זאָגאר איז ער, ווי די „קריטיקער“ וואָלטען געזאָגט: „פסיכאָלאָגיש פאלש“.

סאנין האלט, אז מען האָט א רעכט זיך צו לאָזען וואויל־געהן מיט מיידלעך. אז פאר די קאנזעקווענצען איז מען ניט, און מען דארף ניט זיין, פאראנטוואָרטליך. נו, איז ער באקאנט מיט איין מענשען, וואָס האנדעלט נאָך זיין „פילאָזאָפיע“. דאָס איז דער אָפיציער זארודין. ער שארט זיך צו צו זיין שוועסטער לידיא, און ער האָט אויך ערפאלג. על פי שכל, ד. ה. על פי סאנינ'ס שכל, האָט ער גאָר ניט באדארפט האָבען צו

אים. לאָזט זיך אָבער אויס, אז ער האָט זארודינ׳ען פיינט פון דער ערשטער מינוט אָן. און דאָס מערקווירדיגסטע פון אלעם איז, וואָס זיין גאנצע לערע, די „זאפט“ פון זיין לערע זאָגט סאנין ארויס נאָר אויף אַ שפּאַס, אום צו געבען זארודינ׳ען אַ טיפען שטאָך.

איין אָוועגט האָט זיך סאנינ׳ען פארגלוסט צו באגלייטען דעם אפיציער זארודין.

סאַנין און זארודין זענען, כמעט־שטילשווייגענד, צוגע־גאַנגען צו דעם אָפיציר׳ס הויז. דעם גאַנצען וועג האָט סאנין זיך אלץ איינגעקוקט אויף דעם אָפיציר און זיך אַלץ מיישב געווען, צי זאָל ער אים נית צעפראסקען די מאָרדע.

— נו, יאָ, — מאַכט סאַנין שוין ביים סאַמע הויז, — אויף דער וועלט זענען דאָ אַלערליי לומפען!

— וואָס הייסט? — האָט מיט ערשטוינונג געפרעגט זאַרודין, אָנשטעלענדיג אויף אים אַ פּאָר אויגען.

— גלאַט אַזוי, אין אַלגעמיינעם... און די לומפען זענען די אינטערעסאַנטסטע מענשען...

— וואָס טוט זיך מיט אייך? האָט זאַרודין געלאכט. געוויס. אויף דער וועלט איז גאָר ניטאָ עטוואָס לאַנגוויליגע־רעס פון אַן ערליכען מענשען. וואָס איז אַן ערליכער מענש? דער פּראָגראם פון ערליכקייט און טוגענד איז שוין פון לאַנג באַוואוסט און מען קאָן צו אים קיין בייעס ניט צולעגען. ניט גנב׳ע, ניט זאָג ליגען, ניט זיי פאלש, ניט זיי מזנה... און די הויפּטזאַך, וואָס אַלע די חטאים זענען איינגעקאָרעניעט אין יעדען מענש: יעדער מענש זאָגט ליגען, איז פאלש און איז „מזנה“ אויף וויפיל זיין כח טראָגט אים אויס.

זארודין איז מיט דעם ניט איינפארשטאנען. נאָך אים קומט אויס, אז עס זענען דאָ אָרענטליכע מענשען, אז די גאנצע וועלט איז ניט פארדאָרבען. סאנין באווייזט אים, אז דער צוועק פון לעבען איז צו האָבען פארגניגען, אז עס ליגט אין דעם מענשענ׳ס נאטור אלעם צו פארלאנגען, פון קיין זאך זיך ניט אבצוהאלטען, אז אפילו אזעלכע אָרענטליכע מענשען ווי זיי ביידע, זארודין און ער, ווילען אויך אמאָל זינדיגען. „יא“, זאָגט סאנין, „די לומפען — דאָס זענען די אויפריכטיגסטע מענ־

שעהן, דערצו נאָך, די אינטערעסאנטסטע, וואָרים צו דער מענש־ליכער לומפּעריי קאָן מען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען קיין גרע־נעץ... מיט דעם גרעסטען פארגניגען דריק איך די האנט פון א לומפּ"... און דערביי האָט ער געדריקט די האנט פון זארודין, און, ווי ניט אים מיינט מען, האָט ער אים נאכהער געזאָגט: „א גוטע נאַכט" און איז אוועקגעגאנגען.

זארודין האָט ניט געוואוסט, צי ער זאָל די ווערטער אָנ־נעמען פאר ערנסט, צי ניט. און איך בין זיך מודה, אז איך וויים אויך ניט וואָס צו מאכען פון דעם געשפּרעך. אַלע זיינע רייד, דאכט זיך, דריקען אוים סאנינ'ס שטאנדפּונקט, אָבער ווי עס זעהט אוים, האָט ער עס נאָר געזאָגט כדי צו קרענ־קען זארודין, צו געבען אָן אָנצוהערעניש, אז ער איז א לומפּ. אזא גראָבען פעהלער, ווי דער, וואָלט ארציבאשעף, וועלכער איז נאָך אַלעם א באדייטענדער קינסטלער, ניט גע־קענט מאכען. פון מיין אויבענגעזאָגטען שטאנדפּונקט אָבער, ערקלערט זיך די זאך לייכט: סאנינ'ס לאָגיק איז זיין אומלאָגיק; סאנין איז נאָרמאַל, ווען ער איז אַבנאָרמאַל. ער איז נאטירליך געשילדערט, ווען ער האנדעלט אומנאטירליך...

די וויכטיגקייט פון סאנין באשטעהט, אלזא, ניט אין זיין „נייע לערע", וועלכע איז ניט ניי און ניט קיין לערע; זיין וויכטיגקייט באשטעהט אין דעם, וואָס ער איז דער טיפּ פון א גרויסען טייל פון דעם יונגען רוסלאנד נאָך דער נידערלאגע, וואָס די רעוואָלוציע האָט געליטען.

---

א צווייטער טיפּ, וועלכער כאראקטעריזירט די צווייטע זייט, דעם גייסטיגען פּעסימיזם, און וועלכער איז פיעל וויכטי־גער, איז יורי סוואראזשעץ.

פּונקט ווי סאנין, איז אויך יורי נאָר וואָס געקומען צו פאָרען אין דעם שטעטעל אריין. אָבער אים קענען מיר שוין אביסעל מער פון סאנין. ער איז געווען א סטודענט פון מאָ־סקווער אוניווערזיטעט. נאָך איידער ער איז אהיים געקומען, האָט ער אין א בריף געשריבען, אז ער איז געזעסען א האלב יאָר אין טורמע, אז מען האָט אים אויסגעשלאָסען פון אוני־ווערזיטעט און אז מען שיקט אים ארוים „פּאָד נאדזאר פּאָ־

ליציע" (אונטער די אויפזיכט פון פּאָליציי). זיין פּאָטער, אַן אַלטער, אויסגעדינטער פּאָלקאָווניק, וואָס האָט ניט דעם זוהנ'ס איבערציייגונג, וואָס באַטראַכט זיין גאַנצע טעטיגקייט, אַלס קינדישע דומהייטען, האָט די גאַנצע געשיכטע זעהר געקרענקט, אָבער ער האָט ליב דעם זוהן און ער נעמט אים אויף זעהר ליבליך.

יורי האָט זיך גענומען זעהר ערנסט. ער איז ניט געוועזן קיין אבי־ווער. ער איז געוועזן א מיטגליד פון קאָמיטעט. און דערפאַר האָט אים איצט, ווען ער איז געקומען אהיים, די זאַך זעהר געקרענקט. ביים ארויסשיקען פון מאָסקווע, האָט ער זיך געקענט אויסקלייבען, וועלכע שטאָדט ער האָט געוואָלט, און ער האָט זיך אויסגעקליבען זיין היים.

ער האָט געדענקט, און איהם האָט זיך געוואָלט דענקען, און ער האָט געזאָגט דאָס ערשטע וואָס אים איז געקומען אין קאָפּ אריין, אָבער דאָס איז ניט געוועזן אזוי: יורי האָט זיין גאַנץ לעבען אָפּגעלעבט ניט פון זיין אייגענער ארבייט, נאָר פון דעם פאָטער'ס שטיצע, און אים איז געוועזן שרעקליך זיך מיט אמאָל צו געפינען איינער אַליין, אָהן הילף, אין אַן אומבאַקאַנטען פּלאַץ, צווישען פרעמדע מענשען. ער האָט זיך געשעמט מיט דעם געפיהל, און ער האָט דאָס זיך אַליין ניט געוואָלט מודה זיין. אָבער איצט האָט ער געדענקט, אז ער האָט ניט גלייך געטאָן. די עלטערען האָבען ניט געקאָנט באַגרייפען אָדער מסכים זיין צו זייגע מעשים, דאָס איז געוועזן קלאָר. דאַן האָט זיך נאָך צוגעמישט די מאַטעריעלע לאַגע — צו ליגען אויף דעם טאַטענ'ס קאַרק אַזוי פיעל איבעריגע יאָרען — און דאָס אַלעס צוזאַמען האָט אָנגעמאַכט, אַז גוטע, הערצליכע און אינטימע באַציהונגען האָט צווישען זיי ניט געקאָנט זיין. אַ חוץ דעם, מוז אין דעם קליינעם שטעטעלע, וואו ער איז שוין ניט געוועזן צוויי יאָר, זיין זעהר סמוטנע. אַלע קליינשטעטעלדיגע מענשען האָט יורי באַטראַכט פאַר מיטעלמעסיגע באַלעבאַטים, וועלכע זענען ניט פעהיג צו פאַרשטעהן, און וועלכע אינטערעסירען זיך ניט מיט די פראַגען פון פילאָזאָפיע און פּאָליטיק, וועלכע ער, יורי, האַלט פאַר דאָס איינציגע פאַרנינפטיגע און אינטערעסאַנטע אין לעבען.

און אזוי איז יורי, פון דער ערשטער מינוט, וואָס מיר באַ־קענען זיך מיט אים, מעלאַנכאָליש. ער ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער אליין איז אזא וויכטיגע פערזאָן, עפעס א קליי־ניגקייט! און דאָ קאָן אים קיינער ניט פארשטעהן. וואָס וועט ער דאָ טאָן אין דעם שטעטעלע? וואָס׳ער זין האָט אזא לעבען? וואָס׳ער ראָלע שפילט דאָס לעבען ווען מען מאכט ניט קיין רעוואָלוציעס?

טאָמער איז אים ווענינ זיין אייגענע מרה שחורה, האָט אים סעמיאָנאָף נאָך צוגעשמאָלצען. סעמיאָנאָף איז א געווע־זענער סטודענט. יעצט איז ער שווינדזוכטיג און ער ריכט זיך יעדען טאָג אויף דעם טויט. אים געהט נאטירליך אויך ניט איין דאָס לעבען. ווען ער איז אין געזעלשאפט, פארגעסט ער זיך, קען ער לאכען, שטיפען און זיך ווערטלען, אָבער ווען ער איז מיט זיך אליין, דאן פיהלט ער, אז זיין לעבען איז גאָר ניט ווערט.

פונקט אזוי ווי סאנין האָט אהיים באגלייט זארודינ׳ען, אזוי האָט יורי איין אָוועגט באגלייט סעמיאָנאָפ׳ען. אויפ׳ן וועג האָט מען זיך פאנאנדערגערעדט. יורי האָט אים דערצעהלט וואָס פאר א וואזשנער מענש ער איז, וואָס פאר א גרויסע ראָלע ער האָט געשפילט צווישען די סטודענטען. דאן איז ער איבער־געגאַנגען צו דעם, ווי די רעוואָלוציאָנערע שטימונג צווישען די מאסען איז געפאלען, „און מען האָט געזעהען, אז ער האָט ערנסט געליטען פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט".

— איר האָט געלעזען בעבעל׳ס לעצטע רעדע? — האָט ער געפרעגט.

— געלעזען — האָט געענטפערט סעמיאָנאָף.

— נו, וואָס?

סעמיאנאָף האָט געגעבען א שטאַרקען, אומצופרידענעם מאַך מיט זיין שטעקען.

— אָט וואָס איך וועל אייך זאָגען — האָט סעמיאנאָף גע־ענטפערט צעטראָגען — איך וועל אייך זאָגען, אז איך שטאַרב אוועק.

און ער האָט ווידער געגעבען א מאך מיט זיין שטעקען און זיין שווארצער שאָטען האָט די באוועגונג ווידערהאָלט.

— אָט, איר מיינט, אַז דאָס אַלעס איז זעהר וויכטיג. — חינטער'ן רוקען שטעהט דער טויט, יעדע באוועגונג מיינע היט ער. וואָס איז מיר בעבעל! איין פלוידערזאק פלוידערט איינס, אַ צווייטער וועט פלוידערען עפּעס אַנדערש, און מיר, אלץ איינס, איז ניט היינט — מאָרגען צום שטאַרבען.

— אָט, איר מיינט, אז דאָס אלעס איז זעהר וויכטיג. — דאָס וואָס האָט פּאַסירט אין דער אוניווערזיטעט, און וואָס בעבעל האָט געזאָגט... און איך דענק, דאָס ווען איך וועט, ווי מיר אויסקומען צו שטאַרבען, און צו וויסען באשטימט, אַז איר שטאַרבט, וועט איך ניט איינפאלען צו דענקען, אַז די רעדעס פון בעבעל, ניטשע, טאָלסטאָי, אָדער פון וועמען עס זאָל ניט זיין... האָבען וועלכען עס איז זין.

אזוי טענה'ט סעמיאָנאָף צו יורי. נאכהער ערקלערט ער, ווי עס ווילט זיך אים ניט שטארבען, ווי ביטער עס איז צו דענקען, אז מען וועט אים אריינלעגען אין א קאלטען, פינ־סטערען קבר; ווי ער וועט ליגען א טויטער און וועט פון קיין זאך ניט וויסען, און דאָ, אויף דער ערד וועט אלץ אָנגעהן ווי פריהער: די מענשען וועלען ווייטער לעבען ווי פריהער, וועלען אלץ טאָן די זעלבע זאכען, גראדע ווי יעצט, ווען ער לעבט נאָך, ווי מען וועט פארבייגעהן זיין קבר, זיך אבשטעלען צו פאר־ריכטען די באדארפנישען, און ער וועט ליגען און פוילען. „וואָס מיר בעבעל, טאָלסטאָי, און מיליאָנען אנדערע קאָמענדיאנט־סקע אייזלען! האָט סעמיאָנאָף שארף און מיט ביטערניש אויסגעשריען."

„זייט געזונד, האָט סעמיאָנאָף געזאָגט שטיל — איך געה דאָ אריין."

און זיי זענען זיך צעגאנגען.

דער געשפּרעך האָט יורי'ן גאָר צעדרעהט. דאָס ביסעל ליכטיגקייט, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אין זיין נשמה, איז אין גאנצען אויסגעלאָשען געוואָרען. אלעס איז ביי אים אויס־געקומען ווי געשטאָרבען — די גאנצע וועלט איין גרויסער קבר. און אים האָט באנג געטאָן פאר זיין פארגאנגענהייט. די גאנצע ביזהעריגע טעטיגקייט, אין וועלכע ער איז געווען אריינגעטאָן מיט זיין גאנצער נשמה, צו וועלכער ער איז געווען אזוי איבער־

גו.געבען, און אין וועלכער ער האָט אזוי שטארק געגלויבט, איז אים איצט אויסגעקומען, איז ניט דאָס, וואָס ער האָט באַדארפט טאָן.

יורי קאָן אביסעל שמירען מיט'ן פינזעל. ער האלט זיך נאטירליך פאר א גרויסען ארטיסט. ער שרייבט אויך אין די צייטונגען. אָבער צו וואס ער נעמט זיך, קומט ארויס קאפויר.

בינו־לבינו איז ער באקאנט געוואָרען מיט קארסאווינא, זעהר א שעהן מיידעל, און זי איז אים שטארק געווען געפעלען. „ער האָט ליעב געהאַט אזעלכע הויכע, שעהן געבויטע און פולע פרויען, מיט שעהנע שטימען און צארטע, אביסעל סענטימענטאלע אויגען", ווי קארסאווינא איז געווען. דאָס מיידעל האָט אים אויף א ווײלע אזוי ווייט געבראכט צו זיך, אז אים האָט זיך געוואָלט מאָלען א בילד, וואָס זאָל פארשטעלען „לעבען". ער האָט זיך גענומען צו דער ארבייט און צוגעגרייט א גרויסען לייוואנד. ער האָט זיך שטארק געאיילט, די אידעע זאָל חלילה ניט אנטלויפען פון אים. ער ארבייט שווער און לאנג, אָבער וואס ווייטער ער קריכט אריין אין זיין בילד, אלץ ווייטער איז ער פון „לעבען". פלוצלונג דערמאָנט ער זיך, אז דאָס לעבען איז איבערהויפט א טרויעריגע זאך, אז ער וועט נאָך מוזען לאנג, לאנג בלייבען אין דעם קליינעם שטעטעלע. און דאן — דאן קומט דער טויט, פאלט אים איין א געדאנק, און א קאלטער שוויים באדעקט זיין שטערען.

די ענדע איז, ער ווארפט אוועק דאָס „לעבען", און נעמט זיך מאָלען דעם „טויט".

ער שרייבט אן ארטיקעל אין א צייטונג. נאָוויקאָוו לויבט דעם ארטיקעל, אָבער אים פארדריסט, פאר וואָס ער האָט עס געשריבען. „נו", זאָגט ער, „עס וועלען עס איבערלעזען צוויי־דריי אידיאָטען, וואָס וועט דערפון ארויסקומען? און סוף כל סוף, צו וואָס איז עס מיין עסק? צו וואָס זיך אין גאנצען שלאָגען קאָפּ אָן וואַנט, פרעגט זיך!"

און ער נעמט צווייפלען, צי עס לוינט זיך איבערהויפּט צו ארבייטען פאר דער מענשהייט. צי האָבען די אלע זאכען, ווי רעוואָלוציע און קאָנסטיטוציע איבערהויפט א ווערט? „און זאָל מען ווידער דענקען נור וועגען זיך... צו וואס קען איך זיך

דערשלאָגנען? אין בעסטען פאַל, קאָן איך מיט מיינע טאַלאַנטען און טאַטען זיך מאַכען באַרימט, זיך אָנ׳שכור׳ן מיט דעם כבוד פון מענשען, נאָך נידריגערע און ניכטסווירדיגערע פון מיר — דאָס הייסט, דיזעלבע מענשען, וועלכע איך קאָן ניט שעצען, און פון וועלכע צו קריגען כבוד, דאַרף מיך, אין אמת׳ן, ניט אינטערעסירען... און נאָך דעם? לעבען — לעבען ביז צום קבר... ניט ווייטער! און די לאָרבער־קראַנצען וועלען צום סוף נאָך צוּוואַקסען צום הוילען שאַרבען, אַז עס וועט נאָך דערעסען."

זיין פעסימיזם גערט אַזוי ווייט, אַז ער נעמט דענקען פון זעלבסטמאָרד. אָבער ער האָט אויף דעם ניט קיין כח און ניט קיין מוט. ער האָט איבערהויפּט ניט קיין כח צו טאָן קיין זאַך. ער איז פאַרליעבט אין קאַרסאַווינא, אָבער ער קאָן ניט ליעבען. ער קאָן אפילו ניט זינדיגען. די קאַרסאַווינא איז גאָר ניט קיין צדקניות, און זי גיט אים אַלע געלעגענהייטען, אָבער ער קאָן זיך ניט באַנוצען דערמיט. מיט איין וואָרט: ער איז אַן איי־בערגעפירטער מענש. ער האַלט זיך פאַר אַ גרויסען מענשען, מיט טיפער פילאָזאָפיע, מיט הויכע אידעאַלען, וועלכע די מענש־הייט קאָן גאָר ניט באַגרייפען, אָבער ער אַליין איז ניט זיכער מיט זיינע אידעאַלען. ער צווייפעלט אין דער מענשהייט, ער צוויי־פעלט אין דער פרייהייט, ער צווייפעלט אין דער מעגליכקייט צו ווערען באַרימט, ער צווייפעלט אין דעם ווערט פון דעם רום, ער צווייפעלט אין דעם לעבען און אין דער מעגליכקייט צו שטאַרבען. אָבער זיין צווייפעל איז ניט דער צווייפעל פון אַ האַמלעט. ער שטעלט זיך ניט קיין גרויסע אויפגאַבען. זיין צווייפעל איז דער רעזולטאַט פון אַ קראַנקער, צעוועהטאָגטער, אנטוישטער נשמה, וועלכע קאָן מער ניט לעבען. ער נעמט זיך צום סוף דאָס לע־בען. אָבער זיין שטאַרבען איז נאָר געווען אַ צופאַל. און סאַנין באַמערקט גאַנץ ריכטיג: אַז פינף מינוט איידער ער האָט זיך געשאָסען, האָט ער ניט געוואוסט, אַז ער וועט זיך שיסען. דאָס שיסען איז ביי אים נאָר געווען אַ פּראָבע. ער האָט שוין פריהער איינמאָל פּרובירט זיך צו שיסען, אָבער דאָס ערשטע מאָל האָט זיך דאָס ניט איינגעגעבען.

אָט דאָס זענען די צוויי הויפּט־טיפּען אין אַרציבאַשעפ׳ס

ראָמאַן, און ביידע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר די צייטען און צושטענדע אין היינטיגען רוסלאַנד. „איך קוק אויף דיר", זאָגט כאַנין צו נאָוויקאָוו'ן, „און טראַכט זיך: אָט איז אַ מענש, וועלכער איז אונטער אומשטאַנדען, פעהיג פאַר וועלכער עס איז קאָנסטיטוציע אין דער רוסישער אימפּעריע צו געהן זיצען אויף זיין גאַנץ לעבען אין שליסעלבורג, צו פאַרלירען אַלע זיינע רעכט, פרייהייט, אַלעס... עס געהט אים גאָר אין לעבען אַ קאָנסטיטוציע... ווען מען נעמט אָבער מיט אים רעדען וועגען דעם, ער זאָל בייטען זיין אייגען אַרט לעבען, וואָס האָט אים דערעסען, און זאָל געהן זוכען אינטערעס און זין אנדערשוואו, שטעלט זיך ביי אים באַלד די פראַגע: און פון וואָס וועל איך לעבען? און צי וועל איך ניט פאַרפאַלען ווערען, איך, דער געזונטער און שטאַרקער מענש, ווען איך וועל פאַרלירען מיין געהאַלט"...

און ווען נאָוויקאָוו ענטפערט אים דאָס זענען אידעען, לאַכט ער: דו ווערסט דאָך מיר ניט איינרעדען, אז דיר ציהט דאָס הארץ מער צו אַ קאָנסטיטוציע, ווי צו פאַרבעסערען דיין אייגען לעבען.

סאַנין לאַכט אַלזאָ אָפּ פון אַלע אידעאַלען און קומט צום שלום: הכל הבל! אַלץ, וואָס מען דאַרף, איז לעבען אַ גוטען טאָג. אָבער דאָס ווערט ביי אים ניט דורכגעפירט. ניט אין זיין טעאָריע און ניט אין דער פּראַקטיקע. און צום סוף ווערט אים אַליין פאַרמיאוס'ט דאָס לעבען. איין שעהנעם טאָג גנב'עט ער זיך אוועק פון דער היים און פאָרט אוועק. וואו פאָרט ער? ניט מיר ווייסען, ניט ער אַליין וויים. ער זעצט זיך אריין אין דער באַן, פאָרט אָפּ עטליכע סטאַנציעס און ער שפּרינגט ארויס פון וואַגאָן.

יורי נעמט אויך צווייפלען אין די אידעאַלען פון פרייהייט און קאָנסטיטוציע, ער וויים אָבער ניט וואס צו טאָן מיט זיך. זיין פּעסימיזם איז פון אַן איידעלערען סאָרט, ער בלייבט דאָדורך ניט שטעהן ביי זיין איך, ווי סאַנין טוט. יורי נעמט אויך דענקען וועגען זיין איך, ערקלערט אויך, אז עס איז ניט כדאי צו לעבען, אָדער מקריב צו זיין דאָס לעבען פאַר דער מענשהייט, אז עס איז פיעל בעסער צו זעהן זיך צו פאַרזאָרגען. אָבער דער

גערשאנק באפרידיגט אים נאָך וויניגער ווי די איבריגע גערשאנקען, און ער ענדיגט זיין לעבען מיט דעם רעוואָלווער...

סאנין אליין גיט אלזאָ דעם ראָמאן ניט זיין ווערט. סאַנינ׳ס „פילאָזאָפיע" פארקלענערט דעם ווערט. סאנין און יורי צוזאמען מאכען ערשט דעם ראָמאן פאר א וויכטיגער ערשיינונג: סאנין, ווייל ער קאָן ניט פילאָזאָפירען; יורי — ווייל ער קאָן ניט לעבען. אָבער סאנין און יורי זענען ניט די איינציגע. זיי זענען, אמת, די הויפטהעלדען, אָבער זיי אַליין וואָלטען ניט געווען גענוג צו מאכען דאָס בילד אזוי בולט ווי עס איז האָרט געמאָלען. די שאטירונגען, די זייטענשטריכען פון א בילד גיבען אָפט דעם בילד זיין גרויסען ווערט און צייגען די קראפט פון דעם קינסטלער. און ארציבאשעף איז א באדייטענדער קינסטלער, דאָס קאָן מען פון אים ניט אוועקנעמען, טראָץ אלע פעהלערען פון זיין „סאנין". דאָס האָט ער צום בעסטען באוויזען מיט זיינע שאטירונגען און זייטענשטריכען.

פאר אַלעם איז עס סאָלאָווייטשיק.

סאָלאָווייטשיק? דאָס קלינגט אידיש. וועלכער קינסטלער קאָן מאָלען דאָס היינטיגע רוסלאנד אָהן א אידען? סאָלאָווייטשיק שפּילט אין דעם ראָמאן, ווי אין דעם לעבען, א זייטיגע ראָלע, אָבער נעמט אים אוועק, און דאָס בוך פארלירט א העלפט פון זיין ווערט...

סאָלאָווייטשיק איז א אידישער יונגערמאן, א נידריגער, א דארער, א נערוועזער, א שוואַכער, מיט אויסגעפּוילטע ציינער. ווי עס שיינט, איז ער א טעטיגער סאָציאליסט. גראד אין דעם שטעטעל, וואו אונזער געשיכטע פאסירט, איז נאָך די באוועגונג ניט אין גאנצען טויט, ווען מיר זאָלען גלויבען יורי׳ס שוועסטער, ליאלא, א פרעהליך, לאבעדיג און פוסט מיידעל. זי איז זעהר באשעפטיגט. זי האָט גאר ניט קיין צייט זיך צו לאנגווייליגען.

„עס איז איצט אַזאַ אינטערעסאנטע צייט", זאָגט זי איר ברודער, „אז עס איז פשוט אן עבירה זיך צו לאנגווייליגען. איך באשעפטיג זיך יעצט מיט די ארבייטער. דאן פארנעמט מיר זעהר פיעל צייט די ביבליאָטעק"... הכלל, זי איז נאָך אליין אַ דער באוועגונג. מען האָט פאררופען א פארזאמלונג. די

פאַרזאַמלונג איז, נאַטירליך, אין סאָלאָווייטשיק'ס קוואַרטיר. סאָ־לאָווייטשיק באַזאָרגט אַלעס. ער רופט איין די פאַרזאַמלונג, ער זעהט עס זאָל אַלעמען זיין בעקוועם, ער פאַרשאַפט אויף די אַר־בייטער צום מיטינג. און אַז ער האָט אַלעס אויפגעטאָן, שטופּט מען אים און מען שטויסט אים פון אַלע זייטען, ווי געווענליך. עס געפינט זיך שוין איינער, און דאָ איז עס גראַד דער פּאָרזיצענדער, וואָס האַלט אים פאַר איבריג, גיט דאָס אים צו פאַרשטעהן. סאָלאָווייטשיק באַליידיגט זיך ניט, ער איז אַלעס מקבל באַהבה, אַבי נור צופרידען צושטעלען. ער איז איבערהויפּט א מענש, וואָס האָט פיינט קריג, און וואָס וויל נאָר זעהען שלום. ווען ער איז מיט זיך אליין, און סאָלאָווייטשיק האָט קיינעם ניט ארום זיך אויסער א הונט, דאַן באַפאַלט אים א גוואַלדיגע מרה שחורה, און אומגעהייערער טרויער און בענקשאַפט, און ער פיהלט זיך דאַן קלענער, שוואַכער און הילפ־לאָזער, ווי ער איז.

וואָס פעהלט סאָלאָווייטשיק'ען? איז עס די נידערלאַגע פון דער רעוואָלוציע, וואָס דריקט אים? איז עס זיין עלענד, זיין אומבאַהאָלפענקייט? אָדער איז עס זיין שיקזאַל אַלס איד און דער שיקזאַל פון זיינע מיט־אידען וואָס מאַכט אים אַזוי טרויעריג? מיר ווייסען דאָס ניט. דער פאַרפאַסער, מיט א פיי־נעם קינסטלערישען טאַקט, זאָגט אונז דאָס ניט. עס שיינט, אַלע זאַכען צוזאַמען דריקען אים. ער ווייס נאָר, ער קאָן ניט לעבען. ער האָט אָבער ניט קיין מוט צו שטאַרבען. ערשט ווען סאַנין, מיט זיין אָפענעם ציניזם, זאָגט אים, אַז מען דאַרף קאָנען שטאַרבען, ווען מען קאָן ניט לעבען, ערשט דאַן, מאַכט ער אַן ענדע צו זיין טרויעריגער עקזיסטענץ.

ווי שוין געזאָגט, שפּילט סאָלאָווייטשיק גאָר קיין ראָלע ניט אין דעם ראָמאַן, אָבער פאַר דעם בילד, וואָס ער גיט פון דעם היינטיגען רוסלאַנד איז ער ניט אָפּצושאַצען. געגענאיבער סאָלאָווייטשיק'ען פאַרשווינדען אַלע העלדען. ביי אַלע פיהלט זיך א שטייפקייט, א געמאַכטקייט. פון סאַנין איז אָבגערעדט, ער געהט די גאַנצע צייט אויף שטאָלצען, אפילו יורי מאַכט א שווערען איינדרוק. דער לעזער פיהלט יעדענפאַלס מיט אים ניט מיט, און אויף זיין טויט פאַרלירט מען ניט קיין טרער.

סאָלאָווייטשיק איז דער איינציגער, וועלכער מאַכט אונז ערשט פיהלען מיט זיך. זיין טרויער, זיין בענקעניש, ווייל עס קומט דורך אזוי פיעל פארשידענע אורזאכען, ווייל עס איז אזוי אומ־באשטימט, ברענגט ערשט ארויס אין אונזער באוואוסטזיין דעם גאַנצען אבגרונד אין וועלכען דאָס לעבען אין רוסלאַנד, און ספּעציעל דאָס לעבען פון די אידישע רעוואָלוציאָנערען, איז ארייננעוואָרפען. עס איז אמת, אויך סאָלאָווייטשיק איז ניט דער אמת'ער העלד. סאָלאָווייטשיק, ווי ארציבאַשעף שטעלט אים ארויס, הגם זעהר סימפּאַטיש, איז, ווי מיר שיינט, ניט דער היינטיגער איד, ניט דער אידישער רעוואָלוציאָנער, אָבער פאַר ארציבאַשעפ'ס צוועק, פאַר דעם צוועק צו מאָלען דעם אלגעמיינעם פּעסימיזם, די אבהענגיגקייט איז ער פאָלשטענדיג. אגב אורחא, א דאַנק סאָלאָווייטשיק'ען, דערקאָנען מיר אויך בעסער סאַנינ'ען. עס איז אין זיין געשפּרעך מיט סאָלאָוויי־טשיק'ען וואו מיר ווערען געוואָר, אז סאַנין איז גאָר ניט אזא געפערליכער מענש.

א צווייטער זייטענשטריך, וועלכער וואַרפט א ליכט אויף דעם לעבען אין רוסלאַנד, איז די פאַרזאַמלונג, וואָס יורי'ס שווע־סטער, צוזאַמען מיט אירע העלפער, האָבען איינבארופען. דער גאַנצער פאַראיין איז געמאַכט פאַר די ארבייטער. די פאַרזאַמ־לונג איז ספּעציעל פאַר די ארבייטער. נו, קומען אלע צוגעהן: נאָוויקאָוו, קאַרסאַווינא מיט איר חבר'טע דובאָווא, א לערע־רין, אן אַלטע מויד; דער אפיציער פאָן־דייטש, א גרויסער אידיאָט, וועלכער האַלט זיך פאַר א טאָלסטאָיאַנער; יורי, סאַנין, איוואַנאָף, מיט איין וואָרט: אלע זיינען דאָ — אויסער די ארבייטער.

— וואו זענען די ארבייטער? — פרעגט דער פאָרזיצענ־דער סאָלאָווייטשיק'ען.

— אָט קומען זיי גלייך, — ענטפערט סאָלאָווייטשיק. — איך האָב נאָך זיי עקסטרא געשיקט.

אלע וואַרטען אויף די ארבייטער. ענדליך הערט זיך א גערויש, סאָלאָווייטשיק נעמט זיך פאַרען. די ארבייטער געהען. עס עפענט זיך די טיר און עס קומען אריין די ארבייטער — צוויי מאַן שטאַרק.

— און וואָרום איז ניקאָלאַיעוו ניט געקומען? — פרעגט אומצופרידען גאזשיענקאָ, דער פּאַרזיצענדער.

— ניקאָלאַיעוו קאָן היינט ניט קומען, ענטפערט איינער פון די ארבייטער.

— ניקאָלאַיעוו איז טויט שכור — שלאָגט איבער דער צווייטער ארבייטער.

אז די „ארבייטער“ זיינען שוין דאָ, נעמט מען זיך צו דער פאַרזאמלונג. דאָ ערשט ווייזט זיך ארויס, אז קיינער ווייסט ניט דעם צוועק פון דער פאַרזאמלונג. עס הויבט זיך אָן א צאַנקעריי וועגען דעם פּראָגראם. יעדער וויל דעם צווייטען אריבער־שרייען. יעדער וויל ווייזען, אז ער איז געבילדעטער פון דעם צווייטען, און די ענדע איז, מען צעגעהט זיך מיט גאָר ניט.

דער צושטאנד באווייז זיך נאָך בעסער ביי יורי'ס לויה. יורי האָט זיך געשאָסען. ער איז געווען א וויכטיגער מענש, א „קאָמיטעטשיק“, א מאָסקווער סטודענט. די גאַנצע שטאָט וועט אודאי קומען צו זיין לויה. אָבער קיינער קומט ניט, אויסער עטליכע יונגע פּאַרלעך, פון דער „באוועגונג“. צווישען די אלע איז ניט געווען איינער, וואָס זאָל קאָנען זאָגען א פּאָר ווערטער. מען האָט גענומען זוכען איינעם, וואָס זאָל האלטען א רעדע. אָבער קיינער האָט זיך דאָס ניט אונטערגענומען. דער עולם איז צוגעשטאַנען צו סאַנינ'ען. ער האָט זיך לאנג געלאָזט בעטען. ענדליך האָט ער איינגעוויליגט:

„מיט יורי'ס טויט“, האָט ער אָנגעהויבען, „איז אוועק נאָך א דוראַק פון דער וועלט! איין דומער יונגער וויניגער...

און דאָס איז געווען די ענדע פון זיין רעדע. אייניגע האָבען זיך געוואָלט כאַפּען צו אים שלאָגען, אָבער ווען זיי האָבען אים אָנגעקוקט, איז זיי פאַרגאַנגען דער חשק. מען מוז געבען סאַנינ'ען גערעכט: יורי'ס שיסען זיך איז געווען אן אקט פון א דומען יונג.

מיר זענען יעצט אָנגעקומען צום סוף פון דעם ראָמאַן. עס עס זענען דאָ נאָך אייניגע קלייניגקייטען, וועלכע עס וואָלט געווען כדאי צו באטראַכטען. אָבער די קלייניגקייטען קאָנען ניט ענדערען אונזער אלגעמיינעם שלום. דער אלגעמיינער שלום איז, וואָס מיר האָבען שוין אייניגע מאָל ווידערהאָלט: סאנין

איז ניט די וויכטיגסטע פערזאָן אין דעם ראָמאַן, זיין „פילאָ־זאָפיע" איז נאַריש און פאַלש, זיין האַנדלען איז ניט ריכטיג — ניט לאָגיש און ניט פסיכאָלאָגיש. עס איז דאַדורך נאַריש צו רעדען פון סאַנין וואָס פּרעדיגט אַ נייע מאָראַל, ווערענד זיינע גראָבקייטען ווערען אבשטויסענד און מאַכען קאַליע דעם עסטעטישען גענוס פון דעם ראָמאַן. אָבער סאַנין, אָהן זיינע גראָבקייטען, צוזאַמען מיט אנדערע כאַראַקטערען, גיבען אַן אויסגעצייכענט בילד פון דעם היינטיגען רוסלאַנד. דאָס איז דער איינציגער ווערט פון ארציבאַשעפס ארבייט. אין אָט דעם טייל האָט ער זיך ווירקליך אויסגעצייכענט אלס קינסטלער...

## „פּריפּערעדנעס“ צוליב מלחמה, אָדער מלחמה צוליב „פּריפּערעדנעס“.

דאָס גאַנצע לאַנד איז ווי אין אַ פיבער. מיר שטעהען אויפ׳ן שוועל פון מלחמה. דייטשלאַנד טוט אַפּ מעשים, זי פאַרזינקט שיפען, זי דערטרינקט אונזערע בירגער, צושטערט אונזער האנדעל און פאַרניכטעט אונזער אייגענטום. דאָס לעבען און דאָס אייגענטום פון אונזערע בירגער איז אין סכנה, די עהרע פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק שטעהט אין קאָן. זאָלען מיר שווייגען? קענען מיר זיין רוהיג און מיט פאַרלייגטע הענט צוקוקען ווי אונזער נאַציאָנאַלע עהרע ווערט געטראָטען מיט די פיס? און עס פליהען דיפּלאָמאַטישע נאָטען פון איין לאַנד אין דעם אַנדערען; מען שרייבט אַהין און מען שרייבט אַהער; די צייטונגען, פון זייער זייט, זיינען פאַרסמייעט: די קאָנקורענציע אין צייטונגס קעפּלעך ווערט שאַרפער און שאַרפער, יעדע איינע צייטונג זוכט אַריבערצושרייען איהר קאָנ־קורענט: „דייטשלאַנד וועט ניט נאָכגעבען!“ „דייטשלאַנד איז איינגעשפּאַרט!“ „דייטשלאַנד לאָזט זיך ריידען!“ „דער פּרעזידענט שטעהט פעסט!“ „אונזערע פאָדערונגען זיינען גערעכטע!“ „מיר מוזען שטיצען דעם פּרעזידענט!“ און אַזוי ווייטער, אָהן אַ שיעור. דער פּרעזידענט זיצט אויך ניט ליידיג, ער לאָזט זיך אויף אַ רייזע איבער׳ן לאַנד און האלט רעדען, און ער גיט אָנצוהערעניש, מיט האלבע ווערטער, וועגען די גרויסע סכנה אין וועלכע מיר געפינען זיך. ער רעדט ניט שאַרף, אונזער פּרעזידענט; ער דערצעהלט אונז ניט די איינצעלהייטען פון די גרויסע געפאַרען, ער גיט נאָר אַ וואונק: מיר ווייסען ניט ווען, מיר ווייסען ניט וואו, מיר ווייסען ניט ווי אַזוי די סכנה קען קומען, מיר ווייסען נאָר, אַז מיר קענען ערוואַרטען, אַז היינט, מאָרגען זאָלען מיר אַריינגע־

שלעפט ווערען אין דעם גרויסען, זודיגען קעסעל־גרוב פון דער מלחמה.

עס איז ניט נאָר דייטשלאַנד, דאָס ריזיגע, מעכטיגע, גע־פערליכע, שטאָל און אייזערנע דייטשלאַנד, פאר וועלכען מיר דארפען זיך שרעקען. מיר האָבען נאָך אַנדערע, מעגליכע שונאים. ווייט צו מעריב פון אונז, אין יאפאַן, וואקסט אַ גע־וואלדיגער קאָנקורענט, אַ קאָנקורענט וועלכער קען ווערען פאר אונז פונקט אזוי געפערליך, ווי עס איז דייטשלאַנד, פאר די אייראָפּעאישע מעכטע.

אָבער מיר דארפען גאָר ניט געהן אזוי ווייט. מיר קענען זיך האָבען „אונזער אייגענע" מלחמה, אויף אונזער אייגענעם קאָנטינענט, מיט אונזער ליבען שכן מעקסיקאָ. אין מעקסיקאָ קאָכט עס כסדר ווי אין א קעסעל. רעוואָלוציעס אָהן אן אויפ־הער. מען מאָרדעט אמעריקאַנער בירגער, מען קאָנפיסקירט זייער פארמעגען, און טאָמער איז דאָס אלץ ניט גענוג, קומט אַ באנדיט ווילא, מיט א באוואפענטע באנדע גזלנים, און כאפט זיך אריין אין די סאמע פאראייניגטע שטאטען, און מאכט פאַ־גראָמען און פארגיסט דאָס בלוט פון אונזערע בירגער אין אונזער אייגען לאַנד. ווי קען מען זיין רוהיג אין אזא ערנסטע צייט? דאָס בלוט פון יעדען בירגער מוז זידען און קאָכען פון אזעלכע רציחות. די עהרע פון אונזער לאַנד, דאָס בלוט און גוט פון אונזערע מיטבירגער וועקט און רופט צו טאָטען. אין די רע־דאקציעס נעמט זיך ווידער קאָכען, די אויפשריפטען וואקסען פון מינוט צו מינוט, עס פליהען „עקסטראס" און „ספעשעל עקסטראס", און „עקסטרא ספעשעלס", און „ספעשעל עקסטרא ספעשעלס". דער פרעזידענט גיט ארויס באפעלען צו זיינע גענעראלען: „כאפט ווילא'ן, לעבעדיג אָדער טויט!" די צייי־טונגען שרייען: „אינטערווענציע אין מעקסיקאָ!" „אונזערע סאָלדאטען זיינען אין מעקסיקאָ!" א. א. וו., א. א. וו. און ווידער שטעהען מיר אויפ'ן שוועל פון מלחמה.

דאָס איז פון איין זייט. פון דער צווייטער זייט געהט אָן א גוואלדיגע טעטיגקייט און א פיבערהאפטע אגיטאציע פאר „פריפערעדנעס", צו פארגיטיגונג. פון אלע זייטען הערט זיך דאָס געשריי: מיר זיינען גאָרניט צוגעפערטיגט צו מלחמה.

מיט אלע אונזערע רייכטימער, מיט אונזער גאנצער קראפט און מאכט וואָלטען מיר איין טאָג ניט געקענט ביישטעהן אנטקעגען א שטאַרקען שונא. מיר האָבען קיין סאָלדאטען, מיר האָבען קיין אָפיצירען און מיר האָבען קיין אמוניציע; מיר האָבע אפילו ניט קיין פלאָטע, וואס וואָלט זיך געקענט פארגלייכען מיט אן ערשטע קלאסע אייראָפעאישע מאכט. דער פרעזידענט סטראַשעט מיט מלחמה, און רוזוועלט שרייט דאָס לאנד איז אין סכנה. דער שפּיץ איז, מיר דארפען זיך צוגרייטען צו מלחמה. צו מלחמה? חלילה! מיר זיינען א זעהר פרידליכס פאָלק. מיר האָבען אין זינען נאָר איין זאך: די טובה פון דער גאַנצער מענשהייט. דאָס וואָרט „הומאניטעט" געהט ניט אראָפּ פון אונזערע ליפּען. מיר מוזען ווייזען דער וועלט א ביישפּיל פון יושר און מענשליכקייט. מיר זוכען שלום ניט נאָר פאר זיך, נאָר פאר דער גאנצער וועלט. צוגרייטען דארפען מיר זיך ניט פאר מלחמה, נאָר פאר שלום. די מיליאָנען, די הונדערטע מיליאָנען, וואָס מיר ווילען אויסגעבען אויף הארמאטען, ביקסען און פולווער; אויף באָמבעס, גראנאטען און שראפּנעלען; אויף לופט שיפען, סובמארינס און קריגסשיפען — דאָס אלעס דארפען מיר צוליב אונזער גרויסע ליבע פאר שלום און מנוחה, ווארום נאָר אזוי ארום קענען מיר פארזיכערען דעם פרידען. מיר זיינען רייכער פון די אנדערע פעלקער, מוזען מיר אויך זיין שטארקער פון די אנדערע פעלקער. אונזער פלאָטע מוז זיין גרעסער און שטארקער פון יעדער אנדערער פלאָטע, אונזערע סקלאַדען פון פולווער און געווער און פלי־שיפען מוזען זיין גרעסער פון אלע אנדערע. מיר מוזען האָבען שלום, ווען מיר זאָלען אפילו דארפען געהן אין מלחמה צוליב דעם! דער „באַוואפענטער פרידען", ווי ביסמארק האָט עס גערופען. „פּריפּערעדנעס אגעינסט וואָר", צוגרייטען זיך געגען מלחמה, ווי מיר זעצען דאָס איבער אויף אונזער לשון.

מען דארף ניט זיין קיין גרויסער חכם איינצוזעהן, אז געשרייען וועגען מלחמה האָבען א שייכות צו דער „פּריפּערעדנעס" פּראָפּאַגאנדאַ. איינס ווענדט זיך אָן דעם אַנדערען. די גאנצע „פּריפּערעדנעס" פראגע האָט ניט קיין זינען, ווען עס איז ניטאָ די שרעק פאר מלחמה. עס קאָן אָבער אמאָל פּאסירען דאָס

פּאַרקערטע; עס קען פּאַסירען, אַז צוליב דעם, וואָס אייניגע קלאַסען פון דעם פאָלק ווילען און דאַרפען „פּריפּערעדנעס", מאַכען זיי אָן אַ שרעק פון מלחמה כדי דאָס פאָלק זאָל ווערען נערוועז, און פאַרלאַנגען „פּריפּערעדנעס". די פראַגע איז דער־פאַר, וועלכעס איז ביי אונז דער עיקר? זוכען מיר „פּריפּערעד־נעס", ווייל מיר שרעקען זיך פאַר מלחמה, אָדער שרעקען מיר מיט מלחמה, ווייל מיר זוכען און דאַרפען „פּריפּערעדנעס?" די פראַגע איז ניט לייכט צו פאַרענטפערען. אויב עס איז אמת, אַז די הערשענדע קלאַסען שרעקען אונז מיט מלחמה צוליב די אַגיטאַציע פאַר „פּריפּערעדנעס", דאַן ווערט דאָס געוועגליך אַזוי קינסטליך אָפּגעאַרבייט, אַז עס איז שווער צו באַווייזען. אַלע אויסערע סמנים אָבער צייגען, אַז אַזוי איז דער פאַקט. אַלע אויסערליכע סמנים צייגען, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האַלט נאָך ווייט פון מלחמה, אַז דער פּרעזידענט מיינט װירק־ליך אויפצוהאַלטען דעם פרידען; אַז מיר האָבען ניט קיין אורזאַך, אַז מיר האָבען אפילו ניט די געלעגענהייט צו פאַר־קאָכען אַ מלחמה. די אויסערליכע סמנים צייגען אויך, אַז ווייט ווי מיר זיינען פון מלחמה זיינען מיר נאָהענט צו „פּרי־פּערעדנעס". עס איז דאַדורך לאָגיש צו קומען צו דעם שלום, אַז די מלחמה שרעקען ווערען אויפגעבלאָזען צוליב דעם שטאַרקען ווילען, וואָס געוויסע קלאַסען האָבען פאַר „פּרי־פּערעדנעס".

דער סאָציאַליסטישער פּרעזידענטשאַפטס־קאַנדידאַט, אַלאַן ל. בענסאָן, האָט פאַר אַ קאָנגרעס קאָמיטע, און נאָכדעם אויף אַן עפענטליכע פאַרזאַמלונג, געמאַכט די באַשולדיגונג, אַז פּרעזידענט ווילסאָן איז ניט געווען אויפריכטיג, ווען ער האָט אין זיינע רעדען געזוכט צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז מיר שטעהען אויף דעם שוועל פון מלחמה. דאָס קאָמיטע האָט ניט געוואָלט הערען אַזאַ עפענטליכע באַליידיגונג פאַר דעם פּרע־זידענט. עס האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון שטאַרקע ענט־ריסטונג, און האָט זיך ענטזאַגט אויסצוהערען ווען מר. בענסאָן האָט זיך ערקלערט בארייט צו געבען דעם נאָמען פון אַ פּראָ־מינענטען דעמאָקראַט, וואָס האָט אויסגעדריקט דיזעלבע מיי־נונג. רעכט האָט פון דעסטוועגען געהאַט אַלאַן ל. בענסאָן.

אָבער גערעכט ווי עס איז געווען אלאן ל. בענסאָן מיט זיין באהויפּטונג געגען דעם פּרעזידענט, באווייזען זיין באשולדי־גונג מיט פאקטען האָט ער פון דעסטוועגען ניט געקאָנט. אלעס וואָס ער האָט געקאָנט טאָן, איז געווען אויפצואווייזען די ווי־דערשפּריכע אין דעם פּרעזידענט'ס פארשידענע רעדען. פון דעם פּרעזידענט'ס אייגענע ווערטער, האָט מר. בענסאָן געזוכט צו באווייזען מיט לאָגיק, ווי ניט ערענסט דער פּרעזידענט איז געווען ווען ער האָט גערעדט וועגען די מעגליכקייט פון מלחמה. די פּאסירונגען אין מעקסיקאָ האָבען ארויסגעבראכט די נויטיגע באווייזע. נאָכדעם ווען פון אלע געשרייען וועגען מלחמה מיט דייטשלאַנד האָט זיך אויסגעלאָזען א בוידעם, האָט מיט איינ־מאָל, גאַנץ אונערוואַרטעט, פּאסירט עטוואָס, וואָס האָט אונז אוועקגעשטעלט פּנים אל פּנים מיט א מלחמה. ווילא, דער געוועזענער מעקסיקאַנער רעוואָלוציאָנער, דער אמאליגער גרוי־סער גענעראל און פאָלקס־העלד, איז מיט אמאָל געוואָרען א באנדיט, א פיהרער פון א רויבער באנדע; און דיזער ווילא, מיט זיין באנדע, האָט זיך ארייננגעריסען אין די פאראייניגטע שטאַטען, און האָט אָנגעמאכט א שרעקליכען פּאָגראָם, א פּאָגראָם אויף דעם רוסישען שטייגער. מען האָט געראבעוועט און געמאָרדעט אמעריקאנישע בירגער אויף דעם אמעריקאני־שען באָדען. זעלבסטפארשטענדליך האָט אזא אקט ארויסגע־רופען א גרויסען געשריי איבער די גאַנצע פאראייניגטע שטאַ־טען. דער געשריי פון נקמה פאר אמעריקאנער בלוט, וואָס איז געפלאָסען; דער געשריי פון די רעטונג פון די עהרע פון אמע־ריקאַנער פּאָלק האָט זיך געהערט פון איין עק לאַנד ביז דעם אנדערען, און אונזער פּרעזידענט האָט שנעל געשיקט אַן עקס־פּעדיציע אמעריקאַנער סאָלדאַטען קיין מעקסיקאָ, צו פאנגען ווילא, „לעבעדיג אָדער טויט!“

ווי קומט ווילא מיט אמאָל זיך ארייננצושאפּען אין די פאר־אייניגטע שטאַטען, און נאָך דערצו אין צייט, ווען מען רעדט ביי אונז אזוי שטארק פון „פּריפּערעדנעס“? איז דיזער ווילא אראָפּ פון זינען? ווייס ער ניט און קען ער ניט די מאַכט פון פון דעם „יענקי“? האָט ער ניט פארשטאַנען, אז נאָך אזא טאַט וועט ער זיך מעגען געזעגענען מיט זיין ממשלה, און אויך

מיט זיין לעבען? וואָס ווילא זאָל ניט זיין, צי ער איז אַ רעוואָלוציאָנער צי אַ באַנדיט, קיין משוגע׳נער איז ער ניט. דאָס האָט נאָך קיינער אויף איהם ניט געזאָגט. ער איז, אדרבה, צו כיטרע, הייסט ווי קומט ער צו באַגעהן אַזאַ משוגענע טאַט? אָט די פראַגע בעט זיך מען זאָל איהר פרעגען, און פיעלע האָבען איהר ווילענדיג ניט ווילענדיג געפרעגט. און מען האָט אָנגעהויבען צו טרעפען אַן ענטפער. מאַנכע האָבען געזאָגט, אַז אין דעם שטעקט דייטשלאַנד׳ס קאָפּ. דייטשלאַנד, וואָס וויל זעהר און זעהר „מיר" זאָלען אויפהערען צו שיקען אַמוניציע צו די „אליים" האָט דורך איהרע אַגענטען פאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע מיט ווילא, כדי מיר זאָלען זיך מוזען אריינמישען, פון דעם וועט אפשר ארויסקומען אַ סכסוך מיט מעקסיקאָ און מיר וועלען דאַן האָבען מיט זיך צו טאָן. דאָס איז אַ גוטער תירוץ פאַר דייטשלאַנד. עס פאַרענטפערט אָבער ניט ווילא, און נאָך וועניגער די פאַראייניגטע שטאַטען. וואָס וואָלט ווילא געקענט פון דעם געווינען? ווי אַזוי וואָלט דייטשלאַנד איהם געקאָנט באַשיצען פון די מאַכט פון די פאַראייניגטע שטאַטען? נאָך ערגער אָבער איז דער תירוץ פאַר אונזער רעגירונג. שוין־זשע איז די וואַשינגטאָנער רעגירונג אַזוי נאַריש זי זאָל זיך אויף אַזאַ אופן לאָזען כאַפּען אין אַ פּאַסטקע פון דייטשלאַנד? און וואָס איז מיט אַלע אונזערע גרויסע צייטונגען? און וואו זיינען די אַמוניציע פאַבריקאַנטען? וועלען די אַלע זיך לאָזען אַזוי פּראָסט אריינגנאַרען אין זאַק? ניין! דאָס איז אונמעגליך. דיזער תירוץ איז צו אומגעלומפערט ער זאָל זיך קענען לאַנג האַלטען. ער האָט טאַקע קיין לאַנגען קיום ניט געהאַט. אַנדערע שטימען האָבען זיך באַלד גענומען הערען. מען האָט אָנגעהויבען רעדען, אַז ווילא׳ס עקספּעדיציע צו מאַכען פּאַגראָמען אין די פאַראייניגטע שטאַטען, איז פינאַנסירט געוואָרען פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטען. איז אַזאַ זאַך גלויבליך? קען מען דאָס גאָר דענקען? איז מעגליך אַמעריקאַנער בירגער, אַמעריקאַנער פּאַטריאָטען זאָלען וועלען פאַרוויקלען זייער אייגענע לאַנד אין אַ מלחמה? עס לאָזט זיך גאָר ניט ריידען! ליידער, איז די באַשולדיגונג צו אמת. מיר פּראָסטע מענשען קענען אַזעלכעס ניט באַגרייי־

פען. ביי אונז איז דאָס די העכסטע פאָרמע פון פאַרראַט. ניט אַזוי ביי גרויס קאַפּיטאַל. גרויס קאַפּיטאַל האָט גאַנץ אַנדערע באַגריפע פון פּאַטריאָטיזמוס. די באַשולדיגונג קומט פון קוועלען, אין וועלכע מען קען ניט צווייפלען. דער ערשטער צו מאַכען דיזע באַשולדיגונג איז געווען ניט קיין סאָציאַליסט, אַפילו ניט קיין רעפּובליקאַנער; עס איז געווען זעהר אַ גוטער דעמאָקראַט, דער געוועזענער שליח מיוחד פון דעם פּרעזידענט קיין מעקסיקאָ, דזשאָן לינד. לויט אַ דעפּעשע פון מינעאַפּאָליס, וואָס איז ערשינען אין דעם „קאָל“ פון דעם צענטען מערץ, 1916, האָט דזשאָן לינד געזאָגט: עס איז געוועזען אַמעריקאַנישעם קאַפּיטאַל, וואָס האָט פינאַנסירט ווילאַ'ס איבערפאַל אויף אַמעריקאַנער אין די פאַראייניגטע שטאַטען. דיזע באַשולדיגונג איז אויף אַנאַנדער אופן ווידערהאָלט געוואָרען אין דעם ווייסען הויז, פון דעם סענאַט'ס פּלאַטפאָרמע; דיזע באַשולדיגונג איז באַשטעטיגט געוואָרען פון דעם פּרעזידענט אַליין. דעם 24טען מאַרץ האָט סענאַטאָר סטאָן, דער טשערמאַן פון דעם קאָמיטעט פאַר אויסלענדישע אַנגעלעגענהייט, אין אַ שאַרפע רעדע, צווישען אַנדערען געזאָגט פאָלגענדעס:

„יעדער מענש, וואָס האָט גענוג שכל זיך צו באַהאַלטען פון אַ רעגען וועס, אַז די סיטואַציע אין מעקסיקאָ איז זעהר קריטיש; זי איז קריטיש אין דעם זין, וואָס פיעלע מענשען אין מעקסיקאָ, און פיעלע טונקעלע כחות אין מעקסיקאָ — און לײדער מוז איך זאָגען אויך אויסערהאַלב מעקסיקאָ — שטרענגען זיך אָן אויפצורייצען דאָס פאָלק אין יענעם אומגליקליכען לאַנד, זיי צו פאַרפיהרען, און אויף זיי צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען, טראַכטען וועגען אַן אָנגריף אויף זייער רעגירונג און אויף זייער פאָלק, צו זייער גרויסען שאַדען.“

און אַ ביסעל ווייטער אין דיזעלבע רעדע:

„געוויסע כחות אַרבייטען — מיר ווייסען דאָס — אין דיזען לאַנד ווי אויך אין מעקסיקאָ, זיי אַרבייטען אפשר צוזאַמען אין מאַנכע הינזיכטען, און באַזונדער אין אַנדערע הינזיכטען, אויפצואוועקען די עפענטליכע מיי־

נונג, און צו באשאפען אין מעקסיקאָ אזא צושטאנד, וועל־
כער זאָל דיזע רעגירונג שטעלען אין א פארלעגענהייט...
און צו דערנענטערען א סיטואציע, וועלכע מיר ווייסען
ניט מיט וואָס עס וועט זיך אויסלאָזען".

און די ארבייט פון די פינסטערע כחות איז אזוי שטארק, אז דער פרעזידענט אליין האָט זיך געפונען גענויטיגט ארויס־צולאָזען א ווארנונג געגען די „געוויסענלאָזע כחות". אין זיין ווארנונג שרייבט דער פרעזידענט צווישען אנדערע זאכען:

„עס איז מיין חוב צו ווארנען דאָס פאָלק פון די פאראייניגטע שטאטען, אז עס זיינען פאראן לייטע ארום די גרענעצען (פון מעקסיקאָ), וועלכע זיינען שטארק באַ־שעפטיגט צו ערפינדען און צו פארשפרייטען, ווי זיי קע־נען נאָר, קלאנגען פון א העכסט סענסאציאָנעלען און אומרוהיגען כאראקטער, וועלכע לאָזען זיך בשום אופן ניט רעכטפערטיגען פון די פאקטען. דער צוועק פון צו־טראָגען די פאלשקייט איז קלאָר ווי דער טאָג; עס איז כדי צו באשאפען אן אונערטרעגליכע רייבערייע צווישען די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען און די עקזיס־טירענדיגע רעגירונג פון מעקסיקאָ מיט דעם צוועק ביי־צוברייגען „אינטערווענציע" אין די אינטערעסען פון גע־וויסע אמעריקאנער, וואָס פארמאָגען אייגענטום אין מעקסיקאָ."

קיין מענש קען ניט צווייפלען די עדות פון דעם טשערמאן פון דעם קאָמיטע פאר אויסערליכע אנגעלעגענהייט, נאָך וועני־גער אָבער קען מען צווייפלען אין אזא באשולדיגונג, ווען זי קומט פון דעם פרעזידענט אליין. דאָס זיינען די העכסטע אינ־סטאנצען אין אונזער לאנד, און זיי ווייסען וואָס זיי רעדען. איצט ווערט פארשטענדליך ווי אזוי ווילא האָט זיך געקענט באשליסען אויף אזא משוגע'נע טאט צו באפאלען אמעריקאנער אויף אמעריקאנישען באָדען. אויב זיין עקספּעדיציע איז פי־נאנסירט געוואָרען פון אמעריקאנער קאפּיטאל, מיט דעם וויי־טען אויסקוק „צו באשאפען אונערטרעגליכע רייבעריי צווישען די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען און די עקזיסטירענ־דע רעגירונג פון מעקסיקאָ, מיט דעם צוועק בייצוברענגען „אינ־

טערוועגציע" אין די אינטערעסען פון געוויסע אַמעריקאַנער, וואָס פאַרמאָגען אייגענטום אין מעקסיקאָ", דאַן האָט ער אויף זיך געקנעט נעמען די ריזיקע. ער האָט געהאַט אַלע אורזאַכען צו גלויבען, אַז דאָס אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַל וועט שוין ווי עס איז געפינען אַ וועג איהם צו באַשיצען פון די מאַכט פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען, און, אַ נאַר איז אַ נביא, דעם שרייבער פון דיזען ווילט זיך גלויבען, אַז ווילאַ'ן וועט קיין בייזעס ניט געשעהן: אָדער מען וועט איהם ניט כאַפּען, אָדער מען וועט שוין ווי עס איז געפינען אַ וועג ווי איהם ריין צו וואַשען, אָדער מען וועט איהם גאָר געפינען אַ „טויטען.*) ווילאַ איז אַלזאָ פאַרענטפערט, עס בלייבט אָבער נאָך אַלץ די פראַגע וועגען דעם פּרעזידענט: האָט אונזער פּרעזידענט, איידער ער האָט געשיקט אַן אַרמעע קיין מעקסיקאָ, גאָר ניט געוואוסט פון „געוויסענלאָזע כחות, וואָס פאַרמאָגען אייגענטום אין מעקסיקאָ"? און אויב ער האָט דאָס יאָ געוואוסט, און קיין קלאָרער מענש קען אין דעם ניט צווייפלען, ווי קומט דאָס, וואָס ער האָט זיך געלאָזען אויף אזא געפערליכען שריט, און געשפּילט דיזע „געוויסענלאָזע כחות" דירעקט אין די הענט אריין? דעם תירוץ אויף דער קשיה קען מען געפינען אין „פּריפּערעדנעס". דער פּרעזידענט קען דיזע „פינסטערע כחות". עס איז אויך ניט קיין ספק, אַז ער איז אַ פרידליכער מענש און זוכט ניט קיין מלחמה מיט מעקסיקאָ. מיר ווייסען דאָס פון זיין „היטען און וואַרטען" פּאָליטיק בנוגע צו מעקסיקאָ. ער קען זיך אָבער ניט אַרויסדרעהען פון „פּריפּערעדנעס". די אַגיטאַציע פון „פּריפּערעדנעס" איז אַ גוואַלדיגע. איהר קענט ניט נעמען קיין צייטונג אין דער האַנט די פראַגע זאָל זיך ניט

*) דאָס אויבענגעבראַכטע איז באַשריבען געוואָרען אין חודש מערץ. און איצט, אין אָנפאַנגס אויגוסט, איז אַלעס במעט ווי מקוים געוואָרען. נאָר ווען עס זאָל זיך אפילו אויסלאָזען אַנדערש, וועט אונזער אַרגומענט, אַז דער פּרעזידענט האָט געשיקט די עקספּעדיציע צוליב די „פּריפּערעדנעס" פּראָפּאַגאַנדע ניט אָפּגעשוואַכט ווערען. אין אַזעלכע געפערליכע אונטערנעמונגען, ווייס מען קיינמאָל ניט מיט וואָס זיי וועלען זיך אויסלאָזען.

וואַרפען אין די אויגען, אויף אַזאַ אופן, אַדער אַנאַנדערען. גרוים קאַפּיטאַל וויל „פּריפּערעדנעס“, קליין קאַפּיטאַל וויל דאָס האָבען, איין טייל פון די ארבייטער, די וואָס מאַכען אַ לעבען פון אַמוניציע פאַבריקאַציע, איז דאַפיר; אַנאַנדער טייל לאָזט זיך איינרעדען, אַז נאָר ווען מען איז פאַר „פּריפּערעדנעס“ איז מען אַן אמת'ער פּאַטריאָט; רוזוועלט שטעהט גרייט מיט זיין גרוים מויל איינצושלינגען דאָס ווייסע הויז אין וואַשינגטאָן, און ער דענקט, אַז נאָר די שווערט וועט איהם דערצו העלפען. די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, געשטיצט פון אונזערע פּלוטאָקראַטען, איז פּאַרטיג אריינצוכאַפּען דאָס לאַנד אין איהרע הענט מיט דער „פּריפּערעדנעס“ אישיו. ווי האָט אונזער פּרעזידענט געקאָנט ביישטעהן אַזאַ נסיון? ווי אַזוי קען ער צוזעהן ווי רוזוועלט רייסט אַוועק דאָס פּיסען־בענקעלע פון זיינע פיס, דעם סאַמע פונדאַמענט פון די קומענדיגע וואַהל קאַמפּאַניע? ער האָט דאַדורך געמוזט פאַרבייגען זיין „שטאָלץ צו קעמפּפען“, און איז געוואָרען אַ הייסער פּאַרטיידיגער פון „פּריפּערעדנעס“, און די מעקסיקאַנישע פראַגע איז ווי געוואונשען פאַר דעם. דאָס איז די איינציגע לאָגישע ערקלערונג פאַר וואָס דער פּרעזידענט האָט מיט איינמאָל געביטען זיין גאַנצע שטעלונג, און פאַר וואָס ער האָט זיך געאיילט צו שיקען אַן עקספּעדיציע קיין מעקסיקאָ צו כאַפּען ווילאַ'ן. דאָס איז דער בעסטער מיטעל פאַר „פּריפּערעדנעס“, און אויך דאָס בעסטע מיטעל אונטערצוהאַקען רוזוועלט'ס פליגעל. אָבער אונזער פּרעזידענט איז אַ פרידליכער מענש, ער וויל ניט קיין מלחמה מיט מעקסיקאָ, און ער קען די „געוויסענלאָזע כחות“ פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל. איידער ער שיקט זיין עקספּעדיציע פאַרזיכערט ער זיך, עס זאָל צו קיין שוועריגקייט מיט מעקסיקאָ ניט קומען. עס ווערט דאַדורך געשלאָסען אַן אָפּמאַך צווישען דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען און דער ציטווייליגער רעגירונג פון מעקסיקאָ, לויט וועלכעןביידע רעגירונגען האָבען דאָס רעכט צו שיקען זייער מיליטער אין די טעריטאָריעס פון די אַנדערע צו פאַנגען מעקסיקאַנישע באַנדיטען. אַז דאָס איז אַ קינדער שפּיעל, פאַרשטעהט יעדער וואָס האָט נאָר אַ קאָפּ אויף זיך. ווען עס וועט ווען עס איז קומען די צייט, ווען מעקסיקאָ

וועט וועלען שיקען איהרע סאָלדאַטען נאָך די פּאַראייניגטע שטאַטען, וועט מען דאַן ווידער שמועסען. דערווייל איז דער שפּיעל אונז צונויץ געקומען. אָבער דיזער שפּיעל, ווי עס האָט זיך זעהר שנעל ארויסגעצייגט, איז געוועזען א שפּיעל מיט פייער. די „געוויסענלאָזע כחות" פון וועלכע דער פּרעזידענט רעדט „דרימלען ניט און שלאָפען ניט", זיי האַלטען אין איין אינטריגירען, און דיזער „שפּיעל" האָט געקענט ווערען זעהר ערענסט. און עס קען נאָך יעדע מינוט ווערען געפעהרליך. דער פּרעזידענט פאַרכאַפּט דאדורך זעהר שנעל, און וואַרנט דאָס פּאָלק פון די פעראייניגטע שטאאטען, און פאַרזיכערט די מעקסיקאַנער, זיי זאָלען זיך ניט לאָזען פאַרפיהרען. ווי לאַנג עס ווענדט זיך אָן איהם, דעם פּרעזידענט, וועט ניט זיין קיין אינטערווענציע אין מעקסיקאָ. די וואָס זוכען אינטערווענציע אין מעקסיקאָ, קענען ניט עררייכען זייער ציעל ווי לאַנג עהרענהאַפטע מענשען שטעהען „אויף דער שפּיצע פון דיזער רעגירונג", זאָגט אונז דער פּרעזידענט אין זיין וואַרנונג צום פּאָלק.

פון דעם קען מען זעהן גאַנץ גענוי, אַז מיר האָבען זיך דערווייל, „ווי לאַנג עהרענהאַפטע מענשען שטעהען אויף דער שפּיצע פון דיזער רעגירונג", זיך ניט וואָס צו שרעקען פאַר א מלחמה מיט מעקסיקאָ.

פיעל ווייניגער האָבען מיר זיך צו שרעקען פאַר א מלחמה מיט דייטשלאַנד. קיין פאַרנינפטיגער מענש קאָן גאָר פון אזא זאַך ניט דענקען. טאָמער אָבער איז דער אייגענער שכל ניט גענוג, און עס פעהלען ברוך השם ניט קיין מענשען, וואָס האָבען ניט קיין אייגענעם שכל, קען מען זיך איבערצייגען פון אַן ערקלערונג, וואָס באטהמאַן־האָלוועג, דער דייטשער רייכס־קאַנצלער, האָט ניט לאַנג צוריק אָפּגעגעבען אין דעם דייטשען רייכסטאַג, און פון אַן אונטעררעדונג, וואָס א קאָרעספּאָנדענט פון די „אַסאָשיאייטעד פּרעס" האָט געהאַט מיט הערר פאָן יאַגאָוו, דער דייטשער מיניסטער פון אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען.

דער קאָרעספּאָנדענט האָט געפרעגט דעם דייטשען מיניסטער, וואָס ער האָט צו זאָגען צו די סלוכען, אַז דייטשלאַנד פּלאַנעוועט נאָך דער מלחמה זיך צו וואַרפען אויף דעם אמע־

ריקאַנער קאָנטינענט. נאָכדעם ווי דער מיניסטער האָט זיך שטאַרק צולאַכט, האָט ער געזאָגט:

„ווי קענען מענשען ערפינדען אָדער גלויבען אַזעלכע בבא־מעשיות? עס איז אוינגעשיינליך פאַר יעדען איינעם, וואָס איז ניט פולשטענדיג פאַרבלענדט פון ליידענשאַפט, אַז דייטשלאַנד האָט קיינמאָל ניט פאַרפאָלגט אַזעלכע זינלאָזע צוועקען, און האָט קיינמאָל ניט געטראַכט דאָס צו טאָן.

„קען ווען עס איז מענש זיך פאָרשטעלען אַזאַ צושטאַנד אין אייראָפּאַ נאָך דער מלחמה, וועלכער זאָל אונז געבען די ליידיגע צייט און אַ פרייע האַנד, צו קע־נען אָבוועגדען אונזער קראַפט און אַנשטרענגונג צו אַזאַ אויפגאַבע פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט?... מיר וועלען האָבען גענוג צו טוען אין דער היים אָבצוהיטען אונזער אייגענע פּאָזיציע אין אייראָפּאַ, צו היילען די וואונ־דען פון דער מלחמה, צוריק איינאָרדענען אונזער אינ־דוסטריע און האַנדעל אין דער היים, צוריק צוגעווינען און אויפצובויען אונזער אויסלענדישען האַנדעל, אַז דעם מיר זאָלען איבערקערען אונזער טראַדיציאָנעלע פּאָליטיק בנוגע צו דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, און אַז דאָס ארויפציהען אויף זיך אַ מעכטיגען שונא, אויף יענער זייט פון אַטלאַנטישען ים.

מיר האָבען אַזוי ארום שטאַרקע באַווייזע, אָפיציעלע באַ־ווייזע, אַז מיר האָבען זיך ניט, וואָס צו שרעקען פאַר מלחמה. אונזערע הערשענדע קלאַסען, ווייסען דאָס גאַנץ גענוי, און האָבען דאָס געוואוסט די גאַנצע צייט. מען מוז דערפאַר קומען צום שלום, אַז די אַלע געשרייען פון מלחמה, אַז די גאַנצע מלחמה־שרעק ווערט געמאַכט צוליעב „פּריפּערעדנעס". מיר מוזען האָבען „פּריפּערעדנעס", ווען מיר זאָלען אפילו דאַרפען נעהן אין מלחמה צוליעב דעם. געוועהנליך פערשטעהט מען „פּריפּערעדנעס" צוליעב מלחמה. ווייל מען האָט מורא פּאַר מלחמה, נעהמט מען זיך צוגרייטען כדי מען זאָל זיך קענען פאַרטיידיגען. ביי אונז זיינען די יוצרות פאַרקערט, ביי אונז

שרייט מען מלחמה צוליעב „פּריפּערעדנעס": ווייל „מיר" ווילען האָבען „פּריפּערעדנעס" שרייען „מיר" מלחמה.

## דער אַרגומענט פאַר „פּריפּערעדנעס".

די מלחמה איז אָבער ניט דאָס איינציגע און ניט דאָס הויפּט מיטעל, וואָס גרויס קאַפּיטאַל, מיט די הילף פון די פּאָליטישענס, די צייטונג און די עקזיסטירענדע ארמיי, נוצט אויס אין איהר אַגיטאַציע פאַר מיליטאַריזם. מיט דעם וויל מען נאָר בעאַקערען דאָס פעלד, אַזוי צו זאָגען, צוגרייטען דאָס פאָלק פּסיכאָלאָגיש, עס זאָל זיין מסוגל אין זיך אויפצונעהמען די זריעה פון מיליטאַריזם. דאָס איז אַ סטראַגישער צוג. פּונקט ווי די דייטשע שווערע קאַנאָנען צושיסען פריהער דעם גאַנצען שטח, וואָס זיי ווילען איינגעמען, און ערשט נאָכדעם ווערט געשיקט די אינפאַנטעריע איינצונעהמען דאָס שטיק לאַנד, אַזוי מאַכט מען אונז פריהער אָן אַ מורא'דיגע שרעק פאַר גרויסע שונאים, וואָס שטעהן און וואַרטען אונז איינצושלינגען, און נאָכדעם, ווען מיר זיינען צושאָסען פון אַלע זייטען מיט שרעק קומען די מחנות צייטונגס שרייבער, פּאָליטישענס, קאָנגרעסלייטע, גלחים, מיליטאַריסטען, און גלאַט שעהן שוואַצער, און ווילען אונז איינעמען מיט זייערע אַרגומענטען פאַר „פּריפּערעדנעס". מיר מוזען דאַדורך צוגלידערען די אַרגומענטען גופא.

פון אויבען אויף שיינען די אַרגומענטען צו זיין אונבאַשטרייטבאַר. די לאָגיק פאַר „פּריפּערעדנעס" שיינט צו זיין פאָלשטענדיג. אָבער דאָס איז נאָר פון אויבען אויף. קוקט מען זיך צו אַ ביסעל טיעפער, נעמט מען אַנאַליזירען, די כלומרשט שטאַרקע אַרגומענטען, דאַן צופאַלען זיי ווי אַ קאַרטען הויז.

דער ערשטער, דער שטאַרקסטער אַרגומענט, דער אַרגומענט וואָס אַפּעלירט צו אַלע מענשען, דאָס איז דער אַרגומענט פון פּאַטריאָטיזם, געבויט אויף לאָגיק, סענטימענטען און די אייגען-אינטערעסען פון די מענשען.

ווען עס קומט אַ רעדנער מיט אַ געשליפען צינגעל, אָדער אַ שרייבער מיט אַ שפּיציגע פעדער, און נעמט מאָלען דאָס גרויסקייט פון אונזער לאַנד, די פּאַרציגע וואָס דאָס לאַנד האָט

גענעץ אַנדערע. די דעמאָקראַטישע איינריכטונגען, די פרייי־
הייט, די רייכקייט און אַלע אַנדערע גוטע זאַכען, וואָס מיר
זיינען גערן מודה, און פרעגט נאָכדעם: וואָלט איהר וועלען
דיזעס גרויסע, רייכע, פרייע, פון גאָט געבענשטע לאַנד זאָל
אריינפאַלען אין די הענט פון א פרעמדע מאַכט, פון אַן אייראָ־
פעאישע מאַכט ווי דייטשלאַנד, אָדער גאָר אַן אַזיאַטישע מאַכט
ווי יאַפּאַן, וואָס איז ווייט ניט אַזוי פריי ווי אונזער לאַנד,
וועמעס איינריכטונגען, אינסטיטוציאָנען און לעבענס אַרט
איז גאַנץ פאַרשידען פון אונזערס? ווען ער פרעגט ווייטער:
זייט איהר ניט באַרייט מיט אַלע אייערע כחות, מיט דעם לעצ־
טען טראָפּען פון אייער בלוט צו פאַרטיידיגען אָט דיזעס לאַנד,
וואָס שיצט אייך און גיט אייך אַזוי פיעל ברכות, פון די האַנט
פון יעדען עראָבערער? אויף דיזע פראַגען איז נאָר דאָ איין
ענטפער: יעדער מענש אין וועמעס אָדערען עס פליסט רויט
בלוט, וועט אָהן שום צעגערען זיך שטעלען אין דינסט צו
פאַרטיידיגען זיין לאַנד. דאָס לאַנד דאַרף גאָר ניט האָבען די
אַלע מעלות, וואָס אַמעריקאַ האָט. עס מעג זיין אַ האַלב דע־
מאָקראַטישעס לאַנד ווי דייטשלאַנד; עס מעג זיין נאָך גאַנץ
טיראַניש ווי רוסלאַנד, קוים איז עס זיין לאַנד, וועט יעדער
מענש זיין באַרייט מקריב צו זיין זיך, און די וואָס זיינען איהם
טייער, פאַר די זיכערהייט פון דיזען לאַנד. גיט מען דאָס צו,
איז מען איינמאָל מודה, אַז יעדער מענש מוז, און וועט, פאַר־
טיידיגען זיין לאַנד מיט אַלע זיינע קרעפטען, קען מען שוין,
אַזוי דאַכט זיך, ניט אַוועקגעהן פון דעם שטאַנדפּונקט פון
„פּריפּערעדנעס". אויב מען מוז פאַרטיידיגען דאָס לאַנד, מוז
מען אויך זיין צוגעגרייט דאָס צו פאַרטיידיגען. מיט די הוילע
הענט קען מען היינט צו טאָג ניט פאַרטיידיגען קיין לאַנד. מען
מעג זיין נאָך אַזוי בראַוו, מען מעג זיין נאָך אַזוי איבערגעבען,
ווען דער שונא קומט מיט האַוויצערס, מיט 42 סענטימעטער
קאַנאָנען, מיט קוילען וואָס יעדע איינע וועגט צווישען טויזענט
און צוויי טויזענט פונט, מיט לופט באַלאָנען, מיט סובמארינס,
מיט פליסיגען פייער, מיט טויטענדע גאַזען, מיט האַנט־גראַ־
נאַטען, מיט באַיאָנעטען, מיט אַ גרויסע פלאָטע, וועט ער
באַזיעגען דאָס לאַנד. אויב די פאַרטיידיגער באַזיצען ניט די־

זעלבע וואפען אין א גרעסערע צאָהל. ווי לאַנג די אַנדערע פעל־קער האָבען דיזע אַלע כלי־זין, מוז יעדער אמת׳ער פּאַטריאָט ארבייטען דערפאר, אז זיין לאַנד זאָל דאָס אויך האָבען. ווארים נאָר מיט די זאַכען קאָן מען באשיצען דאָס לאַנד פון איבער־פאַל, און עס פארטיידיגען פון א מעכטיגען שונא... שטעלט זיך פאָר, ווען עס זאָל איינער מאַכען דעם פאָרשלאַג, די פאראיי־ניגטע שטאאטען פון אמעריקא זאָל אָפּשאַפען איהר גאַנצע פלאָטע, און גאַנצע ארמעע. דער וואָס וואָלט געמאַכט אזא פאָרשלאַג וואָלט באַטראַכט געוואָרען אלס קאַנדידאַט פאַר א משוגעים הויז, און קיין מענש, אויסער אזא וואָס איז ניט ביי זיינע חושים, וואָלט צו דעם ניט צוגעשטימט. ווארים יעדער איינער גיט צו ביי זיך אין הארצען, אז די פאראייניגטע שטאַא־טען קענען ניט בלייבען אָהן וועלכע עס איז מיטעל זיך צו באשיצען. היינט אויב יעדער איינער איז דאָס מודה, אויב יעדער איינער איז מודה, אז מיר מוזען האָבען א פלאָטע, וואָס זאָל אונז ווירקליך באשיצען? פאַר וואָס זאָלען מיר האָבען א פלאָטע, וואָס טויג צו גאָר ניט, וואָס קאָן ניט ביישטעהן געגען א שטארקען שונא? צו האָבען א פלאָטע וואָס קאָן ניט באשיצען, איז דאָך ערגער ווי גאָר ניט קיין פלאָטע. און אז אונזער פלאָטע איז שוואַך און קען זיך ניט שיצען פון א מעכ־טיגען שונא, דאָס הערען מיר פון אלע זייטען, אפילו פון אזעל־כע, וועלכע געוועהנליך ליבען זיי אַלץ, וואָס איז אמעריקאַניש.

אָט דיזער ארגומענט איז דער שטאַרקסטער, און, ווי גע־זאָגט, עס שיינט צו זיין אוממעגליך זיך פון איהם ארויסצו־דרעהען. פון דעם קומט, וואָס פיעלע רעוואָלוציאָנערען, וואָס געוועהנליך זיינען זיי זעהר פרידליכע מענשען, האָבען גענומען שרייען אין כאָר: „פריפערענס".

שטאַרק און קרעפטיג ווי דיזער ארגומענט איז, טראָגט ער אין זיך זיין אייגענע שוואַכקייט. ער איז אזוי לאָגיש, אז ער ווערט אזש אבסורד.

דיזע ארגומענטאַציע איז אזוי לאָגיש, ווייל זי איז אַלגע־מיין, ווייל זי איז גילטיג ניט נאָר אויף אמעריקא, און ניט נאָר אויף וועלכען עס איז אנדערען לאַנד, נאָר אויף אַלע לענדער. רוסלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַלע איבריגע

לענדער קענען דאָס זעלבע טענה'ן, און זיי טענה'ען דאָס טאַקע. יעדע איינע פון דיזע לענדער האָבען זיך כסדר צוגעפּאַרטיגט צו מלחמה אויס דיזעלבע לאָגיק און נויטווענדיגקייט. דיזער אומשטאַנד שטעלט מיט איין מאָל די גאַנצע פראַגע אין אַנ־אַנדער ליכט. מען קען שוין מעהר ניט רעדען פון זיך „פּריפּע־רען" גלאַט אין דער וועלט אריין אום זיך צו באַשיצען פון א שונא, גלאַט אין דער וועלט אריין. צוזאַמען מיט דעם געדאַנק פון „פּריפּערעדנעס", מוז מען אַוועקשטעלען די פראַגע: „פּריי־פּערען" געגען וועמען? זאָלען מיר זיך „פּריפּערען" געגען רוס־לאַנד, געגען דייטשלאַנד, געגען פראַנקרייך, געגען ענגלאַנד, געגען יאַפּאַן, געגען א קאָמבינאַציע פון עטליכע פון דיזע מעכטע, אָדער גאָר געגען אַלע צוזאַמען? און דאָ וועלען מיר באַלד קומען אין אַזעלכע שוויריגקייט, פון וועלכע עס איז אומ־מעגליך זיך ארויסצודרעהען. יעדער קען לייכט איינזעהן, אַז עס איז אַן אבסאָלוטע אוממעגליכקייט אַז מיר דאָ אין אַמעריקאַ זאָלען זיין „פּריפּערד" געגען אַלע די אויסגערעכענטע מעכטע. דייטשלאַנד האָט געשיינט צו זיין צוגעפּאַרטיגט אויף דער יבשה געגען אַלע איהרע שכנים, וויפיעל קרבנות האָט דאָס איהר שוין געקאָסט, דאַרף מען היינט קיינעם ניט דערצעהלען, און דעם רעזולטאַט דאַרף מען נאָך אָפּוואַרטען. וואָס מעהר, מען דאַרף גאָר ניט וואַרטען, יעדער וואָס קען לייענען די סימנים פון די פּאַסירונגען קען זעהן, אַז דייטשלאַנד קען בשום אופן ניט ארויס דער זיעגער פון דיזען מורא'דיגען קאַמפּף.

היינט אויב אַמעריקאַ קען זיך ניט „פּריפּערען" געגען אַלע צוזאַמען, געגען וועמען זאָל זי זיך יאָ „פּריפּערען"? ענגלאַנד האָט א כלל, אַז אויף דעם ים מוז זי זיין שטאַרקער פון יעדער אַנדערע צוויי שטאַרקסטע ים מעכטע. ווי אַזוי טוט דאָס ענגלאַנד? זי רעכענט פּשוט אויס די שיפען פון די צוויי גרעסטע פלאָטען און זי בויט אַזוי פיעל אַז איהר פלאָטע זאָל אריבערשטייגען. מיר רעכענען זיך פאַר דאָס רייכסטע לאַנד פון דער וועלט. און מיר זאָגען, אַז מיר דאַרפען אויך זיין דאָס שטאַרקסטע. אונזער פּרעזידענט האָט טאַקע געפאָדערט א פלאָטע, וואָס זאָל זיין שטאַרקער פון יעדע אַנדערע. מיר מוזען אַלזאָ בויען א פלאָטע, וואָס זאָל זיין מעכטיגער און גרעסער

ווי די פון ענגלאנד. אונזער באשלוס צו בויען א שטארקע פלאָטע וועט ניט אראָפפיהרען ענגלאנד פון איהר אלטען וועג צו האָבען א פלאָטע, וואס איז גרעסער און שטארקער פון אנדערע צוויי פלאָטען צוזאמענגענומען. ווי אזוי וועלען מיר וועז עס איז אריבערשטייגען ענגלאנד? מען רעדט זעהר אָפט פון מלחמה צווישען יאפאן און די פאראייניגטע שטאאטען, אין וועלכע מלחמה ענגלאנד וועט זיך שטעלען אויף דער זייט פון יאפאן, און דייטשלאנד וועט מיט באהאלטענע פרייד, גאנץ נייטראל, צוקוקען, און האָפען אויף אונזער מפלה. אויב אזא מלחמה איז מעגליך, דארף אונזער פלאָטע זיין שטארקער ווי ענגלאנד'ס און יאפאנ'ס צוזאמענגענומען. אונזערע גרויסע פאטריאָטען שרייען דאדורך, אז מיר דארפען האָבען א טאָ־פעלטע נעווי. אונזער לאנד ליעגט צווישען צוויי ימים, דעם אטלאנטישען און דעם פאציפישען, און מיר מוזען האָבען א פלאָט, וואס זאָל אונז קענען באשיצען פון ביידע זייטען. א קלענערע פלאָטע ווי אזא וואס זאָל אונז באשיצען אויף ביידע ימים איז ערגער ווי גאָר ניט. גאנץ ריכטיג באמערקט ארטור ה. פאללען, א גרויסער אויטאָריטעט אין הלכות פלאָטע: „א פלאָטע וואס איז קלענער אין צאָל און שוואכער אין קראפט איידער די פון דעם מעגליכען שונא, איז אויגענשיינליך ערגער ווי נוצלאָז. זי איז נוצלאָז ווייל אזא אונטערגעאָרדענטע פלאָטע קען ניט שפיעלען קיין שום ראָלע: זי קען ניט באשיצען און זי גיט ניט די מעגליכקייט צו אטאקירען. זי איז ערגער ווי נוצ־לאָז, ווארום צו באשיצען א גרויסע פלאָטע, וואס איז ניט גרויס גענוג צו קעמפען מיט ערפאָלג, איז א פארלוסט פון אוצרות, און כחות, און מענשען אין צייט פון פריעדען, און איז א קוואל פון ביטערע ערנידערונג אין צייט פון מלחמה". מיר מוזען אלזאָ האָבען אזא פלאָטע, וואס זאָל אריבערשטייגען די פלאָטעס פון ענגלאנד און יאפאן צוזאמענגענומען. אז דאס איז אומ־מעגליך איז אויגענשיינליך, היינט ווי אזוי זאָלען מיר זיך „פריפערען"? די צרה מיט די „פריפערעדנעס" פראגע איז, וואס זי איז אזוי שטארק לאָגיש און איז דאדורך לאָגיש פאר אלעמען, פאר די אנדערע פעלקער פונקט ווי פאר אונז. מען ווייס דאדורך ניט ווען אויפצוהערען.

צו רעדען פון „פריפערעדנעס“ גלאט אין דער וועלט אריין, איז דאדורך נאריש. גלאט „פריפערען“ איז אן אוממעגליכע זאך. מען מוז אויסרעכענען דעם מעגליכען שונא, ד. ה., מען מוז זעהן אונטער וועלכע אומשטענדען מיר קענען קומען צו א מלחמה, און מיט וועמען? אָבער אין דיזען פאל באקומט די גאנצע פראגע אַן אנדער געשטאַלט. אַלע ערקלערען אין איין קול, אַז אונזער לאנד וועט קיינמאָל ניט מאכען קיין אטאקע אויף אַנאַנדער לאנד, אַז מיר ווילען זיי גאָר ניט צופאַרטיגען פאר אַן אנגריף. אונזער „פריפערעדנעס“ מוז נאָר זיין פאר פארטיידיגונג. מיר דאַרפען זיין צוגעגרייט, — אזוי געהט די טענה, — זיך צו פארטיידיגען געגען יעדען שונא. אויף אַזוי וויט זיינען מיר איינשטימיג. קיין אנגריף־מלחמה וויל קיינער פון אונז ניט. מיר מוזען דאדורך וויסען, אויף וויפיעל עס איז מעגליך צו וויסען, ווער עס קען זיין אָדער ווערען, אונזער שונא; אונטער וועלכע אומשטענדען און צוליעב וועלכען צוועק מען קען אונז באַפאַלען? נאָר אין דיזען פאַל קענען מיר וויסען ווי אזוי זיך צוצוגרייטען. די וואָס רעדען פון „פריי־פערעדנעס“ מוזען זיך אָפּגעבען דין וחשבון וועגען אונזער מעג־ליכען שונא. אָבער איידער דאָס ווערט געטאָן, און אום דאָס זאָל געטאָן ווערען פארנינפטיג, מוז מען זיך פרעגען, און ענט־פערען, די פאָלגענדע פראַגען:

וואָס איז געשעהן, וואָס ביי אונז איז מיט אמאָל געוואָרען אזא מהומה וועגען „פריפערעדנעס?“ מען זאָגט, די מלחמה אין אייראָפּא. די געפעהרליכע שלאַכטעריי, וואָס קומט איצט פאָר אין אייראָפּא, האָט געעפענט אונזערע אויגען, און מיר האָבען זיך גענומען שרעקען פאר די צוקונפט. דיזער תירוץ איז גוט פאר די אומשולדיגע נשמות, וואָס ווייסען ניט וואָס עס געהט פאָר אין דער וועלט. דענקט יעמאַנד, אַז אונזער וואשינגטאָנער רעגירונג, אונזערע דיפלאָמאטען אין די פאר־שידענע אייראָפּעאישע מדינות, אונזערע פּאָליטישענס, אונזערע גענעראַלען און אדמיראַלען, אונזערע רעדאַקטערע, האָבען ביז די מלחמה גאָרניט געוואוסט פון דייטשלאַנד׳ס מאכט? האָט מען ווירקליך באדאַרפט אזא געפעהרליכע מלחמה אויסצוגע־פינען, וואָסער מאכט דייטשלאַנד איז אויף דער יבשה, אָדער

ענגלאַנד אויף דעם ים? אַזאַ זאַך קען מען נאָר איינרעדען חדר־אינגלעך. די מאַכט פון יעדען לאַנד איז געננוי באַוואוסט צו יעדען אַנדערען לאַנד. אויב מורא האָבען פאַר דייטשלאַנד, האָבען מיר פאַר דער מלחמה געהאַט מעהר אורזאַך מורא צו האָבען, ווי נאָך דער מלחמה. עס וועט אַוועק אַ לאַנגע, לאַנגע צייט ביז דייטשלאַנד וועט חלומ׳ען פון נאָך אַ מלחמה. עס וועט דויערען צעהנדליגע און צעהנדליגע יאָהרען ביז דייטש־לאַנד וועט צוריק אויפבויען, וואָס זי האָט אַליין חרוב געמאַכט אין איהר איינען לאַנד. אויב מען קען עפּעס לערנען פון דער מלחמה, האָט מען באַדאַרפט לערנען פּונקט דאָס פאַרקערטע; מען האָט באַדאַרפט לערנען, וואָסער גרויסער אומגליק עס איז צו זיין „פריפערד". עס קאָן גאָר ניט זיין קיין ספק, אַז דאָס אומגליק פון דיזער מלחמה וואָלט ניט באַפאַלען די וועלט, ווען דייטשלאַנד וואָלט ניט געווען אַזוי שטאַרק צוגעגרייט. עס איז מערקווירדיג ווי דער מענשליכער מוח אַרבייט. דאַכט זיך, אַז דיזע מלחמה מיט אַלע די אומגליקען, טויט און פאַרוויסטונג, וואָס זי האָט געבראַכט אויף דער וועלט, האָט באַדאַרפט אַזוי אָפּשרעקען יעדען מענש פון דעם געדאַנק פון מלחמה, ער זאָל גאָר ניט דערלאָזען אַזאַ אידעע ביי זיך אין קאָפּ. צום סוף איז פּונקט פאַרקערט. גראָד די מלחמה האָט ביי אונז אַרויסגע־רופען אַ משוגעת פאַר צופאַרטיגונג צו מלחמה. מיר האָבען געזעהן, אַז עס איז ניטאָ קיין אורזאַך מורא צו האָבען פאַר דייטשלאַנד. אָבער זאָלען מיר צוגעבען, געגען דעם מענשליכען שכל, אַז מיר דאַרפען היינט מעהר מורא האָבען פאַר דייטש־לאַנד ווי פריהער, שטעלט זיך די פראַגע: זיינען מיר דאָס טאַקע אַזוי הילפלאָז? זיינען מיר ביז היינט גאָר ניט געווען „פריפערד"? עס איז געוואָרען אַ מאָדע, אַז יעדער אַמעריקאַ־נער „פּאַטריאָט", יעדער אַדמיראַל, אָדער גענעראַל, אָדער יעדער וואָס וויל ווערען פּרעזידענט, אָדער גלאַט פּאָליטישען שטרייט געוואָלט, אַז מיר זיינען גאָר ניט צוגעפאַרטיגט, אַז אונזער אַרמעע איז נאָר גוט פאַר פּאַראַדען, אונזער פלאָטע — פאַר אַלט אייזען. פאַר וואָס ערלויבט די רעגירונג אויפצודעקען אונ־זער שוואַכקייט? אויב דאָס איז אמת, אַז מיר זיינען הילפלאָז, דאַרף דאָך דער פאַקט באַהאַלטען ווערען בסוד סודות, און דער

וואס ניט ארויס די סודות, דארף באטראכט ווערען אלס פאר־רעטער פון לאנד. פון איין זייט זיינען מיר אין איין שרעק, אז אט, אט קומט דער דייטש און שלינגט אונז איין מיט די שטיוועל און פארקאוועס, פון דער אנדערער זייט דערצעהלען מיר כסדר דעם שונא, אז מיר זיינען שוואך און הילפלאז, און יעדער איינער קען מיט אונז טאן, וואס ער וויל נור אליין. און די וואס שרייען דאס, אנשטאט זיי זאלען באטראכט ווערען פאר פאררעטער, ווערען פאררעכענט פאר גרויסע פאטריאטען. ווי קומט דאס? דאס קומט פון דעם, וואס אלע ווייסען, אז דאס וואס זיי שרייען איז ניט דער אמת, אז דאס איז נאר אן אפענער מיטעל אפצושרעקען דעם עולם, דעם גולם, ער זאל שרייען „פריפערענס". דאס ווייסען מיר, און דאס ווייסען אונזערע כלומר'שטע שונאים.

מען דארף נאר א קוק טאן, ווי עס געהט צו די היינטיגע מלחמה, מען זאל ליכט איינזעהן, ווי ווענינ מיר האבען זיך צו שרעקען פאר א מלחמה, און ווי אונעהרליך עס איז איין טייל, און ווי נאריש עס איז דער צווייטער טייל, פון אונזער באפעל־קערונג, וואס שרייט „פריפערענס". דייטשלאנד פיהרט אזא ביטערן קאמף; איהר גרעסטער שונא, ווי אלע ווייסען שוין היינט, איז ענגלאנד, פארוואס געהט ניט דייטשלאנד אויף ענגלאנד? דייטשלאנד האט בעוויזען איהר כח איינצונעמען בעלגיען, א גרויס שטיק פון פראנקרייך, כמעט גאנץ פוילען, ליטא און וואהליניען, פארוואס געהט זי ניט אויף ענגלאנד? עס וואלט שנעל געווארען א סוף צו דער מלחמה, ווען דייטש־לאנד זאל פארנעמען פון ענגלאנד א דריטעל פון דעם, וואס זי האט צוגענומען פון פראנקרייך, אדער רוסלאנד. פאר וואס זשע געהט ניט דייטשלאנד אויף ענגלאנד? מען זאגט: ענגלאנד איז מעכטיג אויף דעם ים. גוט, טא פאר וואס געהט ניט ענג־לאנד אויף דייטשלאנד? דער תירוץ איז: די סובמארינס און די מינען; און דער באוויז איז, גאליפאלי. דייטשלאנד'ס פלאטע ליעגט פארשטעקט אין דעם קיעל קאנאל, זי קען מיט איהר גאר ניט טאן, אבער דאס קליינע שיפעלע, די סובמארין, וואס פארשטעקט זיך אונטער'ן וואסער, און לויערט, ווי א גזלן אויף זיין קרבן, האלט ענגלאנד אין שרעק, און האט זייט דעם

אנהויב פון דער מלחמה פארניכטעט, ווי אויטאָריטעטן שאַצן, 190 פאַרשידענע בריטישע שיפן, פון דריי מיליאָן טאָן (דיס־פּלעיסמענט). מיט איהר גאַנצע ים־מאַכט, וועלכע איז נאָך דערצו געווען געשטיצט פון פראַנקרייך און רוסלאַנד, איז ענג־לאַנד געשטאַנען מאַנאַטען לאַנג ביי גאַליפּאָלי, האָט פארלוירן א הונדערט טויזענד מענשען, מיט פיעלע שיפן, און האָט זיך געמוזט צוריקציהען מיט א צובלוטיגטע קאָפּ. עס איז אויך באוואוסט וואָסער גוואַלטיגע אָנשטרענגונג דייטשלאַנד האָט לעצטעס יאָהר געמאַכט ביי קאַלעי, מיט דיזעלבע רעזולטאַטען, וואָס ענגלאַנד האָט געהאַט ביי די דאַרדאַנעלען.

מען קאָן פון דעם זעהן, אז ביי דעם היינטיגען שטאַנד פון פאַרטיידיגונגס מיטעל, איז כמעט אוממעגליך צו נעמען א לאַנד אויפ׳ן וואַסער. אָבער ווען עס זאָל אפילו מעגליך זיין, איז איינגעמען א פּאָרט איין זאַך און איינגעמען און באַהערשען דאָס לאַנד א צווייטע זאַך. אלע וויסען פון ווילסאָנ׳ס „היטען און וואַרטען“ פּאָליטיק בנוגע מעקסיקאָ. זאָל זיך קיינער ניט איינרעדען, אז דיזע פּאָליטיק איז דיקטירט געוואָרען נאָר פון גוטען ווילען. קליין און שוואַך ווי עס איז די מעקסיקאַנישע באַפעלקערונג אַנטקעגען די פאַראייניגטע שטאַאַטען, האָבען מיר פון דעסטוועגען מורא מיט זיי זיך איינצורייסען. היינט צו טאָג איז ניט קיין קלייניגקייט איינצונעמען און צו באַהערשען א פאָלק פון 20 מיליאָן. היינט ווי קען זיך איינער איינרעדען, אז דייטשלאַנד וועט וועלען פאַרכאַפּען אַמעריקאַ. וויפיעל סאָלדאַטען מיט קאַנאָנען, מיט שיס מאַטעריאַל מיט פערד מיט פּראָוויאַנט וועט דייטשלאַנד דאַרפען דאָס אויסצופיהרען און וויפיעל שיפען, מיט קריעגס שיפען, וועט זי דאַרפען פאַר דעם; און מיר וועלען דאָס זיצען די גאַנצע צייט פארלייגט די הענט און צוקוקען? זאָל דער לעזער פּרובירען צו ענטפערען דיזע פראַגע, און ער וועט לייכט איינזעהן, ווי אבסורד עס איז דיזע מורא אלס ארגומענט פאַר „פּריפּערעדנעס“.

אָבער נאָך אלעם איז דאָס ניט דער הויפּט ארגומענט. די הויפּט פראַגע איז: פאַר וואָס איז דייטשלאַנד ביז היינט ניט באַפאַלען אַמעריקאַ? פאַר וואָס האָט דאָס ענגלאַנד ביז היינט ניט געטאָן? אָדער פראַנקרייך? ענגלאַנד, ווי די גאַנצע

וועלט וויים, האט א היסטארישע חזקה אויף אמעריקא. אמע־ריקא איז אויפגעבויט געווארען מיט די הילף פון ענגלאנד, עס איז פריהער געווען א טייל פון ענגלאנד. קאנאדע, אונזער נאהנסטער שכן, איז נאך היינט א טייל פון ענגלאנד. פראנק־רייך האט אמאל געהאט א גרויסען חלק אין אמעריקא. לוזיאנא, א שטח וואס איז פינף מאל אזוי גרויס ווי גאנץ פראנקרייך, און א דריטעל פון גאנץ איירא פא, האט אמאל באלאנגט צו פראנקרייך, נאפאלעאן דער ערשטער האט עס צו אונז פאר־קויפט, מען קען זאגען פאר א טרונק בראנפען. 15 מיליאן דאלאר איז געווען די סומע, וואס ער האט דערפאר באקומען. רוסלאנד האט אפגעטרעטען אלאסקא צו אונז. די הויפט איירא־פעאישע מעכטע זיינען אזוי ארום געווען פאראינטערעסירט אין אמעריקא, און זיי וואלטען שוין ווי עס איז געקענט גע־פינען א צוטשעפענים זיך צו פארדייסען מיט די פאראייניגטע שטאאטען. פאר וואס האט דאס קיינער ניט געטאן ביז היינט, ווען זיי זיינען געווען שטארק, געזונט און פריש, און וועלען דאס געהן טאן היינט, ווען זיי קענען זיך קוים האלטען אויף די פיס?

עס וועט אונז פיהרען צו ווייט צו געהן ענטפערען דא אויף די פראגע. אין מיין ביכעל „סאציאליזם, מלחמה און נאציאנא־ליזם" איז די פראגע פון אימפעריאליזם באהאנדעלט געווארען אויספיהרליך. דא, וועט זיין גענוג צו זאגען, אז לענדער, פעלקער געהען היינט צו טאג אין מלחמה ניט אוים פארגעניגען, און ניט צוליעב א בת מלכה, אדער אוים ליעבע צו אוואנטורעס. זיי געהען אין מלחמה צוליעב געוויסע נאציאנאלע נויטען און באדירפניסע. דיזע נויטען און באדירפניסע טרייבען זיי צו וועלען באהערשען הויפטזעכליך, און אויסשליסליך, די ניט ענט־וויקעלטע אגרארישע לענדער, די לענדער פון וואנען זיי מוזען באציהען ברויט און אנדערע רויהע שטאפען, און צו וועלכע זיי קענען באצאהלען מיט זייער פארטיגע אינדוסטריעלע פרא־דוקטען; וואו זיי קענען בויען אייזענבאהנען און פארזיכערען דורך זייערע „ספערע פון איינפלוס" די גרויסע סומען קאפיטאל, וואס זייערע קאפיטאליסטען אינוועסטען. לויט דיזען האבען די איירא פעאישע מעכטע גאר ניט וואס צו זוכען אין די פאר־

איינינגטע שטאטען. אלץ, וואס דייטשלאנד, אדער ענגלאנד קאן געברויכען פון די פאראייניגטע שטאטען, קאנען זיי קריגען אהן מלחמה. פאר געלט קענען זיי קויפען דא, וואס זיי ווילען נאר אליין. זייערע סחורות קענען זיי דא לייכט פארקויפען אויב זיי קענען נאר געבען בעסערע סחורה פאר ווענינער געלט. זייערע קאפיטאלען קענען זיי דא איינלייגען, און זיי טוען עס אויך, אין וועלכען געשעפט זיי ווילען נאר אליין, און די אינוועסטמענט איז פונקט אזוי זיכער ווי אין דעם אייגענעם לאנד. דער דייטשער, אדער ענגלישער, אדער פראנצויזישער קאפיטאליזם דארף ניט איינעמען אמעריקא. פאר זייערע צוועקען האבען זיי אמעריקא שוין לאנג איינגענומען. זיי באזיצען אמעריקא, פונקט ווי זיי באזיצען זייער אייגען לאנד. דאס איז די אמת'ע אורזאך פארוואס קיינע פון די אייראפעאישע מעכטע זיינען ביז איצט ניט באפאלען אמעריקא, ווען יעדע פון זיי איז געוועזען ניט אין ערך שטארקער ווי היינט. און אמעריקא איז געוועזען ניט אין ערך שוואכער ווי היינט. אויס דיזעלבע אורזאכען איז ניטא וואס מורא צו האבען, אז זיי וועלען דאס ווען עס איז טאן, ווען זיי זאלען אפילו זיין בכח. מען זאגט: „די מאנראו דאקטרין" קאן אונז אמאל פארוויקלען אין א מלחמה מיט איינע פון די אייראפעאישע מעכטע. די צענטראל און זיד־אמעריקאנישע לענדער, זאגט מען, זיינען ניט אין אזא לאגע ווי די פאראייניגטע שטאטען. די קאפיטאלען, וואס די אייראפעאישע קאפיטאליסטען האבען דארט אינוועסטעט זענען ניט אזוי זיכער, די לענדער אליין פאסען זיך זעהר גוט פאר די אימפעריאליסטישע צוועקען פון די איירא־פעאישע גרויס־מעכטע. עס קען זיך דאדורך פארוועלען, לאמיר זאגען דייטשלאנד, ארייננצושטעלען א פוס אין מעקסיקא, ווענעזועלא, פערו, טשילי, אדער אנאנדער מדינה אין צענטראל אדער זיד־אמעריקא. לויט אונזער „מאנראו „דאקטרין" זיינען מיר מחויב צו באשיצען די לענדער פון אן איבערפאל, און אזוי ארום קענען מיר אין איין שענעם טאג, גאנץ אומגעריכט, זיך געפינען פארוויקעלט אין א מלחמה מיט דייטשלאנד צוליב אונזערען א שכן. דאס איז ווידער איינס פון די ארגומענטען, וואס קלינגען זעהר לאניש פון אויבען אויף, וואס זיינען אבער

ניט אזוי, ווען מען קוקט זיך איין אביסעל טיפער אין זיי. פאר אלעמען דארף מען זיך פרעגען די פאלגענדע פראגע: עס איז שוין 93 יאהר זייט פרעזידענט מאנראו האט ארויסגעגעבען אן ערקלערונג, וואס מיר רופען די „מאנראו דאקטרין". אין די גאנצע 93 יאר האט קיינער פון די אייראפעאישע מעכטע ניט געזוכט צו געהן געגען די „מאנראו דאקטרין". פאר וואס האבען זיי דאס ניט געטאן ביז היינט? מיט וועלכען כח האבען די פאראייניגטע שטאטען די גאנצע צייט אויפגעהאלטען די „מאנראו דאקטרין"? די פראגע אליין איז שוין גענוג צו באווייזען, ווי פאלש עס איז, ווען מען וויל ארייגשלעפען די „מאנראו דאקטרין" אלס אן ארגומענט פאר פריפערענצעס". אבער אויך דאס איז ניט דער הויפט ענטפער. דער אמת'ער ענטפער ליגט אין די „מאנראו דאקטרין" אליין. וואס איז אזעלכעס די „מאנראו דאקטרין"? ארום די יארען 1820-1823 באלד נאך די נאפאלעאנישע מלחמות, ווען די רעאקציע האט געבושעוועט אין גאנץ אייראפא, ווען די אייראפעאישע שטאטסמענער מיט מעטערניק אן דער שפיץ, האבען געזוכט אויסצולעשען יעדען פונק פון שטרעבונג צו פרייהייט, וועלכעס האט זיך פון פראנקרייך ארויס פארשפרייט ווי א ווילד פייער אויף גאנץ אייראפא; ווען זיי האבען געזוכט איינצושטילען יעדען פארלאנג נאך רעפארם, און צו באפעסטיגען די הערשער אויף זייערע טראנען. צו יענער צייט האט שפאניען זיך געווענדט צו די מעכטע מיט א פארלאנג איר צו העלפען אונטערווארפען די רעוואלוציאנערען, און איר העלפען צוריק צו געווינען די זיד־אמעריקאנישע קאלאניעס פאר דער קרוין. און עס האט אויסגעוויזען, אז די אייראפעאישע מעכטע זענען געווען בארייט צו טאן דעם געפאלען צו שפאניען. צו יענער צייט האט פרעזידענט מאנראו ארויסגעלאזען זיין ערקלערונג, אין וועלכער ער האט געזאגט צו די אייראפעאישע מעכטע:

„מיר וועלען באטראכטען יעדען פארזוך פון די אייראפעאישע מעכטע צו פארשפרייטען זייער סיסטעם אויף אירגענד וועלכען טייל פון דער נייער וועלט אלס געפערליך פאר אונזער פרידען און זיכערהייט, און אלס אקט פון אומפריינדליכקייט צו די פאראייניגטע שטאטען."

דאָס איז די גאנצע „מאָנראו דאָקטרין“. אין וואָס באַ־שטעהט איר כח? דער כח באַשטעהט אין דעם, וואָס יעדע אייראָפּעאישע מאכט האָט געוואוסט, אַז אָנהויבען זיך מיט איינע פון די קליינע מדינות אין צענטראַל אָדער זיד־אַמעריקאַ, הייסט צו דער זעלבער צייט זיך אָנהויבען מיט די פאראייניגטע שטאַאטען, ד. ה., אַז זיי וועלען דארפען מלחמה האַלטען ניט נאָר מיט איין מדינה, נאָר מיט צוויי מדינות, איינע אַ קליינע און די צווייטע אַ גרויסע. און די אייראָפּעאישע מעכטע געהען ניט אזוי שנעל מלחמה האַלטען מיט אַ גרויסער מאַכט. מער ווי איינמאָל איז פאָרגעקומען זייט דאַן, וואָס איינע אָדער די אנדערע פון די אייראָפּעאישע מעכטע, האָט געזוכט זיך צו פארקריגען מיט אַן אַמעריקאַנער מדינה, אָבער די „מאָנראו דאָקטרין“ האָט זיי באַשיצט. דאָס איז די אורזאַך פאַר וואָס די אייראָפּעאישע מעכטע האָבען ביז איצט געשאָנעוועט די „מאָנראו דאָקטרין“. האָבען מיר וועלכע עס איז אורזאַך היינט זיך צו שרעקען, היינט, ווען אַלע אייראָפּעאישע רעגירונגען זיינען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז זיי קענען קוים שטעהן אויף די פיס? מיר זעהען אזוי ארום, אַז אין אייראָפּאַ קען מען מיט ליכט ניט געפינען אַ מאַכט, וועלכע קאָן פאַר אַ לאַנגער צייט ווערען אונזער שונא. און דאָס זיינען מודה די עהרליכע אַמע־ריקאַנער, אפילו ווען זיי זיינען פאַר „פּריפּערעדנעס“. דר. דאַ־וויד דזשעין הילל, דער באַוואוסטער דיפּלאָמאַט, געוועזענער אַמבאַסאַדאָר צו דייטשלאַנד, שווייץ און נידערלאַנד, געוועזע־נער הילפס־מיניסטער פאַר אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון 1898 ביז 1903, פאַרפאַסער פון „אַ היסטאָריע פון אייראָ־פּעאישע דיפּלאָמאַטיע“, שרייבט אין אַן אַרטיקעל אין דער „נאָרטה אַמעריקען רעוויו“ פאַר מערץ, דאָס פאָלגענדע:

„קיין זאַך איז ניט לייכטער ווי צו דיסמיסען אַלס גרונדלאָזע שרעקען מאַנכע פון די פאָרשטעלונגען, וועלכע זיינען ארויסגעבראַכט געוואָרען אַלס אורזאַכען, ווארום מיר זאָלען אויפ'ן שוועל אָרגאַניזירען אַ גרויסע אַרמיי און זי אויפהאַלטען אויף אַ מלחמה־פוס.

„איך קאָן, למשל, ניט גלויבען, אַז מיר זיינען היינט צו טאָג אויסגעזעצט צו דער סכנה פון אַ באַלדיגער אַטאַקע

אויף אונזער באָדען. עס איז ניטאָ אן אומבאַזיגבאַרע פּלאַטע, וואָס פאַרדרעהט איר שנאַבעל צו אונזערע ברע־גען, אָדער וואָס גרייט זיך דאָס צו טאָן. איך גלויב ניט, אז עס איז דאָ א נאַציאָן, וואָס האָט אין זינען צו אָרגאַני־זירען א באַנדע עראָבערער אויף׳סניי איינצופירען ים־רויבעריי, אָדער זיך א לאָז צו טאָן צו זוכען נייע קאָלאָ־ניעס, וועלכע מען זאָל אָפּנעמען פון א ציוויליזירט פאָלק; און איך באַטראַכט דאָס שעדליך פאַר דער זאַך פון נאַציאָ־נאַלער פארטיידיגונג פאָרצובריינגען אזעלכע ארגומענטען.״

מר. הילל מאַכט מיט איינמאָל אוועק אלע די ארגומענטען מיט וועלכע די צייטונגען זיינען פול, און וועלכע אונזערע גרוי־סע „פּאָליטיקער״ און פּאָליטישענס חזר׳ן כסדר איבער. מר. הילל איז פונדעסטוועגען פאַר „פריפערעדנעס״. ער שרעקט זיך ניט, אז ווער עס איז וועט קומען פאַרכאַפּען אונזער לאַנד. זיין מורא איז גאָר פאַר עפּעס אנדערש. ער שרייבט אזוי:

„פאַר וואָס מיר האָבען זיך יאָ צו שרעקען איז, אז ווען עס איז, ערגעצוואו, קען זיך מאַכען א ויכוח וועגען די רעכט פון בירגער פון אנדערע לענדער, וואָס שטעהן אונטער אונזער יוריסדיקציע, אָדער איינפלוס ספערע, וועלכען מיר וועלען ניט זיין אימשטאַנד אויסצוגלייכען אויף א פריינדליכען וועג, אויסער ווען מיר זיינען אזוי שטאַרק, אז מיר זיינען אין אמת׳ן געפערליך, און בכח צו מאַכען אנדערע זאָלען רעספּעקטירען אונזער וואָרט, און אונזער סטאַנדאַרד פון אויפפירונג.״

דאָס איז שוין גאָר אנאַנדערע זאַך. אז מיר זאָלען ווען עס איז אַטאַקירען אנדערע, פון דעם איז ניטאָ וואָס צו רעדען. דאָס פאַלט אונז אפילו ניט איין, און מיר ווילען זיך גאָרניט צופאַרטיגען דערצו; אז מיר זאָלען באַפאַלען ווערען פון אנדע־רע, איז גרונדלאָז און נאַריש. צופאַרטיגען צו מלחמה דאַרפען מיר זיך צוליב דעם, טאָמער וועט „ווען עס איז, ערגעצוואו, זיך מאַכען א ויכוח וועגען די רעכט פון אונזערע בירגער, אָדער די רעכט פון בירגער פון אנדערע לענדער, וואָס זיינען

אונטער אונזער יוריסדיקציע, אָדער איינפלוס־ספערע". „ווען עס איז, ערגעצוואו". אַט צוליב דעם „ווען עס איז" זאָלען מיר ענדערען די פּאָליטיק פון אונזער לאַנד; זאָלען מיר מקריב זיין אונזערע קינדער, און אונזער גוטס, צו דעם גאָט פון מיליטאריזם; זאָלען מיר פארשווענדען יעדעס יאָר הונדערטער מיליאָנען פון דעם פּאָלק׳ס פראצע: זאָלען מיר באַשאַפען אַ קלאַס פון געדונגענע און פראָפעסיאָנעלע מיליטאריסטען; זאָלען מיר זיך פארוויקלען אין דער אייראָפּעאישער מאָרד־פּאָליטיק; זאָלען מיר אונזערע סקולס און אוניווערזיטעטען אָנשטעקען מיט דעם קאַזארמע גייסט? איז דאָס כדאי? איז מר. הילל אַזאַ סימפּעל נאַטור, אַז ער קען דענקען, אַז מיר וועלען צוליעב „ווען עס איז, ערגעצוואו", מאַכען אַזאַ אומגעהייערע ענדערונג אין אונזער לאַנד? קיין פארנינפטיגער מענש וועט אויף דעם ניט איינגעהן. טאָמער וועט מען אַמאָל, אין צייט פון אַ מלחמה ווי די איצטיגע, וועלכע וועט פאַר אַ לאַנגער, לאַנגער צייט זיך ניט ווידערהאָלען, פארטרינקען עטליכע פון אונזערע בירגער, זאָלען מיר זיך אַלע יאָר פארטיגען צו מלחמה? דאָס קען ניט זיין. מר. הילל מיינט דאָס אויך ניט. ניט אומזיסט איז ער אַ גרויסער דיפּלאָמאַט, ניט אומזיסט האָט מר. הילל געשריבען „אַ היסטאָריע פון אייראָפּעאישע דיפּלאָמאַטיע". ער האָט זיך אויסגעלערענט די קונץ פון צו געברויכען אַ שפּראַך, וואָס זאָל באַהאַלטען די געדאַנקען. מיר דארפען זיך שרעקען, זאָגט ער, „אַז ווען עס איז, ערגעצוואו, קען זיך מאַכען אַ ויכוח וועגען די רעכט פון אונזערע בירגער, אָדער די רעכט פון בירגער פון אנדערע לענדער, וואָס שטעהען אונטער אונזער יוריסדיקציע אָדער איינפלוס־ספערע". וואָס מיינען די לעצטע ווערטער? וואָסער „בירגער פון אנדערע לענדער" זענען דאָס וואָס שטעהען אונטער אונזער יוריסדיקציע אָדער איינפלוס־ספערע, צוליב וועלכע מיר קענען ווערען פארוויקעלט אין אַ מלחמה, און צוליב וועלכע מיר דארפען זיך צוגרייטען? אַט דאַ ליגט דער האָקען! עס זיינען די „בירגער פון אנדערע לענדער, וואָס שטעהען אונטער אונזער יוריסדיקציע", צוליב זיי ווילען אונזערע קאַפּיטאַליסטען „פּריפערענצן". און דאָס פּירט אונז גלייך קיין יאַפּאַן.

## וועגען פריפערענצעס

צווישען די מלחמה־סטראַטעגען, רעדט מען זעהר אָפט פון דער מעגליכקייט פון א מלחמה צווישען די פאראייניגטע שטאַטען און יאפאן. דאָ שטעלט זיך ווידער דיזעלבע פראגע: דענקען מיר צו באפאלען און אטאקירען יאפאן? געוויס ניט! פון אן אטאקע פון אונזער זייט איז אָפגערעדט. מיר זוכען ניט צו אטאקירען קיינעם ניט. מיר ווילען זיך נאָר פאר־טיידיגען. וועט יאפאן אונז אטאקירען? דאָס וועט קיין מענש, וואָס איז ביי זיינע חושים, ניט גלויבען. קיין מענש וועט ניט גלויבען, אז יאפאן דענקט צו קומען מיט איר פלאָטע איינצו־נעמען אמעריקע. אלזאָ, איירָאפּאַ וועט אונז ניט אנגרייפען; יאפאן וועט אונז ניט אָנגרייפען; מיר ווילען קיינעם ניט אָנגרייפען, הייסט צו וואָס־זשע די „פריפערענצעס"? דער תירוץ איז כינא. מיר זוכען אין כינא דאָס זעלבע, וואָס יאפאן זוכט אין כינא, און דאָס קען ברייגגען צו א צוזאמענשטויס. יאפאן איז דאָס נײ־אויפגעקומענע לאנד אין מזרח. עס איז דער „אלל־רייטניק" צווישען די פעלקער, און ווי יעדער „אלל־רייטניק" שטופּט עס זיך כסדר אין פראָנט. און זי מוז עס אויך טאָן. אין יאפאן ווידערהאָלט זיך דאָס, וואָס מיר זעהען ביי דער אנטוויקלונג פון אלע לענדער צום קאפּיטאליזם. די אינדוסטריע, און צוזאמען מיט דער אינדוסטריע, די באפעל־קערונג, וואַקסט אין יאפאן מיט ריזען שריט. דער וואוקס פון דער אינדוסטריע געהט ווי געוויינליך אויף דעם חשבון פון דער אגריקולטור. יאפאן איז אזוי ארום געצוואונגען צו זוכען נייע לענדער פון וואנען צו באציהען אירע ברויט שטאפען און רויהע מאטעריאלען און וואו אָפצוזעצען אירע פאבריצירטע סחורות, און דעם איבערפלוס פון איר באפעלקערונג. נאָך דער מלחמה מיט רוסלאנד, האָט זי פארשפרייט אירע פליגעל אויף מאנדזשוריע און קאָרעא. אָבער דאָס איז איר ניט גענוג. יאפאן זוכט דעם אויסשליסליכען איינפלוס אין כינא. אונטער דעם געשריי: „אזיע פאר די אזיאטען", זוכט יאפאן צו קריגען אין אירע הענט גאנץ כינא. זי טענה'ט, אז זי האָט א רעכט, פונקט ווי אמעריקא, צו ערקלערען א סאָרט „מאָנראָו דאָקטרין" אין דעם ווייטען מזרח. וואָס דאָס מיינט, ווייסען מיר. יאפאן איז געגאנגען אין מלחמה מיט רוסלאנד, אזוי האָט זי

צו יענער צייט ערקלערט, כדי אויפצוהאלטען די גאנצקייט פון כינא, און די גאנצקייט פון קארעא, און אויפצוהאלטען די „אפענע טיר" פאליטיק בנוגע צו כינא. ווי זי האט אויפגעהאלטען די גאנצקייט פון קארעא, און ווי זי האט באשיצט די רעכט פון מאנדזשוריע, איז באוואוסט. ערשט ניט לאנג צוריק האט זי ארויסגעשטעלט 24 פאדערונגען צו כינא, וועלכע זענען ניט בעסער, ווי די פאדערונגען, וואס עסטרייך־אונגארן האט ארויסגעשטעלט צו סערביען. די אגרעסיווע יאפאנעזישע פאליטיק בנוגע צו יאפאן מאכט אונזערע קאפיטאליסטען זעהר נערוועז. כינא איז א גרויסער קאסטאמער פון די פאראייניגטע שטאטען, און יאפאן רייסט זיך, וואס אמאל מער אריין אין אונזער געשעפט. נאטירליך זאגען מיר דאס ניט אזוי אפען. צו דעם זיינען מיר צופיעל ציוויליזירט. מיר וועלען ניט געהן האלטען מלחמה צוליעב ביזנעס, מיר וועלען נאר זעהן צו באשיצען די הייליגקייט פון דעם יאפאנעזישען אפמאך מיט כינא. פונקט ווי ענגלאנד איז געגאנגען אין דער מלחמה נאר צוליב דעם, וואס דייטשלאנד האט געבראכען איר אפמאך מיט בעלגיען, אזוי, קען זיין, זאלען מיר מוזען געהן אין מלחמה צוליב איר אפמאך מיט כינא. ביזנעס? חלילה! דאס וועט שוין קומען ממילא. אין מלחמה וועלען מיר געהן צוליב אן אפמאך. קאנגרעסמאן ריטשארד ר. אוסטין, פון טענעסי, האט איבערגעדריקט די געדאנקען אויף א מיטאג־עסען פון די רעפובליקען־קלוב. ער האט געזאגט:

„דאס פאלק פאר וועלכען מיר דארפען זיך היינט שרעקען, איז ניט דאס פאלק פון וועלכער עס איז איירא-פעאישער נאציאן, נאר אונזער קליין ברוין ברודערל פון דעם אריענט — די יאפאנעזער... די הויפט אורזאך פאר דעם איז, וואס זיי קלייבען זיך צו צערייסען כינא, און זיי ווייסען, אז די סענטימענטען אין דעם לאנד זענען איינשטימיג דאגעגען."

פונקט דאס פארקערטע פון דעם הערט מען אין יאפאן.

אַט וואָס עס שרייבט די „ניטשי־ניטשי“, א יאפאנעזישע צייטונג.*)

„עס איז א רעטעניש פאר אונז, פאר וואָס די פאראייניגטע שטאטען זאָלען וועלען פארגרעסערען זייער באוואפנונג אויף אזא גוואלטיגען מאסשטאב. אייניגע מענשען זאָגען אונז, אז זי גרייט זיך צו געגען א מעגליכען אַנגריף פון דייטשלאנד. דאָס איז א זינלאָזער אויסרייד. ווי לאנג אמעריקא בלייבט פריינדליך מיט גרויס־בריטאניען, און זי וועט דאָס געוויס בלייבען, האָט זי זיך גאָר ניט וואָס צו שרעקען פאר דייטשלאנד. ווען דייטשלאנד זאָל זיך וועלען פארקריגען מיט אמעריקא, וואָלט ענגלאנד ניט געזעסען שטיל, און לאָזען אמעריקא טראָגען די גאנצע משא פון א דייטשען אנגריף.

„פאר אונז איז עס אויגענשיינליך, אז אמעריקא'ס ציעל אין פארגרעסערונג איר באוואפנונג, איז ניט אין דעם אטלאנטישען, נאָר אין דעם פאציפישען ים. די פאראייניגטע שטאטען האָבען א גרויסען חשק צו באהערשען דעם פאציפישען ים, און צו שפּילען אן אָנגעזעהענע ראָלע אין דער דיפּלאָמאטישער דראמע פון דעם ווייטען מזרח.

„מיר איגנאָרירען ניט דעם פאקט, אז די פאראייניגטע שטאטען זענען היינט צו טאָג פריינדליך צו אונזער לאנד, אָבער מיר מוזען געדענקען, אז אונזערע שטרעבונגען אין דעם אָריענט, הארמאָנירען ניט אימער מיט די אמביציעס פון די פאראייניגטע שטאטען. מיר זיינען די היטער פון פרידען אין דעם ווייטען מזרח, און מיר קענען ניט בלייבען געלאסען און קאלטבלוטיג, ווען א שטערענדער עלעמענט הייבט זיך אויף אויף דעם האָריזאָנט.“

די יאפאנעזער, ווי מען קען זעהן פון דעם, זיינען פונקט אַזוי ציוויליזירט ווי מיר. מיר זיינען די „היטער פון אַפּמאכען“

---

*) מיר ציטירען לויט אן אויסצוג אין דעם „ליטערארי דייַדזשעסט“.

אין כינא, און זיי זענען די „היטער פון פרידען אין דעם אָריענט". ניט מיר האָבען אין זינען ביזנעס, און ניט זיי. חלילה!

יאַפּאַן האָט צו אונז נאָך אַנדערע טענות. מיר באַהאַנדלען זייערע ברידער ניט אַזוי פיין דאָ אין אַמעריקאַ, און ווען עס זאָל קומען צו אַ מיספאַרשטענדניס, וואָלטען זיי געקענט אַרויס־שטעלען די אימיגראַציאָנס־פראַגע, און די לאַנד פראַגע אין קאַ־ליפאָרניע, אַלס אַ תירוץ.

ביי דעם אַלעם וועט אָבער קיינעם ניט איינפאַלען צו דענ־קען, אַז יאַפּאַן וועט ווען עס איז געהן גענען די פאַראייניגטע שטאַאַטען גופא. ווען עס זאָל קומען צו אַ צוזאַמענשטויס, וואָלט זייער אָביעקט געווען האַוואַאַי, האָנאָלולו, די פיליפּינען, וועלכע ליגען אויף דעם וועג קיין יאַפּאַן. אָט דאָס איז, וואָס מר. הילל האָט אין זינען, ווען ער רעדט מכח אַ ויכוח וועגען די „רעכטע פון בירגער פון אַנדערע לענדער, וואָס שטעהען אונ־טער אונזער יוריסדיקציע אָדער איינפלוס־ספערע."

די גאַנצע „פּריפּערעדנעס" פראַגע. צייגט זיך איצט אַרויס אין איהר ריכטיגען ליכט. עס איז אַ פראַגע פון אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם געגען יאַפּאַנעזישען אימפּעריאַליזם אין דעם ווייטען מזרח.

צי דאַרפען מיר זיך לאָזען אויף דעם וועג פון אימפּעריאַ־ליזם און מיליטאַריזם? דאָס איז אַ גאַנץ באַזונדערע פראַגע, וועלכע קאָן דאָ ניט באַהאַנדעלט ווערען. אָבער זאָלען זיך די כלומר'שטע פּאַטריאָטען ניט איינרעדען, אַז מיר דאַרפען נע־מען אויסגעבען ביליאָנען פון דאָלאַרס, ענדערען די גאַנצע פּאָ־ליטיק פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען און אַריינברענגען דעם פאַרעכטליכען מיליטערישען גייסט אין אונזער באַפעלקערונג, ווייל אונזער לאַנד איז אין סכנה באַפאַלען צו ווערען. עס איז דער גרויס קאַפּיטאַליזם, וואָס וויל זיך לאָזען אויף דעם וועג פון אימפּעריאַליזם, וואָס וויל „פּריפּערעדנעס"; עס זיינען די פאַראינטערעסירטע פאַבריקאַנטען אין דער היים, וואָס ווילען דאָס; עס זיינען די פּאָליטישענס, וואָס ווייסען די מאַכט פון

## וועגען פריפערעדנעס

גרויס קאפיטאל אנצומאכען א באוועגונג און צו פאראינטערע־
סירען דאס פאלק, און זיי צוגרייטען פסיכאלאגיש פאר „פרי־
פערעדנעס", וואס ווילען דאס אויסנוצען פאר זייערע אייגענע
פאליטישע צוועקען.

# א י נ ה אַ ל ט: